# הערט א מעשה
# פון
# וואָלף טאַמבור

מאַראַמאַרעש-סיגעטער „טעג״
און אַנדערע דערציילונגען



פאַרלאַג קריטעריאָן, בוקארעשט 1985

# הערט: א מעשה מיט...

## ווי אזוי שרייבט מען א מעשה?

ווי אזוי מע שרייבט א מעשה?!

אוודאי איז עס שוין באוואוסט און עס איז שוין כמעט נישטאָ גאָרנישט וואָס מחדש צו זיין. אָבער דאָך ... מיין איך, אז נישט ביי יעדן איז עס גלייך. האָט דאָך יעדער איינער דערציילער זיין נוסח, זיין אופן פון געבורטס-ווי, זיין נוסח פון דערציילן, וואָס קומט אָן ביי יעדן איינעם אויף אַן אנדערן שטייגער, איז פאר וואָס זאָל איך איין מאָל נישט פאר-בעטן דעם חשובן לייענער, ווי סע טוען עס צו מאָל די רעזשיסאָרן, און ווייזן פאר דער אָפענער בינע, אָן א פירהאנג, ווי אזוי מע „שטעלט" א פיעסע, ווי אזוי מע „מאָנטירט" די טעאטער-רעקוויזיטן, ווי אזוי סע קומט פאָר דאָס מאסקירן די אקטיאָרן, ווי אזוי מען אָרגאניזירט די ליכט- און קלאנג-עפעקטן, וואָס באגלייטן דאָס געשפּילטע אויף דער בינע?

איז וועל איך עס איצט פּרואוון טון מיטן לייענער, איך וועל אים פאַרבעטן הינטערן פירהאנג, הינטער די קוליסן, כדי צו פּרואוון אים ווייזן אויך ווי אזוי א שרייבער דערציילט א מעשה.

אוודאי איז עס שוין באוואוסט, טייל דערציילער האָבן עס שוין ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אויסגעזאָגט פונעם „חדר", אז די ווער-טער צי גאנצע פראזעס קומען צו פליען און בעטן זיך ביים מחבר: מיט מיר הייב אָן דערציילן, מיט מיר ... נאָך מער, אפילו די אותיות, אויך זיי קומען און שטעלן זיך אין דער ריי: נעם מיך, מיך ... דווקא דערפאר קומט נישט זעלטן אוים, אז אפילו דער דערציילער גופא איז נישט בכוח אָפּצוזאָגן און נעמט אָן צו מאָל אן אות, צי אפילו א וואָרט, א גאנצע פראזע, וואָס איז אויך אים נישט דווקא צום הארצן, אָבער ער קאָן נישט

אָפּזאָגן און פאַרשעמען, בפרט ווען דאָס אות איז א הייליקס, דאָס וואָרט איז א שיינס, די פּראָזע איז א קלינגענדיקע, אפשר גאָר אויך צום גראַם, נו, ווי אזוי זשע קאָן מען מבייש זיין אזא וואָרט און עס נישט אָננעמען אונטער דער אָרעם, עס אונטערפירן בכבודיק און עס אוועקשטעלן אין דער שורה, אויך ווען עס איז דווקא נישט אזוי פּאַסיק צום ענין — סע קלינגט אָבער שיין?!

מיט דער טעמאַטיק איז צו מאָל אויך אזוי. אויך די מעשיות, וועלכע ליגן פאַרבאַהאַלטן אין א קעמערל פונעם מוח, קומען אויך ווי אַלע מיט א מאָל און שטופּן זיך צו מאָל און זאָגן מיט געבעט: נעם מיך, מיך...

דאָס געשעט דאָך, אייגנטלעך, ביי יעדן. נישט בלויז ביי א שרייבער. האָט עס דאָך שוין אויפגעקלערט זיגמונד פרויד אז דער מענטשלעכער מוח איז אייגעטיילט אין קעמערלעך, אין וועלכע סע ווערן אויפגעהיט אַלע געשעענישן, איבערלעבענישן, וואָס דער מענטש האָט אמאָל איבער־געלעבט, און אפילו זיי ממש נישט איבערגעלעבט, נאָר קוים געטראַכט וועגן זיי, ליגן זיי דאָרט אויסגעסדרט, ווי אין א קאַרטאָטעק, לויט גע־וויסע קאַטעגאָריעס און וואַרטן, וואַרטן ביז דער מענטש דאַרף זיי האָבן, און דעמאָלט קומען זיי צו גיין: אָט בין איך. מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס דער מענטש דערמאָנט זיך וועגן זאכן וואָס ער האָט אמאָל, אמאָל, ווען ער האָט זיי געזען, נישט געשענקט קיין גרויס אויפמערקזאַמקייט און איצט, ווען ער וויל זיך דערמאָנען — קומט עס ארויף אויפן זכרון: הנני, דאָ בין איך... מיט דעם דערקלערט זיך אויך, וואָס נישט זעלטן דערציילט א מענטש א געשעעניש, וואָס איז פּירגעקומען נישט לאַנג, אָבער א קלייניקייט, א נאָמען, וויל נישט קומען אויף די ליפּן, כאָטש האַק און בראָק — ניין, אדרבה, וואָס מער דער מענטש שטרענגט אָן זיין זכרון אז ער זאָל זיך דווקא יאָ דערמאָנען, פּונקט דעמאָלט פאַרשטויסט ער נאָך מער דעם דאָזיקן נאָמען, ערגעץ, אין א ווינקל, פון וועלכן ער קאָן אים מער נישט ארויסנעמען. אומזיסט די טירחא. אדרבה, ווען ער לאָזט אויף א שטיקל צייט איבער דאָס גריבלען אין די קעמערלעך פונעם מוח, קומט דער נאָמען ארויס אויף די ליפּן, כמעט ווי פון זיך אליין, אָן יעדן אָנשטרענג... אָבער, דעמאָלט טויג ער אים שוין נישט. איצט איז עס שוין עובר. ער באַדאַרף שוין מער נישט יענעם פאַרגעסענעם נאָמען.

ער האָט אים באַדאַרפט „פריער“, ווען ער האָט דערציילט. איצט איז ער שוין אַן איבעריקער. יאָ, נישט אַלע מאָל איז גילטיק דאָס ווערטל: בעסער שפּעטער איידער קיין מאָל. ניין, בעסער פריער ווי שפּעטער. אויב עס איז שוין צו שפּעט, איז שוין בעסער קיין מאָל...

איז וועט מען זיך נישט וואונדערן, אַז איך וועל דערציילן, אַז אויך איך האָב די מעשיות אויפגעזאַמלטע, פאַרבאָרגענע, איינמאַגאַזינירטע אין די קעמערלעך פונעם מוח, אָדער בעסער געזאָגט, ווי אין שופלעדלעך, אויסגערייט אין קאַטעגאָריעס, אפילו לויטן אלף-בית: אמת, אנגסט, אהבה; בענקשאַפט, באַשיידנקייט, ברכות; גדלות, גליק, גראָביאַנישקייט; דורותדיקייט, דערשלאָגנקייט, דאַנקשאַפט; הייליקייט, הונגער, האַלאָ-קויסט... און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער, לויטן אלף-בית, ביז צו דער תיו — תמצית, תשובה, תחיית-האומה...

יאָ, אַזוי זענען זיי ביי מיר אויסגעסדרט, אָבער זיי וואַרטן נישט אַלע מאָל אַז איך זאָל זיי אַרויסרופן און זיי געבן אַן אָרט אין דער צייט, זיי צו דערציילן, נאָר זיי שטופּן זיך, צו מאָל, אויך קעגן מיין רצון, און קומען אַרויס אויף דער שפּיץ פון דער פּען, אויב נישט ביים סאַמע אָנ-הייב, ווייל איך האָב זיך נישט געוואָלט מיט זיי מתעסק זיין — קומען זיי אונטער, ווי געזאָגט, אָן מיין רצון און צו מאָל אויך קעגן מיין רצון — און שטעלן זיך אין „גאַנג“, און איך מוז דערציילן וועגן זיי, הגם אָנגעהויבן האָב איך גאָר עפּעס אַנדערש. מע קאָן דאָס באַמערקן, בפרט ביי אַ מעשהלע, וואָס איך הייב אָן גאַנץ ערנסט און צו מאָל אויך אַ בי-סעלע טרויעריק — דעמאָלט קומט אונטער אַזאַ מין שטיפערישער טאָן, וואָס מאַכט קאַליע מיין גאַנץ ערנסטקייט און — אפילו צווישן די שורות קומט אַרויס אַ שמייכעלע, צו מאָל אַ חוזק-שמייכעלע, אַן איראָנישס, גלייך איך וואָלט חוזק געמאַכט פון מיר גופא, נישט בלויז פונעם לעבן, מיט וועלכן מע טאָר קיין מאָל נישט שפּאַסן... און, צו מאָל, פאַר וואָס זאָל איך נישט אָנערקענען, אַז אפילו ווען סע קומט מיר אויס צו דער-ציילן וועגן טויט (נו, ווער וואַגט דאָס צו שפּאַסן מיטן טויט?), קומט עס אויך אַרויס ווי (אמת, נישט קיין חוזק-שמייכעלע!) אַ ציניש שמייכע-לע... אויך דאָס ליגט פאַרבאַהאַלטן ערגעץ וואו אין אַ קעמערל פון מיין מוח. יאָ, אַ ליטעראַרישע אַרבעט האָט איר מקור אין „טרערן“. אָדער

מע וויינט אויף „גלות-השכינה“ (בפרט אין אונדזער דור, ווען סע מאנגלט נישט אין קלאָגענישן!) און מע רופט ארויס כאָטש א זיפץ אויך ביים לייענער, אָדער מע לאכט זיך אויס פון דער גאנצער וועלט, פון יעדן און אלעמען, אפילו פון זיך גופא, דווקא פון אוממאכטיקייט קעגן שלימזלדיקן גורל — לאכט מען איראָניש, אפילו ציניש, ביז טרערן. נאָר אזוי פרואווט מען ארייננארן צו פאנגען אויך דעם לייענער, אז אויך ער זאָל נישט בלייבן אין דרויסן, „קאלטבלוטיק“, נאָר מיטגעריסן צו דער שטימונג פונעם ארויסגעזאָגטן צי אפילו צו מאָל אויך צום נישט ארויסגעזאָגטן ... פארעווע מעשיות, אָן א קרעכץ צי אָן א שמייכל, זענען קיין ליטעראטור נישט. מחמת דעם פרואוו איך פארבעטן דעם לייענער מיטליידן, מיטלאכן, אָדער כאָטש מיטשמייכלען ...

יאָ, דאָס קאָן מען אָנטרעפן אין כמעט אלע מיינע דערציילונגען.

שרייב איך, ווידער, וועגן „אמת“ (ביי דער אלף!), קומט אויך ארויס צו מאָל א שטיקל, ווי מע זאָגט, כאָטש א פארמאסקירט אָדער פארשוויגן „שקרל“ ... שרייב איך וועגן „באשיידנקייט“ (ביי דער בית!), בלאָזט צו מאָל די גאווה צווישן די שורות. נו יאָ, איך זאָג עס טאקע אויס גאנץ אָפן, איך האָב דאָך צוגעזאָגט צו לאָזן דעם חשובן לייענער א קוק טון „הינטער די קוליסן“, כדי ער זאָל זען ווי אזוי סע ווערט באשאפן א מעשה, אָדער ווי אזוי מע קאָן אים אָפּנארן, אָן דעם אז ער זאָל זיך אפילו אָפּגעבן חשבון וועגן דעם.

אָבער, נישט אלע מאָל געשעט עס אזוי, בדרך כלל זעצט מען זיך אוועק ביים טיש מיט א ווייס בייגעלע פאפיר, מיט אן אויסגעשפּיצטן בלייער — און ...

וואָס דווקא צו שרייבן, דאָס ווייס איך נאָך נישט. איך נעם אפיר אין דמיון, ווי סע נעמט אפיר א „קאָמי-וואָיאזשאָר“ די מוסטערן, וואָס ער האָט פּירצולייגן פאר די קונים, קופּאָנען מיט פארשידענערליי געוועבן, פארשידענערליי קאָלירן, שטאָפן, זיידנס, סאמעט מכל-המינים: קלויבט אייך אויס.

אזוי קומען מיר די מעשיות און רייען זיך אויס אויפן שרייבטיש, ווי נישט-געזעענע קאָלירטע פייגעלעך, כדי איך זאָל מיר אויסקלייבן דאָס סאמע שענסטע ...

זאָל מען זשע וויסן, אז דעמאָלט, אין יענעם מאָמענט געשעט ווי מיט א קינד ווען מע גיט אים צו פיל מאכלים דעמאָלט עסט עם גאָרנישט. דער אפעטיט איז אהינגעקומען, ער איז שוין מער נישט הונגעריק... אנו, זאָל מען פרואוון אים אָפּזאָגן, אויך ווען ער פאָדערט קוים עסן, דעמאָלט וועט עס געוואַלדעווען: איך בין הונגעריק... דווקא ווייל זיי האָבן זיך אָנגעבאָטן מיט אזוי פיל עשירות, דווקא דעמאָלט זאָגט מען זיך אָפּ, מע ווייסט שוין נישט וועלכע מעשה איז שוין בילכער.

מחמת דעם געשעט צו מאָל, אז עס „פארהאקט" זיך און מע קאָן גאָרנישט דערציילן, ווייל מע ווייסט נישט וואָס אויסצוקלויבן, מיט וועלכער מעשה אָנצוהייבן... און אויב מע האָט צו מאָל שוין יאָ אָנגעהויבן קאָן מען נישט פאָרזעצן ווייל מען איז אריין א אין לאבירינט, אָדער אין א זאק-גאס און מע קאָן פון דאָרט נישט ארויס און דערציילן ווייטער, וואָס מע האָט אָנגעהויבן צו שפינען — דווקא ווייל עס איז אָנגעהויפט צו פיל וואָס צו דערציילן...

אנו, לאָמיר נאָר א טראכט טון אויף א ווייל: וואָס איז לייכטער אָנצונעמען א פריילעכע מעשה צי א טרויעריקע?

וועל איך אייך אויסזאָגן, אז מע קאָן אפילו אזוי נישט שטעלן די פראגע, און אוודאי קאָן מען נישט טרעפן אזוי לייכט דעם ענטפער. דער אמת איז, דאָס איז נישט אָפּהענגיק אינעם דערציילער. דער אויסקלייב ליגט נישט ביי אים אין די הענט, הגם די רעליגיעזע פילאָסאָפיע האלט אז עס עקזיסטירט „בחירה חפשית", אז דער מענטש קאָן זיך אויסקלייבן זיינע מעשים צו טון גוטס אָדער שלעכטס, מחמת דעם איז ער טאקע פאראנטוואָרטלעך און טראָגט דאָס אחריות פאר אלע זיינע טעטיקייטן. ניין, דער דערציילער גופא קאָן אויך נישט אויסקלייבן ווי אזוי און וואָס צו דערציילן. ער מעג זיין גוט אויפגעלייגט, צי להיפוך, ער זאָל זיין איינגעטונקען אין עצבות — אָבער די מעשה וואָס ער וועט דערציילן וועט נישט מוזן אָפּשפיגלען זיין געמיט. פאר וואָס? ווייל ער דערציילט דאָך, מיינסט, כדי צו אנטרינען פון זיין געמיט...

אייגנטלעך, וועט עס יאָ אָפּשפיגלען זיין געמיט-צושטאנד, אָבער נישט דאָס וואָס איז אָנזעעוודיק אויבנאויפיק, אויך ווען ער גופא מיינט צו מאָל אז ער איז גוט געלוינט, אויך דעמאָלט קאָן אָפּט געשען, אז ווי

נאָר ער וועט אָנהייבן דערציילן וועט זיך אפּיריאָוועז, ערגעץ פון א באַ-האַלטן מוח-קעמערל, א שטראַל פון ... אן „אוי". זעט איר, אָט דער דאָזיקער „אוי" כאַפּט זיך אַריין אין דער מעשה, אין א שורה, ווי אָן זיין ווילן, אָבער ער קאָן פון יענעם „אוי" נישט פּטור ווערן, ווי מע קאָן נישט פּטור ווערן פון קאָפּ-ווייטיק, פון א שד, רחמנא-ליצלן, טפוי ...

און, להיפוך, ביים דערציילן וועגן דער שואה (וואָס קאָן זיין טרויעריקער היינט, ווי צו דערציילן וועגן אומפאַרגעסלעכן אומקום?) און דאָך וועט זיך אַריינכאַפּן דאָ און דאָרט א ביטער שמייכעלע, וואָס לאָזט נישט אַריינפאַלן אין יאוש, לאָזט נישט אויסגיין דאָס חיות, וויינענדיק און קלאָגנדיק, און צו בלייבן אָן א פּיצעלע שטראַלעכל בטחון.

יאָ, אויך דער דערציילער ווערט אָפּט מאָל אַריינגעכאַפּט אינעם „שפּיל" און סע קומט גאָר אַרויס עפּעס אַנדערש, ווי אַזוי ער האָט לכתחילה געוואָלט אָנשרייבן. נאָך מער, דער מחבר זעצט זיך אַוועק אָנשרייבן א מעשה מיט א פּען, טונקט זי איין אין טינט, אָבער סע לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער האָט זי געטונקט אין אייגענע טרערן צי גאָר איינגבלוט פון זיין נשמה ... דערנאָכדעם, ווען מע האָט איבערגעשריבן די מעשה אויף דער שרייבמאַשין, געפינט ער אויס, אַז סע לייענט זיך כמעט גאָר עפּעס אַנדערש ווי וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיט דער האַנט, מיט דער פּען. און אוודאי און אוודאי שפּעטער, ווען עס איז שוין אָפּגעדרוקט, לייענט ער שוין גאָר גענצלעך עפּעס אַנדערש ... דאָס געדרוקטע סאַמע-וועט געוויינטלעך זייער ווינציק מיט דעם געשריבענעם. טאַקע מחמת דעם געשעט אָפּט, אַז דער מחבר ערגערט זיך און פרעגט: ווי אַזוי האָב איך געקאָנט עס אַזוי אָנשרייבן, אָדער אַזוי לאָזן אומאויסגעבעסערט, איידער עס איז אַריין אין דרוק?! ... אין דער אמתן איז אָבער געשעען דאָס נאַטירלעכע, אַז ער זאָל דאָס געשריבענע כתב-יד נישט האַלטן פאַר נייטיק אויסצוקאָריגירן, דאָס וואָס ער דערזעט ערשט איצט, אַז סע „גרילצט" אין די אויערן ...

קאָן מען דאָך זען באַשיימפּערלעך, אַז דער מענטש איז נישט א כל-יכול, ער טוט נישט תמיד וואָס ער „וויל", נאָר וואָס ער „קאָן" און אָפּט מאָל בלויז דאָס וואָס ער „מוז". אויך דער דערציילער דערציילט

נישט אלע מאָל דאָס וואָס ער וויל, נאָר דאָס וואָס ער מוז, בעת סע באַ־
פאַלן אים אַלע מעשיות פון זיין מוח, צי זכרון, און שרייען אויף א קול:
— דערציייל וועגן מיר.
— וועגן מיר דערציייל...
און פון אַלע זייטן קלינגט עס אָפּ ווי א ווידערקול צווישן בערג:
דערציייל...
און איך שטיי ווי א פאַרבלאָנדזשעטער און פאַרלוירענער צווישן
די מעשיות־זכרונות, געפינען נישט דעם וועג אָדער דעם אויסוועג וועמען
בילכער אָפּצוענטפערן...
... דערציילן?!
נו, וואָס צו דערציילן, דאָס איז א קלענערער ענין, אָט דאָס
פּראָבלעם קאָן מען לעזן לייכטער — שווערער איז צו לעזן אן אנדער
פּראָבלעם.
פריער, ביים אָנהייב, האָב איך געזאָגט אז איך וועל נאָכטון יענעם
רעזשיסאָר, וועלכער פאַרבעט דעם צושויער עולם, אז ער זאָל כאַפּן
א קוק הינטער די קוליסן און „זען" ווי אזוי מע שפּילט פאַר אים דאָס
ספּעקטאַקל — איצט, וואָלט דאָך געווען א יושר, אז איך זאָל פאַרבעטן
די אַקטיאָרן, אז אויך זיי זאָלן כאַפּן א „קוק" אין טעאַטער־זאַל...
מסתמא ווייסט יעדער איינער, אז ווען דער אַקטיאָר שפּילט אויף
דער בינע אפילו דעם סאַמע דראַמאַטישסטן מאָמענט, זעט ער נישט
דעם זאַל, די צושויער, ווייל די רעפלעקטאָרן שטעכן אדורך זיינע אויגן,
וועלכע ער האַלט געצילט צו א „פינצטערניש", וואָס הערשט אין זאַל.
יאָ, בעת די צושויער זיצן זיך געמיטלעך אין טונקעלן זאַל, וואָס קוים
זעען זיי זיך אָן איינער דעם אנדערן, געוואָנדן זייערע בליקן צו דער בינע,
וואָס איז באַלויכטן מיט פּראָזשעקטאָרן און מיט קאָלירטע ליכט־עפעקטן,
אין דער זעלביקער צייט, ווי געזאָגט, שטייט אָדער זיצט דער אַקטיאָר,
נישט נאָר נישט געמיטלעך נאָר מיט אָנגעשטרענגטע נערוון, אויפמערקזאַם
אויף יעדער באַוועגונג זיינער, אויף יעדן ריר, אויף יעדן פינטל מיטן אויג.
אפילו, ווייל ער פילט אויף זיך די פּראָזשעקטאָרן — און איז זיך משער
אז צוזן אים זענען געוואָנדן אזוי פיל אויגן פון די צושויער, הגם ער זעט
זיי נישט, ער פילט זיי אָבער... אדרבה, טייל צושויער מיינען, אז ווען

איינער פון זיי קאָן זיך נישט צוריקהאלטן און טוט א הוסט, מיינט ער אז ער האָט „געשטערט" דאָס שפּילן פון די אקטיאָרן. ניין, עס איז נישט אזוי. עס איז מעגלעך אז ער האָט טאקע יאָ געשטערט, אָבער נישט קיין איין אקטיאָר, נאָר אפשר זיין מיטצושויער, וועלכער קאָן אפשר אין יענער צייט נישט דערהערן פּינקטלעך א רעפּליק ... אדרבה, דער אק-טיאָר, ווען ער דערהערט א הוסט כאָטש, וואָס קומט פונעם פינצטערן זאל, וואו ער זעט לגמרי גאָרנישט און קיינעם נישט, דעמאָלט באקומט ער א געפיל פון דערמונטערונג, אז ער רעדט נישט צו די „ווענט", אז עס איז פאראן עמעצער אין זאל, וועלכער איז אויפמערקזאם און הערט זיך צו, קוקט זיך צו צו זיין שפּילן. טאקע מחמת דעם זענען זייער וויכטיק די אָוואציעס, ווייל זיי זאָגן אָן דעם אקטיאָר אז ער האָט נישט ארויס-געוואָרפן זיינע כוחות אומזיסט. דער אקטיאָר ווערט עס געוואויר עפּעס פריער, איידער דער פירהאנג פאלט, איידער דאָס ליכט צינדט זיך אָן אין זאל — פון א מורמל, פון א דערשטיקטן „לאך" וואָס א צושויער האָט נישט געקאָנט דערשטיקן, ווען אים האָט געפאלן א רעפּליק, א זשעסט ...

שטעלט אייך פאָר, כאָטש אויף איין מינוט, אז דער אקטיאָר שפּילט זיין ראָל, נישט דווקא אין א האמלעט, נאָר אפילו א מינערע, אָבער דאָך קאָסט אן אקטיאָר דאָס שפּילן אזוי פיל הארץ, אזוי פיל בלוט, אז ער פארצערט ממש פון זיין לעבן, טראָפּן נאָך טראָפּן, וואָס טריפט און מי-נערט אויך פון זיין געזונט, פון זיינע נערוון, וואָס פעלן זיך גראם נאָך גראם, און קאָן נישט דערזעצט ווערן נאָר טיילווייז ווען ער באקומט די הסכמה פון די צושויער, דורך זייער רעאגירן אויף זיין שפּילן, אז ער האָט נישט פארטראצעט זיין געזונט אומזיסט...

אנו, זאָל מען א טראכט טון, כאָטש איין מינוט, זאָל זיך „אָנצינדן" דאָס ליכט אין זאל אין סאמע אָנגעשטרענגטסטן שפּילן, אין דער סאמע אינטענסיווקייט, ווען דער אקטיאָר „פעכט" זיך נישט אזוי פיל מיט זיין מיטשפּילער אויף דער בינע, נאָר מיט זיך גופא, וועלכער איז אין יענעם מאָמענט געוואָרן „צוויי", איינער איז ער, דער מענטש, דער אקטיאָר, און דער צווייטער איז ער דער „פארשוין" וועלכן ער שטעלט מיט זיך פאָר ... אין סאמע העפּטיקסטן שפּילן ווערט זיך אָנצינדן דאָס ליכט

אין זאל, ווי דורך אן אינצידענט (פונקט אזוי ווי סע קאָן זיך אויף דער בינע אויסלעשן דאָס ליכט, אויך דורך אן אינצידענט!) און ער וועט זיך דערזען איינער אליין, קיינער איז אין זאל נישטאָ... אנו, ווי אזוי וועט ער אויסזען? נישט ווי איינער וואָס טוט זיך אויס נאקעט, צווישן די פיר ווענט פון זיין שלאָף־צימער, פּלוצים דערזעט ער גאָר דאָרט א מענגע מענטשן, וואָס זעען אים א נאקעטן?! ...

נו, וועט נאָך קאָנען אזאן אקטיאָר פאָרזעצן זיין שפּילן?!

צו וואָס דערמאָן איך אזא בילד?

לאָמיר נאָר א טראכט טון אויף איין ווײַלע, ווען מיר וועלן פארגלייכן, פונקט ווי פריער, דעם דערציילער מיטן אקטיאָר, אָבער דאָס מאָל וועלן מיר נישט „אָנצינדן" דאָס ליכט אין טונקעלן טעאטער־זאל, נאָר מיר וועלן א שטעל טון דעם דערציילער אין זעלביקן מצב, אז ער דערציילט זיין מעשה, אין א ליידיקן „זאל"... ער האָט נישט צו דערווארטן קיין לייענער?! ...

אין ווילט זיך דערציילן פאר די זייער חשובע אָבער דאָך ווינציקע יידיש־לייענער, אז אזעלכע מחשבות האָבן געמוזט באַוועגן דעם מחבר צו שרייבן וואָס מעגלעך מער פארשטענדלעכער, צוגענגלעכער, וואָס מער קלאָרער, אויסמיידן וויפל נאָר מעגלעך יענע דריי פּינטעלעך, וואָס האָבן דעם ציל אָפּצושטעלן, מע זאָל זיך אריינטראכטן און לייענען אויפמערקזאם אויך צווישן די שורות, בעת דער מחבר האָט ביי זיין בעסטן ווילן נישט געקאָנט אין די סאמע שורות ארויסשרייבן אלץ, צוליב געוויסע קינסטלערישע און אפילו נישט קינסטלערישע סיבות, פארשוויגן אָדער אָפּגעלייגט אייניקע טעמעס, אָדער זיי געפּרובירט ארויסזאָגן אין א פארקליידטער פאָרעם פון א מעטאפער צי א משל, אזוי אז דער נישט געוווינטשענער זאָל אויבנאויפיק דאָס נישט קאָנען גאָר לייכט אָנזען, אָבער דער אמתדיקער לייענער, צו וועלכן דער מחבר האָט זיך געוואָנדן מיט א געוויסן כיוון, אים האָט ער אוודאי געוואָלט עפּעס מודיע זיין, א מעסאזש, צו מאָל דווקא צווישן די שורות... נו, האָט זיך דאָך ארויסגעוויזן נישט זעלטן, אז טייל לייענער האָבן זיך שווערלעכער געכאפּט, וואָס דער מחבר איז אויסן געווען, וואָס זשע קאָן דערפון ארויסקומען? מחמת דעם האָט דער מחבר זיך גופא נישט זעלטן ממש „אמפּוטירט"

אויך אָן זיין ווילן. נישט גענוג וואָס ער האָט אזוי ווינציק יידיש-לייענער, האָט ער נאָך מיט זיינע אייגענע הענט, מיטן אופן ווי אזוי ער האָט געשריבן זיינע ווערק, אונטער אן אָנטייטנדיקער פּאָרעם, אפשר אויף א צו פיל אויסבאהאלטענעם אופן, פול מיט מיינען און אָנצוהערענישן, וואָס ער האָט ארייננעלייגט אין זיינע פּסוקים, איז גאָר ארויסגעקומען אז ווינציקער האָבן אים געקאָנט פארשטיין. נו, איז וואָס האָט ער דערמיט אויפגעטון?! ... ווינציקער צימצום אין באַרעדעוודיקייט איז פארשטענדלעך פאר יעדן און, דאכט זיך, אז אלע מאָל, אין אלע דורות. אָבער וויפל יידיש-לייענער זענען נאָך פארבליבן וואָס זאָלן זוכן פארבאָרגענע טיפע מיינען דורך סימבאָליסטיק, מיט אָנצוהערענישן?

אָט דאָס האָט געמוזט צווינגען צום טראכטן, אז מיט רמזימדיקער פּראָזע צי פּאָעזיע וועט מען שוין היינט ווייט נישט דערגיין, וועט מען פארלירן אויך פון יענעם קליינינקן פארענגערטן קרייזל יידיש-לייענער ... אוודאי איז עס בעסער און בילכער, ווען מע קען שרייבן אזוי, ווי מע קאָכט אן איי, צו מאָל לויז און צו מאָל הארטלעך, אז סע זאָל זיין גוט פארן פּשוטן לייענער און גלייכצייטיק זאָל עס זיין אויך פאר יענע, וועמען סע געפעלט א „געדאנק“, א ווערטל, א פּערל פון א וואָרט-שפּיל ... אָבער ווער קאָן צו דעם זוכה זיין?

זאָל מען אָבער נישט מיינען אז די דאָזיקע מחשבות מוזן דערפירן צו יאוש. חלילה. אדרבה, מיטן מינערן פון דער צאָל לייענער אין יידיש באקומט די איכות, די קוואליטעט, מער חשיבות. מע דערנענטערט זיך צו דער מדריגה פון אן אינקונאבעל ... זאָל מען אפילו נישט שמייכלען. די טיראזשן פון די היינטיקע זענען ווי די פון אינקונאבלען, די זעצער און דרוקער זענען אין די תפוצות מיינסט נישט-יידן, ווי ביי די אינקונאבלען, קוים זענען די מחברים און קאָרעקטאָרן געבליבן יידן ... אמת, די אינקונאבלען זענען געווען ערשטע טריט אינעם גאנג ארויף, בעת די איצטיקע יידישע „אינקונאבלען“ זענען כמעט לעצטע טריט, חלילה, פארן אראָפּ ... דאָך זענען פאראן נאָך אזעלכע בעלי-מאמינים, פאנאטיקער, וועלכע גלייבן, און זענען הייליק איינגערעדט ביי זיך צו בלייבן ביי זייער גלויבן, אז די דאָזיקע ביכער וועלן נאָך אמאָל זיין זעלטענע

יקר-המציאותן, אין זיי וועט מען אַמאָל זוכן, פאָרשן און נישטערן, ווי אין די אמאָליקע זעלטענע אינקונאַבלען...

דאָס איז עס. אזוי איז דער גורל פון א היינטיקן יידישן שרייבער, פון א היינטיקן יידישן אקטיאָר...

נו, וואָס קאָן מען זאָגן וועגן גורל פון א יידישן אקטיאָר, אין א היינטיקן יידישן טעאַטער? ... נו, וואָס קאָן מען זאָגן וועגן א היינטיקן יידישן שרייבער, אין דעם שענסטן, זאַפטיקסטן, חנעוודיקסטן יידישן מאמע-לשון?

מאמע-לשון?! ... וואו איז די מאמע און וואו איז דאָס לשון? ... קודם האָט די מאמע פארלוירן דאָס לשון, דערנאָכדעם האָט דאָס לשון פארלוירן די מאמע — איז געבליבן פאריתומט דער יידישער דיכטער און דערציילער, דער מקונן און באַזינגער — אָן מאמע-לשון...

... הייבט זיך אָן א מעשה! ...
פון מיינע מאראַמאָרעשער מעשיות...

# מיינע מאראמאָרעש־סיגעטער „טעג״

טאָג־איין, טאָג־אויס,
אויף א זיגזאגיקן וועג;
דאָ אריין, דאָרט ארויס,
געגעסן האָב מיינע „טעג״.

לעבן ווי א טרוים איז,
א גאָך נישט באשיידטער;
גראָע יוגנט־חלומות,
געווען מיינע באגלייטער.

הארטע יאָרן שפּיציקע,
שווערע טעג פעלדזיקע,
שטעקן אין מיין זכרון —
גאָרנישט געגאן איז פארלאָרן.

קאָשמארישע יוגנט־טרוימען,
שווער געווען צו צוימען;
ערגעץ זענען זיי געבליבן,
הגם גאָך נישט אלץ באשריבן.

זייער אומעטיקער געלויף,
אין זעלטענעם ארויף,
אָבער ווי אין גאלאָפּ,
זיך געקוילערט מער אראָפּ;

מיט אומרואיקן אָנרעג,
אויף א געשלענגלטן וועג,
צו זוכן בעסערע צייטן —
די אלטע אויפצובייטן...

בין איך אין האַסטיקן געיעג,
אין קלעם פון הונגער-טעג,
פון גראָע חדשים און יאָרן,
כמעט אין ערגעץ נישט דערפאָרן.

בלאָנדזשענדיק אין אומוועגן,
בין איך גאָר דערגאַנגען,
ווי א בלינדער יעגער —
אליין אין נעץ זיך צו פאנגען.

מיינע שעהען, מיינע טעג,
צעטרענצלט כ'האָב אויפן וועג;
ווי א נאַריש פארלוירן קינד,
פארפירט פון אומשולדיקע זינד.

צווישן שינאה און האס,
(אין דער קלויסטער-גאס!),
געטריבן פון שטורעמווינטן,
אין גלותדיקע לאבירינטן...

... געזוכט אן אנדערן וועג,
פאר יושרדיקע בעסערע „טעג",
סיי פאר עתיד'דיקע „דאָרטנס",
סיי פאר עבר'דיקע „דאָ"ען.

אלץ האָב איך צעטרענצלט,
אויפן דערנערדיקן וועג,
פון גראָע וואָכעדיקע שעהען.
און אויך הייליקע טעג...

# ביי פרעמדע טישן

קיינער האָט מיך נישט אוועקגעשיקט, אָדער ווי מע זאָגט, „פאַר־טריבן" פון דער היים. פון דער ווארעמער מוטערלעכער נעסט. איך אליין, פון דער אייגענער איניציאַטיוו האָב זיך געבעטן ברחמים ביי מיין פאָטער, זכרונו לברכה, ער זאָל מיך צום ערשטן מאָל ארויספירן פונעם געבורט־שטעטל, מיך מיטנעמען קיין סיגעט, וואו ער איז דעמאָלט גע־ווען תלמוד־תורה מלמד, כדי איך זאָל אויך לערנען אין שטאָט. סיגעט איז דאָך דעמאָלט געווען פאר מיר א באַגריף פון א גרויסער שטאָט, די הויפּטשטאָט פון מאַראַמאָרעשער געגנט.

איך קאָן נישט זאָגן וואָס עס איז געווען פאר מיר וויכטיקער: אוועק־צוגיין פונעם געבורט־שטעטל צי אָנצוקומען אין שטאָט אריין. דאָך, דאכט זיך, אז דאָס „אוועקגיין", ווי כמעט תמיד, איז וויכטיקער ווי דאָס „אָנ־קומען"... פאר וואָס איך האָב געוואָלט אוועק פון דער היים, וועל איך אפשר דערציילן א ביסעלע שפּעטער צי גאָר ביי אן אנדערער געלעגנהייט. איצט, ביים סאמע אָנהייב, וויל איך נישט אָפּווייכן פונעם וועג, אויף וועלכן איך לאָז זיך, נישט מיט ווינציק צוריקגעהאלטנקייט, ווייל עס איז דאָך נישט זייער פריילעך צו דערציילן ווי אזוי איך האָב מיר „אויפ־געגעסן" מיינע „טעג". איך ווייס, אויך דאָס איז נישט ניי. מע האָט שוין וועגן דעם דערציילט און דערציילט, אז איך בין אין ספק צי סע וועט מיר קוים־קוים איבערבלייבן עפּעס מחדש צו זיין. אָבער אזוי ווי דאָס מאַראַמאָרעשער יידישע שטעטל איז שוין מער נישטאָ אין ערגעץ נישט, אפילו די וואָכנדיקע יידן פון א גאנץ יאָר זענען אויך שוין פאר־וואנדלט געוואָרן אין „קדושים"; נישטאָ שוין יענץ שטעטל אין יענער פאָרעם אין וועלכער איך האָב זיך אויסגעלעבט אין מיינע יוגנט־יאָרן

איבערגעפּולט מיט יידישקייט, זייער אָפּט מיט יידישע צרות און זאָרגן און נאָר זייער זעלטן מיט יידישע שימחות, איז האַלט איך עס פאַר מיין חוב עס צו איבערדערציילן, כדי די קומענדיקע דורות, אויב סע וועלן זיך געפינען אַזעלכע וואָס וועלן האָבן אינטערעס אויסצופאָרשן ווי אַזוי מאַראַמאַרעשער יידן האָבן „געמאַכט אַ לעבן" — וועלן זיי אפשר געפינען ביי מיר כאָטש אַ ביסעלע ידיעות וועגן די עטלעכע יידן, ביי וועלכע איך האָב געגעסן „טעג".

ווי געזאָגט, האָב איך געמוזט זיך שטאַרק בעטן ביי מיין פאָטער ער זאָל מיך מיטנעמען. פאַר וואָס איך האָב זיך געדאַרפט אַזוי בעטן? ווייל מיין פאָטער האָט געהאַט אַ כלל, און האָט אים אָפט איבערגעחזרט, אַז אַ פּאַסטעך טאָר נישט האָבן אין זיין טשערעדע זיין אן אייגענע שאָף. די בעלי־בתים קאָנען אים חושד זיין אַז ער גיט אַכט מער אויף זיין לייבלעכער שאָף... מהאי טעמא האָט ער געהאַלטן אַז אַ מלמד זאָל נישט האָבן אין זיין חדר קיין גאָר נאָענטן קרוב, בפרט זיין אייגן יינגל. ער מוז אים שיקן צו אַן אַנדערן מלמד.

אחוץ דעם האָט מיין פאָטער דעמאָלט געהאַט אין זיין חדר קלענערע קינדער פון מיר. זיינע תלמידים זענען אייגנטלעך נישט געווען יינגער פון מיר, נאָר זיי זענען געווען נידעריקער מיט אַ מדריגה פון מיינע קענטענישן, אַזוי אַז סיי ווי סיי וועט ער מיך דאַרפן שיקן צו אַן אַנדערן מלמד, וועלכער לערנט אויך יורה־דעה. דער פאָטער האָט דעמאָלט געלערנט מיט זיינע תלמידים בלויז גמרא און תוספות.

בין איך טאַקע געווען אַ „קענער" אין גמרא, געקאָנט אַליין „לייענען" אַ בלאַט גמרא, אָבער אין יורה־דעה, בפרט אין פּרי־מגדים, בין איך לײדער געווען אַ געליימטער טערק. אָבער וועגן דעם וועל איך דערציילן שפּעטער אַ ביסל. איצט וועל איך בלויז זאָגן דאָס נייטיקסטע, אַז איבערלאָזנדיק די היים, אָדער ווי מע פלעג זאָגן, „אַרויסגיין פון אונטער דער מוטערס פאַרטעך", בין איך אָנגעקומען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן צו פרעמדע טישן. דאָס הייסט, צו עסן „טעג".

צו ערשט האָט מיר פאַרשאַפט די טעג טאַקע די מוטער, זכרונה לברכה. זי איז געגאַנגען צו אירע באַקאַנטע, אָדער אַפּירגעזוכט אַ

באַבעם אַ צוואָק, עפּעס אַ מין ווייטן קרוב, וועלכער האָט „געמוזט" מיר געבן אַ „טאָג", עס איז דאָך געווען זיין אַ חוב.

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז קיין גאָר גרויסע דאגה איז עס דעמאָלט אין סיגעט דאָך נישט געווען. אַזוי ווי אַנדערע ייִנגלעך האָבן געפונען „טעג", וועל איך אויך מיר מוזן געפינען. איך האָב נאָר גע-האַט דעם פּירטייל, וואָס איך האָב עס נישט געמוזט טון אַליין שוין ביים סאַמע אָנהייב, נאָר די מוטער האָט עס מיר דערוויל פאַרזאָרגט. שפּעטער האָב איך זיך אויך אַליין פאַרזאָרגט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל נישט דערציילן פּינקטלעך ביי וועמען איך האָב געגעסן די „טעג". איך וועל אויך נישט אָנרופן קיין פּינקט-לעכן נאָמען. צו וואָס טויגן נעמען? אפשר לעבט נאָך עמעצער פון אַ מישפּחה, אפשר איז ערגעץ נאָך איבערגעבליבן אַ יורש נאָך אוישוויץ — פאַר וואָס זאָל איך אים פאַרשאַפן עגמת-נפש, פאַר וואָס זאָל ער האָבן תרעומות אויף מיר, אַז מיר האָט זיך נישט איינגעגעבן באַשרייבן אין די סאַמע ליכטיקסטע קאָלירן זייער אַמאָליק הויז, אָדער גאָר סתם ווי אַזוי איך האָב דערציילט ווי אַזוי מע האָט אַמאָל געלעבט אין אַמאָליקן יידישן סיגעט?!

אַנומלט, בעת איך האָב באַזוכט ישׂראל, האָב איך דערמאָנט מיין אַ פאַרמעגלעכן ידיד, אַז ער האָט אַמאָל-אַמאָל, אין זיינע קינדער-יאָרן, נישט געלעקט קיין האָניק אין זיין היים, אין וועלכער סע האָט ממש גע-הערשט דער דלות — האָט ער זיך געבייזערט. אדרבה, ער האָט געזאָגט אַז עס איז גאָרנישט אמת. זיי זענען געווען כמעט גבירים... סע האָט געדויערט לאַנג ביז איך האָב אים געעפנט די אויגן, אַז זיי האָבן אָפּט מאָל כמעט נישט געהאַט דאָס שטיקל ברויט, און אַז זיין פאָטער האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען אויף שבת-הוצאות.

דעמאָלט האָב איך זיך אָן איבעריק מאָל איבערצייגט, אַז נישט נאָר וואָס ער האָט פאַרגעסן, נאָר ער וויל זיך שוין אפילו נישט דערמאָנען אַז ער האָט געהאַט אָרעמע קינדער- און יוגנט-יאָרן. איך האָב זיך אויך איבערצייגט מיט איין מאָל מער, אַז דער מענטש געדענקט בלויז דאָס וואָס ער וויל געדענקען. איז צו וואָס זשע זאָל איך פּוגע-בכבוד זיין, ווען נישט דאָס איז מיין ציל, מיטן דערציילן?!

איז וועלן זיין בלויז די פירנעמען (אויך זיי נישט דווקא די ריכטיקע!) און נישט די נעמען.

איך וועל נישט אָנהייבן דערציילן מיטן „זונטיק“, וואו איך האָב געגעסן דאָ און „מאָנטיק“ — דאָרט, און אזוי ווייטער. נאָר אָפּט מאָל איבערגעהיפּערט, נישט בלויז די טעג נאָר אויך די יאָרן. אין צווישן וועל איך, פארשטייט זיך, קאָנען אָפּווייכן און אריינדערציילן אויך דאָס וואָס ווייזט אויס צו זיין א זייטיקער ענין, אָבער וואָס האָט דאָך געהערט צו יענער צייט און סביבה, האָבנדיק ממילא א נאָענטן שייכות צום דערציילטן.

אין ערשטן „זמן“ האָב איך געשלאָפן צוזאמען מיטן פאָטער, אין חדר. דאָס הייסט, אז אין ווינקל איז געווען א בעט מיט א שטרויזאק. בעטגעוואנט האָט מען מיטגעבראכט פון דער היים. מחמת דעם האָב איך תמיד געמוזט זייער פרי אויפשטיין, אז ווען די תלמידים קומען אין חדר זאָלן זיי שוין געפינען דאָס בעט צוגעבעט. אויב עס איז א מאָל געשען און איך האָב א ביסל פארשלאָפן און דער פאָטער האָט מיך נישט אויפגעוועקט (דעם טאטנס „מוטערלעכע“ הארץ האָט אים נישט געלאָזט מיך אויפוועקן!) בין איך אויפגעשפרונגען פונעם געלעגער ווי אן איבערגעשראָקענער האָז און גיך אָפּגעגאָסן די נעגל און זיך אָנגעטון, כדי נישט צו שטערן דעם לימוד פונעם חדר.

אָבער דאָס איז זעלטן געשען. ווייל סע זענען געווען יידן, וועלכע האָבן מסתמא נישט געקאָנט שלאָפן, צוליב די צו פיל חובות וואָס זיי האָבן נישט געהאט פון וואנען צו באצאָלן, האָבן זיי אויך דעם רבונו-של-עולם נישט געלאָזט „שלאָפן“, זענען זיי געקומען אין תלמוד-תורה בית-המדרש און געמאכט „געוואלדעס“, האָבן געזאָגט תהילים אויף א קול, אז אין מיינע קינדערישע חלומות האָב איך געזען דוד-המלך שפילן מיט זיין הארף מיזמורים, באגלייט פון פליגל-געפלאטער פון קליינע מלאָכימלעך, מסתמא פון מיין עלטער ... אויב איך קאָן נאָך היינט קאָפּיטלעך תהילים אויסנווייניק, איז זענען זיי געבליבן אין מיין זכרון פון יענע פרימאָרגנס, ווען זיי האָבן זיך מיר איינגעקריצט טיף, טיף, צוזאמען מיטן תחנונימדיקן ניגון, דעם ספּעציעלן תהילים-ניגון, די השתפּכות-הנפשדיקע מעלאָדיע, מיט וועלכער מע קאָן מאכן ממש א לאָך אפילו אין הימל, מע קאָן ממש אויפוועקן מתים, מאכן לייכט דאָס גע-

בוירן פון א מקשה־לילד, מע קאָן אָפּשטעלן מגיפות — וואָס קאָן מען דען נישט אויפטון מיט תהילים זאָגן?! — מע קאָן אפילו אָפּשטעלן די צייט זי זאָל מער נישט רינען...

אגב, וועל איך מיר דערלויבן באמערקן, אז דאָס וואָס מע האָט דער־פונדן פעניצילין, קאָרטיזאָן צי אנדערע רפואות, וואָס האָבן אין זייער צייט ממש רעוואָלוציאָנירט די מאָדערנע מעדיצין — דאָס אלץ איז בלאָטע שבבלאָטע. ביי אונדז אין מאראמאָרעש האָט יעדער איינער געוואוסט נישט פון דאָקטערישע רעצעפּט־פארשרייבעכץ, נאָר פון איינעמער „דער־פארונג", אז איין קאפיטל תהילים, וואָס מע זאָגט מיט הארץ (געווען אזעלכע ספּעציאליסטן, יידן וועלכע האָבן געזאָגט תהילים, ממש דעקלאמאטאָריש, רעציטירט!) קאָן מען רירן פונעם אָרט אויך א שטיין... נאָך מער, בעת סיי וועלכע מעדיצין, אויך די בעסטע, וואָס העלפט צו היילן איין וויטיק, איז זי אָבער אין דער זעלביקער צייט אויך שעדלעך צון אן אנדערן מיחוש — תהילים אָבער, איז באוואוסט, שאדט נישט קיין מאָל צו גאָר נישט...

ווער ווייסט דען נישט דעם כוח פון תהילים?!

כדי מע זאָל נישט מיינען אז דאָס דאָזיקע שלאָף־צימער מיינס איז געווען פאר מיר בלויז אן אָפּקומעניש, וואו איך האָב זיך קיין מאָל נישט געקאָנט גוט אויסרוען, אזוי ווי סע וואָלט געווען נייטיק פאר מיין דעמאָל־טיקער עלטער, וועל איך אויסזאָגן דעם אמת, אז איך האָב נישט זעלטן געהאט אויך פּירטיילן, ווייל דער שמש האָט מיך קיין מאָל נישט פארגעסן. ווען עס איז געווען א יאָרצייט (און ווען איז ביי יידן נישטאָ קיין יאָר־צייט?) און עס איז איבערגעבליבן א קיכל אָדער א שטיקל לעקעך, האָט ער אין זינען געהאט און אריינגעבראכט, אויב נישט אויך א גלעזעלע סליבאָוויצע פארן פאָטער, אז ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו דערכאפּן דאָס חיות, האָט ער כאָטש מיר געבראכט א שטיקעלע געבעקס, א קיכל, א שטיקל לעקעך און זעלטן אויך א שטיקל טאָרט.

צו מאָל, ווען שמוקלער איז געווען גוט אויפגעלייגט, פלעגט ער אויך אריינקומען, צונויפבאָמבלען אומפארשטענדלעכע רייד, וואָס האָבן זיך געשיט פון זיין מויל ווי ארבעס פון א צעריסענעם זאק. מע האָט קוים געקאָנט פארשטיין זיינע מבולבלע רייד אז ער בעט א „פּאפּיראָס"...

דארף מען אונטערשטרייכן, אז אין סיגעט האָט מען נישט געזאָגט „פּאַ-פּיראָס". מע פלעג זאָגן „ציגארעטל". אָבער שמוקלער, וועלכער איז נישט געווען קיין דאָיקער, נאָר דאָ איבערגעבליבן זינט דער ערשטער וועלט-מילחמה, האָט גערעדט א מין דייטשמעריש לשון, ארייננגעוואָרפן רוסישע ווערטער, און בפרט דעם „פּאַפּיראָס".

צו וואָס האָב איך דאָ דערמאָנט שמוקלערן? ווייל מע קאָן נישט רעדן וועגן סיגעטער תלמוד-תורה בית-המדרש און נישט דערמאָנען דעם דאָזיקן פּארשוין, וועלכער איז געווען א נישט-היגער, אָבער געוואָרן א תושב נישט אין דער שטאָט סיגעט, נאָר אין סיגעטער תלמוד-תורה בית-המדרש. מע פלעג זאָגן, אז ער זאָל געווען זיין אמאָל אן אָפיציר אין רוסישן מיליטער און דאָ פארבליבן נאָך דער מילחמה. אמת, ער איז געווען א ביסעלע געררירט פונעם שכל הישר. דאָס הייסט, אז מע האָט אים נישט געקאָנט האלטן פאר קיין נאָרמאלן. אָבער ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט געטון קיין בייז. אפשר וועל איך זיך נאָך אמאָל אומקערן צו אים אין מיינע שפּעטערדיקע שילדערונגען, אויב סע וועט סטייען אָטעם אָפּצוגעבן זיך א ביסעלע אויך מיט אים.

פּונקט אזוי קאָן איך נישט אויסמיידן און נישט דערמאָנען וועגן ר' אביגדורן, וועלכער האָט געדאווגט גאנץ פרי, ביים ערשטן מנין, אויפגעוועקט מיט זיינע געשרייען און תפילהדיקע געוואַלדעס, אפילו דעם ריבונו-של-עולם און מסתמא אויך יענע יינגעטשקע מלאָכימלעך וועלכע וואָלטן פּונקט ווי איך נאָך אפשר געוואָלט שלאָפן, אָדער גאָר נאָך א ביסעלע דרימלען און חלומען הימלישע צי גן-עדנישע פלי-טערלעך... ווען ער האָט שבת נאָך מיטאָג געלערנט פרק מיטן עולם, האָט מען געקאָנט הערן אויף א האלבער שטאָט. דאָס האָט שוין געהערט צו דער סיגעטער סביבה. אויך נישט-יידן האָבן שוין געוואוסט פון דער דאָזיקער סינאגאָגישער „סלוזשבע", האָבן זיך שוין אזוי צו דעם צוגע-וויינט, אז אויב סע וואָלט איין מאָל ארויסגעבליבן, וואָלטן זיי זיך נייטש געפילט באקוועם. סע וואָלט זיך באמערקט, אז עפּעס פעלט פונעם „פּיי-סאזש"... גלויבן, זאָגט מען היינט, איז א פּריוואט-זאך: ווילסט גלייבן, גלייב; ווילסט נישט, גלייב נישט. נו, ווער קאָן מיר איצט פארווערן אז איך זאָל יאָ גלייבן, אז מסתמא געפינט זיך נאָך אין סיגעט א נישט-ייד,

פונעם עלטערן דור, וועלכער באדויערט נאָך, וואָס היינט הערט ער שוין נישט יענע יידישע געטומלעניש פון דער סינאגאָגע, ווייל נאָך אוישוויץ זענען שוין די מתפללים נישטאָ און אויך די סינאגאָגעס זענען אָפּגע-ווישט געוואָרן פון דער סיגעטער הייליקער ערד?! ...

אָבער איך וויל דאָך איצט נישט דערציילן וועגן דאַווענען, נאָר וועגן עסן ... וועל איך אָנהייבן — מיט וואָס? מיט שבתדיקע הייליקע מאכלים, באגלייט מיט זמירות צי מיט זונטיקדיקע וואָכנדיקע סעודות, מיטן ערשטן טאָג פון דער יידישער וואָך?

... עסן. הע-הע, עסן ...

*

עסן ... קאָן מען דאָך פרעגן: לעבט דען דער מענטש אויף דער דאָ-זיקער זינדיקער ערד, נאָר אויף אזוי פיל כדי ער זאָל עסן? ניין, ניין. „נישט בלויז צוליב ברויט אליין לעבט דער מענטש" — ווערט געזאָגט אין חומשל. אָט דאָס איז א יידישקייט-פילאָסאָפישער פרינציפ וואָס האָט מיך, ווי יעדעם יידישע יינגל פון מאראמאָרעש, באגלייט און גע-לערנט מאכן די ערשטע טריט אויף מיין דערנערדיקן לעבנסוועג. יאָ, טעאָרעטיש איז עס טאקע אזוי. אָבער, צוריק געשמועסט, קאָן דען א מענטש לעבן בלויז מיט „טעאָריעס"? אָט פאר וואָס איך בין געצוואונגען געווען אָפּצונייגן פון דאָזיקן טעאָרעטיש-פילאָסאָפישן פרינציפ און טאקע באלד בין איך געוואויר געוואָרן אויך אן אנדערן, פונקט אזא וויכטיקן פילאָסאָפישן פרינציפ, אז „אויב עס איז נישטאָ קיין ברויט — איז נישטאָ קיין תורה-לערנען". יאָ, קודם דארף מען עסן — א מענטש קאָן נישט לעבן בלויז מיט יענער תורה, וואָס איך בין געגאנגען לערנען אין סיגעט. מעג מען זשע מאכן א קליינע הפסקה און בדרך-אגב דערציילן וועגן אן אנדערן, מיט כמעט דעם זעלביקן (אָדער גאָר מיט א פיל גרע-סערן!) הונגער-גורל. א מענטש, אָדער בעסער געזאָגט, א יינגל אין מיינע יאָרן האָט זיך גלייכצייטיק אין כמעט די זעלביקע טעג אויך ארויסגעלאָזט קיין סיגעט, גלייך ווי איך, אויף געיעג.

בעת איך האָב זיך געלאָזט אין געיעג נאָך וויסן, נאָך תורה לערנען, און דאָס עסן די טעג זענען געווען בלויז א נעבנזאך, אן אומפארמייד-

לעבם, אָנצוקומען אָדער אדורכצוקומען און קאָנען לערנען — האָט זיך איינער, לאָמיר אים אָנרופן „יאָסל דער הונגעריקער״ ארויסגעלאָזט אויף גנייענג — נאָך א שטיקל ברויט. דאָס איז אין דעם פאל נישט קיין מעטאַ-פאָר, נאָר ממש נאָך א שטיקל ברויט, וואָס ער האָט אין זיין אָרעמער, דלותדיקער, הונגעריקער היים, ביי זיינע עלטערן (אז אָך און וויי צוז אזעלכע עלטערן!) נישט געהאט. גיין.

באין-ברירה האָט ער זיך געלאָזט אויפן אומפארמיידלעכן וועג קיין סיגעט, צו געפינען דעם געגארטן ביסן ברויט...

ברויט... נישט יעדער בשר-ודם ווייסט אָפּצושאצן דאָס וואָרט, פארשטייט נישט די וויכטיקייט אין לעבן פונעם דאָזיקן באגריף. נאָר בלויז יענער וועלכער האָט אמאָל געהונגערט...

# ברויט

ווען מע זאָל עמעצן פרעגן: וואָס איז דאָס ליבסטע פאַר א קינד, וואָס גאַרט צום מערסטן א קינד, וואָס חלומט א קינד ווען סע זויגט דעם אייגענעם פינגער? ווען מע זאָל עמעצן דאָס פרעגן, אז ער זאָל ענט־פערן אומגעטראכט — וועט ער גאַנץ זיכער ענטפערן אז צוקערלעך, שאָקאָלאַד, זיסוואַרג.

דאָס וואָלט טאַקע אפשר ריכטיק געווען פאַר פיל קינדער, אָבער בשום אופן נישט פאַר אזעלכע ווי יאָסעלע דער הונגעריקער. ער האָט מסתמא קיין מאָל נישט געגאַרט נאָך זיסוואַרג. נישט ווייל ער האָט עס געהאַט, נישט ווייל אים וואָלט נישט גוט געפאַלן קיין זיסוואַרג וואָס ער האָט נאָך כמעט נישט טועם געווען, נאָר פשוט, ווייל זיין בענקעניש איז אויסגעכאָוועט געוואָרן אין אן אנדערער ריכטונג. אין זיינע זיסטע חלו־מות האָט ער נישט געזען קיין שאָקאָלאַד נאָר דעם גערוך פון א „וועקן“, א לאַנגעכיק ברייטל, א שניי ווייס פון אינעווייניק, פון אויסנווייניק איז עס שיין געברוינט, באַשפּריצט מיט קימל־קערנדלעך, געבאַקן נישט אין דער היים, נאָר אין א סיגעטער בעקעריי... וויי, ווי פיין דאָס שמעקט אזא ברייטל! בלויז איין מאָל האָט ער טועם געווען א גאָר קליין שטי־קעלע, איין איינציקן ביס, כמעט נישט מער ווי א ברעקל, וואָס סע האָט אים געשאָנקען אן אנדער קינד, וועמעס מוטער האָט געבראַכט פון סיגעט אזא מין וועקנדל, א חלהקעלע... אזא מין ברויט קאָן מען עסן הויל, אָן גאָרנישט, דער טעם איז דאָך ממש ווי פון מן, וועגן וועלכן ער האָט גע־שלונגען די סלינעס, ווען ער האָט געלערנט אין חומש אז סע האָט געהאַט אלע טעמים, מע זאָל עסן מיט אנדער עסנוואַרג וואָלט מען דאָך אוודאי

קאַליע געמאַכט די גאַנצע הנאָה. און ווער וועט וואַגן טון אַזאַ נאַריש־קייט, קאַליע צו מאַכן אַזאַ געשמאַק מאכל?

און אָט דער דאָזיקער געשמאַק פון ברויט האָט אים, יאָסעלען, אַרויס־געטריבן פון דער היים.

אָנקומענדיק קיין סיגעט, האַלב צו פוס און האַלב אויפגעהאָנגען אויף אַ טעלעגע, וואָס האָט געפירט אַ דעמב צום גאַטער, האָט ער נישט געוואוסט וואוהין זיך צו לאָזן גיין. האָט ער קודם אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן, נישט ווי אַ פרייער פויגל, נאָר ווי אַ הונגעריקער הונט אָן אַ בעל־בית, וועמען ער האָט כמעט קיין מאָל נישט געהאַט, אויך נישט אין דער היים. ווער זאָל געווען בעלבתעווען איבער אים, זיין קרו־מער פאָטער? זיין קראַנקע מוטער, וועלכע איז אַ „נישט־דערמאַכטע‟, אַ גאַנצער שוטה? דאָ, אין שטעטל, קאָן אים קיינער נישט. קיינער וועט אים נישט פרעגן אָדער זאָגן אַז ער טוט עפּעס גוט אָדער שלעכט. ער איז פרייער ווי אַ הונט אָן אַ בעל־בית. אָבער אויך ווי אַ הונט, וואָס האָט נישט ווער סע זאָל זיך מיט אים אינטערעסירן צי ער האָט שוין עפּעס געגעסן היינט צי נישט...

אָבער נישט בלויז מיט דעם האָט מען געקאָנט פאַרגלייכן זיין מזל מיט יענעם פון אַ הונט, אויך מיט דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט גיין נאָכן ריח פון פריש געבאַקן ברויט. אייגנטלעך האָט ער נישט געהאַט קיין באַשטימטן באַוואוסטן ציל, אָבער דאָך האָט עם געלאָקט נאָכצוגיין נאָכן ריח וואָס האָט אונטערגעזאָגט זיין אונטערבאַוואוסטזיין, אַז אפשר וועט דאָרט זיין אַ געלעגנהייט „אָפּצולעקן אַ ביינדל‟...

אין סיגעט זענען געווען צוויי בעקערייען. סע זענען געווען נאָך אַנדערע דריי־פיר, אָבער יענע זענען געווען גאָר קליינע. אין די צוויי, גרויסע, האָט מען געבאַקן ברויט אין איינער ווי אין יענע אַלע דריי צוזאַמען.

אָט אַהער האָט אים געבראַכט דער ברויט־ריח, אַזעלכער וואָס איז געווען באַהאַלטן ערגעץ טיף אין זיין קינדערישן זכרון. אָט דער ריח האָט ביי אים אויפגעוועקט דאָס בענקעניש צון אַ וועקן. ניין, נישט צו קיין גאַנצן וועקן. דאָס וואָלט דאָך געווען פאַר אים אַ צו גרויסע העזה. ער וואָלט זיך דאָך באַגנוגט מיט אַ רעפטל, מיט איין רעפטל פון אַזאַ

מין וועקן, אָדער מיט אַן אַראָפּגעריסענעם שפּיץ פונעם וועקן, נאָר ער זאָל האָבן כאָטש איין איינציק קערנדל קימל פון דער אויבן...

איז ער פאַמעלעך געגאַנגען ביז ער האָט זיך דערנענטערט צו דער בעקעריי. דאָ האָט ער געפונען אין דרויסן אַ פערד און וועגעלע. נישט קיין געוויינטלעך וועגעלע, נאָר אַ מין קאַסטן, אין וועלכן מע האָט אָנגע-לאָדן דאָס פריש געבאַקענע ברויט, אויסגעסדרט אין הילצערנע פאַנען זענען געווען וועקנס, פרישע, געברוינטע, מיט מאָן צי מיט קימל באַשפּריצט פון דער אויבן, אויסגעשטעלט אין פּאָליצעס, אין דעם וועגעלע-קאַסטן, אַז סע האָט זיך פשוט געחלשט פונעם ריח...

אָט פון דאָ איז געקומען דער ריח צו אים. יאָ, פון דאָ און אויך פון אינעווייניק, פון דער בעקעריי. אָבער אַריין צו גיין אינעווייניק, דאָס איז שוין שווערער. מע וועט אים דען אַריינלאָזן אַהין? וואָס וועט ער זאָגן אַז ער זוכט דאָרט? איז ער געבליבן דערווייל דאָ, נעבן וועגעלע. ער איז געשטאַנען און פשוט געוואַרט. בעת דער קוטשער האָט געענדיקט דאָס אָנלאָדן, האָט ער זיך געשטעלט נעבן פערדל. ער האָט געוואַרט, געהאָפט אַז עפּעס וועט זיך יאָ יאַווען אַ געלעגנהייט, אַז ער זאָל אַרויסהעלפן, וועט צו ניץ קומען און ממילא וועט מען אים טאָלערירן — און אפשר אים אויך צוואַרפן אַ ברעקל פון אַ שטיקל פריש געבאַקן ברייטל...

די געלעגנהייט האָט זיך טאַקע באַלד געמאַכט. דער קוטשער האָט זיך אַ זעץ אויף געטון אויף דער קעלניע און אַ הויב געטון די בייטש זיך צו לאָזן פאָרן — אָבער יאָסעלע האָט אים אָפּגעשטעלט ווי אין דער לעצ-טער מינוט:

— פעטער, איר האָט פאַרגעסן צוצומאַכן דאָס טירל, אָבער לאָזט, איך וועל עס שוין פאַרמאַכן! — און געזאָגט און געטון. ער האָט אייליק פאַרמאַכט דאָס טירל.

דער קוטשער האָט פאַרהאַלטן דאָס פערדל אין דער לעצטער מינוט. ער האָט אַ צי געטון די ציימלעך אויף צו האַמעווען דאָס פערד. וואָס האָט שוין טאַקע געהויבן דעם ערשטן פוס. ער האָט געוואַרט אַז דאָס ייִנגל זאָל צומאַכן דאָס טירל, אָבער ער האָט אים נישט געשטערט, ווען יאָ-סעלע האָט זיך אַ זעץ אויף געטון, נעבן אים, נעבן קוטשער.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן זיין „ארבעט" אין דער בעקעריי. דער קוטשער האָט אים קודם טאָלערירט געבן זיך. דערנאָך האָט ער אים שוין געגעבן אויך צון א קליין שליחות, ער זאָל דערלאַנגען דאָ א צעטעלע, דאָרט א לעדל מיט בייגל, קיפל. ער האָט זיך מיט אים אריינגעלאָזט אין א שמועס און איז אזוי ארום געוואָר געוואָרן אז דאָס יינגל איז דאָ א פרעמדער. ערשט היינט אָנגעקומען אין שטאָט. ער האָט דאָ קיינעם נישט, זוכט ער ערגעץ אן אָרט וואו זיך אָנצושפּארן, צו געפינען ערגעץ א שטיקל ברויט צו פארדינען, בעסער געזאָגט, צו לערנען א מלאָכה אויף צו פארדינען שפּעטער א שטיקל ברויט.

אפשר וואָלט ער געפינען אזא אָרט ביי דער בעקעריי?

ניין, אזוי גיך איז יאָסעלע נאָך נישט געוואָרן קיין בעקער. ער האָט אָבער שוין אין יענעם טאָג פארזוכט א שטיקל פריש ברויט, א הויל שטיקל ברויט, עס איז אָבער שוין געווען פון א וועקן... אויף איבערצונעכטיקן האָט ער נאָך נישט געהאט וואו. ער האָט עס אפילו נאָך נישט געוואגט צו זאָגן, כדי נישט צו שטעלן קיין צו גרויסע פאָדערונגען און מע זאָל פון אים וועלן פּטור ווערן נאָך איידער ער האָט נאָך גוט אָנגעהויבן דאָ די ארבעט.

האָט ער זיך פארבעטן, אין א שטוב, אין הויף וואו די וועגן זאמלען זיך צונויף און רוען, ביז זיי קערן זיך אום צוריק אין די דערפער. דאָרט האָט ער געזען אז עס איז א מין קרעטשמע. נישט ממש קיין קרעטשמע, נאָר א מין קרעטשמע, סע שטייט טאקע, נישט אויפגעשריבן אויף דער טיר, ביים אריינגאנג, אז דאָ איז א קרעטשמע, אָבער אז סע גייען אריין מענטשן כאפּן א טרונק בראָנפן, זיצן דאָרט א ביסל און גייען דערנאָכ-דעם ארויס האלב און אויך גאנץ שיכור, דאָס האָט ער דאָך יאָ געזען — איז ער אהין אריין געגאנגען. אן אנדערע ברירה האָט ער געהאט?!

ער איז אריין געגאנגען, געזאָגט א גוטן אָוונט און נישט געווארט אויף קיין ענטפער, ווייל ער האָט באלד געזען אז עס איז נישטאָ ווער סע זאָל אים ענטפערן, זייענדיק פארנומען מיט די קונים, האָט ער זיך אנידערגעזעצט אויף א קליין פּיסנבענקעלע, אין א ווינקל, און האָט זיך צוגעקוקט שווייגנדיק, ווארטנדיק, ווי סע שטייט א הונט פאר דער טיר פון א יאטקע, כדי צו זען ווי אזוי סע וועט זיך אויסקלאָרן דער מצב

און וואָס סע וועט געשען ווייטער. ער האָט געהאַט מזל, וואָס די פרוי, די בעל-הביתטע, איז נישט געווען קיין פרוי ווי געוויינלעכע פרויען, וואָס ער האָט געקענט ביז איצט, נאָר ממש א מאַנצביל, וואָס קאָמאַנ-דעוועט איבער די שיכורים, און אויך מסתמא איבער איר אייגענעם מאַן, וועלכער איז געווען אין שטוב ווי א משרת, א שיק-ייִנגל, און אוים-געפאָלגט אירע קורצע באַפעלן, ווי אין מיליטער.

יאָסעלע איז געזעסן און געוואַרט. קיינער האָט אים נישט געפרעגט וואָס ער וואַרט. נאָך מער, גלייך מע האָט געזאָלט גאָרנישט באַמערקן אַז ער איז דאָ. און אפשר האָט עס גאָר טאַקע קיינער נישט באַמערקט? האָט דען די פרוי געקאָנט האָבן אויך זיינע דאגות אויפן קאָפּ, ווען זי האָט געדאַרפט אין זינען האָבן ווי אַזוי זי זאָל אָנפולן צון א גלעזל משקה (און גלייכצייטיק עס נישט אָנפולן ווייל זי האָט דאָך שוין געוואוסט, אַז די שיכורים ווען זיי דערגייען צון א געוויסער מאָס שיכרות, צון א געוויסער צאָל גלעזלעך, דעמאָלט וויסן זיי שוין נישט וואָס מע גיט זיי און וויפל מע גיט זיי צום טרינקען!) און עס געבן דעם טרינקער אין די ציטערנדיקע שיכורישע הענט, דערנאָכדעם, נישט דערנאָך, נאָר כמעט תיכף נעמען דאָס געלט פאַר דער משקה, ווייל לאָזן אויף שפּעטער לוינט זיך נישט. מע געדענקט נישט, מע דערמאַנט זיך נישט צי מע האָט עס שוין יאָ באַצאָלט און אויב נישט הייבן זיך אָן וויכוחים וואָס ענדיקן זיך מיט מחלוקות, ווי איצט, ווען אים האָבן זיך שוין געקלעפּט די אויגן פון שלעפעריקייט, ער האָט קוים געקאָנט אויסהאַלטן און נישט איינשלאָ-פן דאָרט אויפן פיסנבענקעלע. און דאָ, אין דער שטוב איז א געלאַרעם, א געשריי, א טומל ווי אין א מיל, ביז די פרוי האָט א נעם געטון דעם שיכור ביים אָרעם און אים א ריס געטון אויף פון זיין בענקל, אים אונטער-געפירט ביז צו דער טיר און פון דאָרט מיט אים א שטויס געגעבן — אַרויס!

ערשט איצט האָט זי, גלייך ווי זיך אַדורכגעוועקט פון געטומל:

— אַנו, ייִנגעלע, לאָמיר זען וואָס מע טוט מיט דיר... האָסט געגעסן וועטשערע? אַנו, ווי אַזוי רופט מען דיך?

— יאָסל, רופט מען מיך — האָט ער געענטפערט פאַרשלאָפן.

דעם אמת געזאָגט, האָט יאָסל אפילו שוין נישט געטראַכט פון עסן. עס האָט אים שוין אפילו נישט געהונגערט. ער וואָלט זיך געוואָלט אויס-

שטרעקן, זאָל זיין סיי וואו, אפילו אויפן דיל, נאָר איבערצוזיין די נאכט.

— גוט, יאָסעלע, אָט וועסטו עפּעס צובייסן און דערנאָך וועסטו דיך לייגן שלאָפן — האָט די פרוי געזאָגט מיט א מוטערלעכן טאָן. זי איז גאָר נישט געווען צום דערקענען. אירע רייד זענען דאָך דאָס מאָל געווען אנדערש ווי די פריערדיקע ווען זי האָט געשריגן צו די שיכורים, אזמע האָט ממש געמיינט אז זי איז אין שטאנד אויפצועסן לעבעדיקערהייט יעדן וואָס קומט איר אנטקעגן. זי רופט אים אפילו נישט „יאָסל" ווי ער האָט איר געזאָגט, נאָר „יאָסעלע", דאָס הייסט אז זי האָט אים שוין פארצערטלט, אזוי ווי א קינד פארדינט עס ביי יעדער מאמע.

יאָסעלע האָט זיך צוגעקוקט צו דער פרוי, ווי אזוי זי איז ארומגעלאָפן געשיקט איבער דער שטוב און געגרייט צום טיש.

— אָט, זעץ דיך צום טיש. אָבער קודם וואש דיר די הענט... ווילסטו מאכן א ברכה, מאך. ווילסטו נישט איז עס דיין זאך. איך וועל נישט גיין אין דיין גיהנום — דו וועסט נישט צונעמען מיין חלק גן-עדן...

דעם אמת געזאָגט איז יאָסעלען קיין מאָל קיין נפקא-מינה נישט געווען צי יאָ-ברכה צי נישט-ברכה. אָבער אז די פרוי האָט מיט אים גערעדט מיט אזא גוטן טאָן, וואָס ער האָט נאָך כמעט קיין מאָל נישט געהערט אז מע זאָל מיט אים אזוי רעדן, האָט ער דווקא זיך יאָ געוואשן און געמאכט הויך א ברכה, אז די יידינע זאָל הערן. זאָל זי אויך הנאה האָבן אז זי ווארפט נישט ארוים איר שטיקל ברויט און דעם ביסן עסן פאר א סיי וועמען, עפּעס אן אויסוואורף.

בעת ער האָט געגעסן האָט די פרוי אויסגעשפּרייט א קאָציקל אויפן דיל, אין א ווינקל, און געבאָמבלט ווי פאר זיך, אונטער דער נאָז:

— מע זאָל באהיט און באשירעמט ווערן, ווי אזוי עלנטע קינדער וואלגערן זיך ארום, אזוי יונג, אזוי יונג, אָן א היים, ווי א הונט אָן א בעל-בית... ווייסט כאָטש ווער ער איז? — האָט זי זיך געוואָנדן צום מאן, אָבער נישט געווארט אפילו אויף זיין ענטפער — נו, וואָס איז דאָ צו וויסן? מערטשעם מאָרגן וועלן מיר שוין זען, וואָס מיר האָבן צו טון. איצט לאָמיר זיך לייגן שלאָפן. דעם קינד קלעפּן זיך שוין די אויגן פאר שלעפעריקייט.

„יאָסעלע‘‘ האָט זיך שוין דערזען א „קינד‘‘. ביז איצט איז ער גע־וועזן „יאָסל‘‘ אָבער קיין מאָל קיין „קינד‘‘ נישט געווען. לכל-הפחות ער, ער געדענקט נישט אז עמעצער זאָל אים געווען זאָגן אז ער איז אויך א קינד, א מאַמעס א קינד, אפילו נישט ווען ער איז נאָך באמת א קינד געווען.

האָט ער אונטערגעלייגט א פויסט צוקאָפּנס און זיך געלייגט אויף דער לינקער זייט, ווי די טראַדיציע איז, כדי מאָרגן אויפצושטיין אויף דער רעכטער זייט, סע זאָל זיין פאַר אים א מזלדיקער טאָג. עס איז דאָך כמעט דער ערשטער טאָג ביי אים ווען ער וועט דאַרפן אָנהייבן נישט בלויז צו „טראַכטן‘‘ וועגן א תכלית, נאָר ממש טאַקע אָנהייבן וועבן צי קנעטן זיין „תכלית‘‘, דאָס מאָל מיט זיינע אייגענע הענט, אין א פרעמדער שטאָט, אָן קיינעמס הילף.

שלעפעריק איז ער טאַקע געווען, אויך געגנוג מיד פונעם ארומגיין איבער די גאַסן ווי אָן א ציל, אָבער דאָך פון זוכן זיין גליק, צו באַ־געגענען ערגעץ במשך דעם טאָג אליהו הנביא, ווי סע ווערט דערציילט אין די לעגענדעס, אז ער באַגליקט דעם פאַרלאָזענעם, אָן אן עצה און אָן א ראָט... אָבער ווי מידער און שלעפעריקער סע האָט זיך אים גע־דאַכט אז ער איז, און געמיינט אז ווי נאָר ער וועט צומאַכן די אויגן וועט ער תיכף איינשלאָפן, האָט זיך פון אים דער שלאָף ווי אָפּגעטון. ערשט איצט, ווען ער האָט זיך אויסגעצויגן די מידע ביינער אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע, וואָס איז פאַר אים פאַרוווייכערטער געוואָרן פונעם קאַציקל, ערשט איצט האָבן זיך אים אָנגעהויבן באַמבלען אין קאָפּ אַלערליי מחשבות, וואָס האָבן אים נישט געלאָזט איינשלאָפן. יאָ, איצט האָט ער יאַקאָש געטראָפן א פריינדלעך הויז, וואָס האָט אים אויפגענומען און אים גע־געבן נאַכטלעגער, אויך א וועטשערע — אָבער וואוהין לאָזט ער זיך מאָרגן פרי?

געגלוסט האָט אים די בעקערייַ. דאָ געפינט זיך נאָך א שטיקל ברויט, וואָס מע קאָן עס נישט פאַרקויפן. עס איז „אָפּפאַל‘‘, מיט א צוציק ביי דער זייט, אָדער סע האָט זיך איבערגעבראָכן דער וועקן, נאָך איידער מע האָט אים ארויסגענומען פונעם אויוון, דאָס קאָן מען שוין פאַרטיילן

פאר די ארבעטאָרער, אָדער סתם ארויסהעלפער, אזוי ווי ער וואָלט גע־קאָנט זיין... אָבער ווי אזוי קומט ער טאקע צו דעם?

...מיטן טעם פון א פרישן וועקן, נאָר וואָס ארויסגענומען פונעם אויוון, סע גייט נאָך פון אים א פארע, ווי א געקרייזלטער רויך פון א ציגאר, מיטן דאָזיקן גוטן טעם אין מויל האָט ער דאָך געמוזט קודם איינדרימלען און דערנאָך הארט איינשלאָפן, פון וואָס די געשרייען, קולות פון א בהלה, וואָס די בעלהביתטע האָט זיך געלאָזט הערן פון איר פרישן היינטיקן נייעם טאָגיקן טועכץ, האָבן אים אויפגעוועקט... און ער איז נאָך אזוי שלעפעריק. סע האָט זיך דאָך געדאכט אז ער האָט זיך נאָר וואָס געלייגט שלאָפן. איי, עס איז שוין ווייסער טאָג אין דרויסן און גע־לייגט האָט ער זיך ווען עס איז געווען שטאָק פינצטער?

האָט ער זיך געמוזט אָנשטרענגען און אויפשטיין און נישט שטיין אין וועג. דאָס צימער איז דאָך נישט אזוי גרוים אז ער זאָל קאָנען ווייטער ליגן.

האָט ער זיך אויסגעצויגן און א שפרונג אויף געטון, גלייך מע וואָלט אים אונטערגעטריבן מיט א בייטש. אָנטון האָט ער זיך נישט געדארפט, ווייל ער האָט זיך נישט אויסגעטון, אָבער וואשן אויף די הענט „נעגל־וואסער“, דאָס האָט ער דאָך יאָ געמוזט.

איז ער אנועק אָן א „זייט געזונט“, ווייל קיינער האָט אים קיין אכט נישט געגעבן, אויב ער האָט עס יאָ געזאָגט צי נישט. יעדער האָט זיך דאָך געלאָזט צו זיין ארבעט.

האָט ער זיך געלאָזט גיין זוכן „ארבעט“, כדי צו פארדינען זיין טעגלעך ברויט...

*

בין איך דאָך ווילנדיק נישט-ווילנדיק שוין ווידער אָנגעקומען צום קאפיטל „עסן“, צום הייליקן טעגלעכן ברויט. וועל איך ווייטער פאָר־זעצן און דערציילן וואו און ווי אזוי איך האָב געגעסן מיינע „טעג“.

(אוודאי ווילט זיך וויסן ווי אזוי אונדזער יאָסל „דער הונגעריקער“ האָט געפונען זיין „ברויט“, אָבער מיר קאָנען זיך דאָס איצט נישט דער־לויבן. דאָס מאָל איז געווען דערמאָנען בלויז דעם סאמע אָנהייב, די ערשטע

טריט. דאָך קאָן נאָך צוגעגעבן ווערן, אז אזוי אָדער כמעט אזוי האָבן מאראמאָרעשער קינדער אָנגעהויבן זייער וואָגלעניש איבער גאָטס און דעם טייוולס ברייטער וועלט צו זוכן „גליקן“. טייל האָבן טאקע עפּעס געפונען, דערגאָכדעם חתונה געהאט און — פארשטייט זיך, געהאט אויך די צרות וואָס זענען פארבינדן מיט חתונה האָבן און וואקסן קינדער אין דער פרעמד — אָבער זיי האָבן זיך, אויב נישט ממש „ארויפגעאר-בעט“ איז האָבן זיי דאָך געפונען דאָ צי דאָרט א שטיקעלע אָנשפּאר און געוואָרן: א מלמד, א חזן, א בעל-קורא, א שמש און זעלטן אויך א רב צי א שטיקל ראש-הקהל ... מחמת דעם זאָל קיינעם נישט וואונדערן אויב ער באגעגנט אָדער הערט אמאָל דערציילן אז ערגעץ אין א העק, אין אפריקע, אינדיע צי כינע, שוין אָפּגערעדט פון אמעריקע צי קאנאדע צי אויסטראליע — געפינט זיך אן אָפּשטאמיקער פון א פארבלאָנדזשעטן מאראמאָרעשער ייד, פון ערב דער שואה ... נאָך דער שואה? יענע וועלכע האָבן איבערגעלעבט זענען דאָס רוב עולה געווען קיין ישראל)...

# עסן מיט „מנין"

ביידע „טעג'', אי שבת אי להבדיל זונטיק, האָבן זיך מיר איינגע־קריצט אין מיין זכרון און וואָלטן ווי צוויי גרויסע ציין־רעדער גלייך געקאָנט זיין דער אָנהייב. פארשטייט זיך, אז נישט ביידע וועגן דער זעל־ביקער סיבה. שבת איז א קאפיטל פאר זיך, בכלל, און צווישן מיינע טעג בפרט. טאקע דעריבער וועל איך עס אפשר איבערלאָזן אויף א ביסל שפּעטער. ווידער זונטיק איז פארבלין אין זכרון צוליב אן אנדערן טעם.

זונטיק האָב איך אפילו נישט געפילט אז איך עס א „טאָג''. עס איז דאָך געווען ווי א מין דאווענען מיט מנין, עסן מיט מנין און בענטשן מיט מנין ... אָט פאר וואָס: געווען זענען צוויי ברידער, ביידע האָלץ־סוחרים. ווי אזוי זייערע עסקים זענען געגאנגען, כלעבן ווי איך ווייס נישט. איינס איז אָבער זיכער, אז ביידע ברידער זענען מסתמא געווען גלייך פארמעגלעך, ווייל זיי זענען דאָך געווען שותפים אין זייערע עסקים, האָבן זיי זשע מסתמא געהאט די זעלביקע הכנסות און רווחים, מסתמא צו מאָל אויך די זעלביקע שאָדנס, ווי סע מאכט זיך אין מיסחר. נאָר — בלויז איינער האָט געהאט אזא השגה, צו געבן עסן א „טאָג'', זונטיק, נישט פאר איין ישיבה־בחורל, נאָר ממש פאר העכער א טוץ.

מע קאָן אויך דערמאנען יענעם גביר, וואָס האָט געהאט א בעזעם־פאבריק, געשמט פאר א נגיד, געהאט א שיין הויז אין דער באן־גאס, אָבער איך ווייס נישט אויב סע האָט אמאָל א בחורל געגעסן ביי אים א טאָג. און אויב יאָ, איז עס נישט געווען, קיין מאָל נישט, אזא „חתונה"־טאָג ווי ביי אָט דעם האָלץ־סוחר, וועלכער האָט געוואוינט אין קלויז־געסל, זיין הויז איז דאָך געווען אָנגעקלעפּט אין דער אלטער וויזשניצער קלויז. פון די פענצטער פלעגט צו מאָל ארויסקוקן זיין א טעכטערל, אָדער

זיין זינדל, משה, מיט וועלכן איך האָב טאַקע געלערנט אין זעלביקן חדר, ביים זעלבן מלמד. אָט דאָרט האָבן זיך אָנגעזאמלט יעדן זונטיק פרי, ווי געזאָגט, העכער א מנין בחורימלעך, וועלכע האָבן אומגעשטערט געקאָנט עסן א רעפטל ברויט און פארטרינקען א קאווע מיט מילעך, ווי עס איז דאָרט געווען דער מינהג ... צו מיטאָג האָט מען געקאָנט עסן א מין גוליאש, פלייש מיט קארטאָפל, און אָוונט מילכיקס.

פארשטייט זיך, אז הונגעריק איז מען כמעט אין ערגעץ נישט געבליבן. אָבער דאָ איז געווען א ביסל פרייליכער. קודם האָט מען געגעסן „צווישן זיך״, קיינער פון די בעלי-בתים האָט אויף דיר נישט געקוקט, אז דער ביסן זאָל דיר בלייבן אין האלדז. דאָ האָט באדינט א דינסט און זעלטן אויך די בעל-ביתטע, וועלכע איז אריינגעקומען אין יענעם צימער אין הויף, וואו די בחורים האָבן געגעסן, נאָר פשוט זיך ווייזן, קאָנטראָלירן אויב אלץ איז כשורה, דערנאָכדעם אונדז געלאָזט אליין, אויף גאָטס באראָט.

אויב סע האָט זיך געענדיקט דאָס ברויט אויפן טיש, האָט מען זיך נישט געשעמט צו זאָגן, ווייל מע האָט דאָך נישט געהאט פאר זיך די בעל-הביתטע, נאָר די דינסט.

איז געווען א געלארעם, גלייך ווי אויף א יריד. מע האָט זיך דאָך נישט געדארפט צוריקהאלטן, האָט מען געלאָזט פריי דעם יוגנטלעכן התלהבות. איך גופא, וועלכער בין געווען פון נאטור א קליין וואוקסיקער, און אפילו אויך אין די יאָרן בין איך דאָך געווען ייִנגער, האָב דאָך איין מאָל ביי א וועטשערע אָנגעארבעט א שטיקל, וואָס האָט זיך שיער אויסגעלאָזט מיט א „מילחמה״ ... די מעשה איז געווען אזוי: איך האָב געהאט א ביסעלע שאָפענע קעז, ברינדזע, וואָס די מוטער האָט מיר געהאט געבראכט, כדי מיך אונטערצופיטערן ... האָב איך ארויסגענומען פון דער קעשענע דאָס ביסעלע קעז, איינגעוויקלט אין א שטיקל פאפיר, און געגעסן מיט ברויט. מיין טיש-שכן, דוד דער לאנגער, פון מעסיוו, האָט געקוקט קרום צו מיר. אפשר איז ער טאַקע געווען גערעכט אויך. ערשט היינט גיב איך מיר אָפּ חשבון אז ער איז געווען גערעכט. עס איז נישט שייך צו עסן פון דיין עסן, וואָס גאָט און די מוטער האָט געגעבן, בעת אלע אנדערע עסן פון דעם וואָס גאָט און דער בעל-בית האָט געגעבן.

אָבער דעמאָלט האָב איך עס נישט פארשטאנען, נאָר געמיטלעך מיר געגעסן צוזן א שטיקעלע קעז מיט א ביסן ברויט און ערשט דערנאָך זאָל איך פארטרינקען די קאווע. האָט אָבער דוד נישט געווארט אז איך זאָל פארענדיקן מיין עגאָיסטישן ביסן, נאָר גענומען דאָס שטיקעלע פאפיר, אין וועלכן איך האָב נאָך געהאט א ביסעלע קעז, און עס מיר אריינגעשטופט אין מיין שאָל קאווע-מיט-מילעך... זאָל יעדער מיך מישפטן ווי אזוי ער וויל, אָבער איך האָב אפילו נישט צו פיל געטראכט נאָר רעאגירט תיכף: איך האָב גענומען די שאָל קאווע מיט מילעך און עס אים א ליאפּע געטון אין פנים אריין.

דוד האט זיך, פארשטייט זיך, נישט געריכט אז אזא קליינער שנעק ווי איך בין געווען דעמאָלט, זאָל אזוי עזותדיק רעאגירן. האָט ער זיך טאקע ווי פארלוירן און נישט געוואוסט וואָס צו טון. דערנאָכדעם האָט ער ארויפגעלייגט זיין האנט אויף מיין הענטל, אז איך האָב געפילט ווי א צוואנג וואָלט זיך מיר איינגעביסן אין מיין ביינערדיקן אָרעם. אָבער ווייטער ווארטן האָב איך אויך נישט געטאָרט. האָב איך א שליידער געטון אויך מיט זיין שאָל קאווע, אז זי האָט זיך צעפּיצלט אויף קליינע שערבלעך ... ווער ווייסט וואָס סע וואָלט ארויס פון אָט דער מחלוקה, וואָס האָט זיך געהאלטן אין צעפלאקערן צווישן מיר, א קליין יינגל דערווייל נאָך אין חדר — און יענעם ריז. א ישיבה-בחור, וועלכער איז געווען טאָפּלט אזוי גרויס פון מיר. סע האָבן זיך אָבער אריינגעמישט די איבעריקע בחורים, גרעסערע פון מיר, וואָס האָבן איינגעשטילט, אז סע זאָל נישט שטעלן אין סכנה דעם גאנצן „טאָג".

(למען האמת, מוז איך מודה זיין, אז דאָס איז נישט געווען ביי מיר דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך שליידער אראָפּ פונעם טיש א שאָל מילעך צי קאווע. איך האָב שוין אָפּגעטון אזא שטיקל פריער מיט יאָרן, ביז נאָך דעמאָלט געווען פיל יינגער ווי איצט. דעמאָלט האָט מיר מיין מוטער נאָכגעברענגט די שאָל מילעך, וואָס איך האָב נישט געוואָלט אויסטרינקען אין דער היים... מילעך? כלעבן אז איך בין געווען זאט פון מילעך. עס איז מיר שוין נימאס געוואָרן צו טרינקען מילעך. מיר האָט זיך געוואָלט עסן א שטיקל פלייש, נישט א גאנצן טאָג טרינקען מילעך. אָבער איינס איז דאָס וואָס מיר האָט זיך געוואָלט און עפּעס אנדערש אי'ז געווען וואָס

מיין מוטער האָט געהאט וואָס מיר צו געבן עסן. פליייש האָט זי נישט געהאט. דאָס האָט מען קוים געקויפט אויף שבת, אָבער אין דער וואָכן האָט מען מיך געשפּייזט מיט מילעך, וואָס מע האָט נישט געדאַרפט קויפן. מיר האָבן דאָך געהאט אַן אייגענע קו. און פאַר איין קילאָגראַם פליייש האָט מען געדאַרפט פאַרקויפן מער ווי צען ליטער מילעך. איז אין אַ טאָג, ווען איך האָב מיר נישט אויסגעטרונקען מיין פּאָרציע מילעך, האָט די מוטער מיר דאָס נאָכגעטראָגן אין חדר אַריין. מיר עס אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש פאַר מיר: טרינק! ... דעמאָלט, איך האָב זיך נישט גערעכנט אויך נישט מיט דער אָנוועזנט פונעם מלמד, וועלכער איז געווען מיין אַ פעטער, אָבער אַ ייד אַ רגזן, און דאָך האָב איך מיט דער האַנט „אַוועק־געמאַכט" דאָס טעפּעלע מילעך, אַז עס איז געפלויגן... פון וואַו האָט זיך צו מיר גענומען אַזעלכע תקיפדיקע זשעסטן? כלעבן אַז איך ווייס נישט. מיסתמא האָב איך זיי געירשנט פון מיינע אורעלטערן. אפשר פון אַ שמעון און לוי פון די חומשדיקע מעשיות. אַלנפאַלס, מיין פאָטער איז נישט געווען קיין רגזן, נישט קיין „עקשן" און געטון אַלץ אַז איך זאָל אויך נישט זיין קיין „עקשן", ווי סע וועט ווייטער נאָך דערציילט ווערן ... און אפשר טאַקע צוליב דעם בין איך דווקא יאָ געוואָרן אַן עקשן?!) ...

אויך היינט וואונדער איך זיך, ווי אַזוי איז עס געשען, אַז איך זאָל דעמאָלט זיין אַזוי אָנגרייפעריש קעגן יענעם דוד דעם לאַנגן, אַ „שונא" וואָס איז געווען שטאַרקער און גרעסער פון מיר.

זאָל מען אָבער נישט מיינען אַז דער „שונא" האָט מיך שוין פון איצט אָן געהאַסט, אָדער מיך אויסגעמיטן, אדרבה, אים האָט מסתמא געפאַלן דער שפּיל, זיך צו רייצן מיט מיר, וואָס בין געווען נעבן אים אַ שנעק. מסתמה האָט עס אים פאַרשאַפט הנאָה, אַנדערש ווי אַזוי קאָן זיך עס דערקלערן, וואָס כמעט אַלע מאָל האָט ער געגעסן אין שכנות מיט מיר?

איין מאָל האָט ער מיר אָנגעטון אַן אַנדער שפּיצל: אַזוי ווי מע האָט געגעבן די שאָל קאַווע מיט מילעך אויף אַ טאַץ, האָב איך זיך דערזען מיט צוויי שעלעכלעך אויף מיין טאַץ. פון איין שאָל טרינק איך און פון דער צווייטער שאָל טרינקט ער. אָבער אין אַ מאָמענט, ווען איך האָב

ארויסגעלאָזט די שאָל קאָוועַ פון די הענט, כדי צו נעמען א שטיקל ברויט, האָט ער א דריי געטון אוים די טאַץ, אזוי אז זיין שאָל מילעך איז ווייטער געווען אויף איר פריערדיקן אָרט און געקאָנט געמיטלעך טרינקען ווייטער, אָבער מיין שאָל איז שוין נישט געווען פאר מיר, נאָר קעגן אים.ביידע שאָלן זענען שוין געווען גרייט פאר אים... פארשטייט זיך, אז אוים שטרעקן די האנט נאָך מיין שאָל האָב איך געקאָנט, אָבער נישט געוואָלט. בעסער האָב איך גענומען אן אנדערע שאָל מילעך...

וועט מען מסתמא לאכן פון מיר, מע וועט זיך טראכטן, אז עס איז נישט כדאי צו דערמאנען אזעלכע קינדערישע שטיק. אפשר איז עס טאקע אזוי. אָבער דאָך שפיגלט דאָס אָפּ דעם מצב, ווי אזוי מע האָט זיך גע־פילט, ווען מע האָט געגעסן מיט „מנין" און פארגעסן אז מע עסט ביי א פרעמדן טיש...

פון אָט דעם דערציילטן דארף מען נישט דרינגען, אז דער דאָזיקער, דוד דער לאנגער, איז מיר חלילה געווען א „שונא". אדרבה, ער האָט אויף מיר געהאט השגחה און מיך געשיצט פון סיי וועלכן בייזן. ער איז פשוט געווען א וויצלער, ליב געהאט אָפּצוטון א „שטיקל" אז די חברה זאָל זיך משמח זיין.

איך וועל דערמאנען בלויז איין פאל, און מיט דעם וועל איך פארענ־דיקן דאָס דאָזיקע קאפיטל. איין מאָל, אין א ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען אין דרויסן האָט דער פראָסט געסקריפּעט אונטער די פּיס ביי יעדן שפּאַן, האָט דער דאָזיקער דוד, וועלכער איז דעמאָלט געווען אויף דער ריי, „פארהייצט" דאָס אייוועלע אין בית-המדרש, אין וועלכן די ישיבה־בחורימלעך פלעגן זיך צונויפזאמלען לערנען, גאנץ פרי, פיל פארן דאווענען שחרית. אָבער אז עס איז געווען קאלט, האָט מען זיך דער־נענטערט צום הרובקעלע און מע האָט זיך געוואָרעמט, געריבן די הענט, אז זיי זאָלן זיך דערוואַרעמען... ביז מע האָט באמערקט אז אין אייוועלע ברענט בכלל נישט קיין פייער. דוד האָט אריינגעשטעלט א ברענענדיק ליכט, וואָס האָט זיך אָנגעזען דורכן הרובע-טירל, אז סע צאנקט, און יעדער האָט געמיינט אז סע ברענט א פייער...

# ביי א נגידס טיש

כמעט פון אלע געגעסענע טעג איז מאַנטיק געווען דער סאמע טרויע־ריקסטער. וויפל איך זאָל זיך נישט באמיען און אויפמישן די בלעטלעך פון די יוגנט־זכרונות וועל איך קוים זיך קענען דערמאנען עפעס פרייליכס. נאָך מער, עס איז מיר שווער זיך צו דערמאנען וואו און ווי אזוי איך האָב געגעסן יענעם טאָג.

(הגם, דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך געקאָנט זאָגן דאָס זעלביקע נישט נאָך וועגן „מאָנטיק", נאָר נאָך מערער וועגן "דאָנערשטיק": איך בין געבוירן דאָנערשטיק, מיט ווייטיק, אמת נישט פאר מיר ... מע האָט מיך געמל'עט דאָנערשטיק, דאָס מאָל איז שוין די ווייטיק געווען מיינע. אין חדר און אין דער ישיבה האָט מען מיך דאָנערשטיק פארהערט, און ווי באוואוסט, איז קיין עקזאמען־טאָג נישט קיין גאָר גרויסע שימחה. וואָס זאָל איך זאָגן ווייטער, מע וועט דען מיר גלייבן, אז אויך שפעטער מיט יאָרן איז פאר מיר געווען נישט קיין פריילעכער טאָג דער דאָנער־שטיקדיקער?).

זיגמונד פרויד וואָלט עס אוודאי דערקלערט אז אפשר צוליב דעם, וואָס די אומאָנגענעמע זכרונות ליגן טיף אויסבאהאלטן אין די קעמערלעך פונעם מוח, דווקא צוליב דעם איז עס ערגעץ פארשטויסן, כדי מע זאָל זיך בכלל נישט דערמאנען. דער מענטש געדענקט בכלל נישט מער ווי ער וויל זיך דערמאנען ... וואָס סע טויג נישט פארגעדענקט זיך נישט. און דאָס איז, ווי באוואוסט, נישט קיין חסרון, נאָר אדרבה, עס איז א מעלה. דורך דעם קאָן מען איבערלעבן די אומאָנגענעמע איבער־לעבענישן, זיי פארגעסן, און מאכן פלאץ פאר נייע איבערלעבענישן, פאר בעסערע — און צו מאָל אויך פאר ערגערע ...

מאָנטיק האָב איך געגעסן ביי א בכבודיקן ייד, וועלכער האָט געהאַט א בראָנפּן-לאַגער אין דער יידישער גאַס. דאָ זענען תמיד געווען פול ווענגענער, וואָס האָבן זיך דאָ אויסגערוט ביז זיי וועלן זיך צוריקקערן אין זייערע דערפער פון וואַנען זיי זענען געקומען. און אין טייל פון די דאָזיקע ווענגענער האָט מען צו מאָל פארלאָרן א פעסעלע בראָנפּן, וואָס מע האָט דערנאָכדעם פארקויפט לאחדים, גלעזלעכווייז, פאר שיכורים אין די יידישע קרעטשמעס...

אין דער היים האָט מען פון קיין בראָנפּן נישט גערעדט און אפילו נישט געפילט דעם ריח. אייגנטלעך איז די „היים“ געווען איינגעטיילט פון צוויי „היימען“. פאָרנט איז געווען א שיינער בנין, מיט א בעל-בתי-שקייט וואָס האָט געשמעקט מיט נגידותשאפט, אין הויף איז געווען א קלענערער בנין, וואו עס איז געווען די קיך, א שטיקל עס-צימער, וואָס האָט געדינט פאר דער מישפחה, ווי להבדיל א סוכה. אָבער מע האָט עס גענוצט פון מאָל צו מאָל פארן עסן דאָרט אויך דעם מיטאָג, צי מיינסט די וועטשערע.

דארף דאָ געזאָגט ווערן, אז דאָס ביטערקייט פונעם שטיקל ברויט וואָס מע האָט געגעסן ביי פרעמדע טישן אין די „טעג“ איז באשטאנען אויך אין דעם וואָס מען איז געוויינטלעך אן אויפגעוואָרפענער גאַסט. דאָס הייסט אז דו פילסט דיך תמיד ווי אן אורח, א שלעפער, א גאָרנישט, א פארלאָזענער, אויף וועלכן מע קוקט ווינציקער מיט רחמנות און מערער מיט ביטול. דאָ, ביים מאָנטיק, ווי געזאָגט זענען געווען צוויי „היימען“. אין דער ערשטער, דער עלעגאַנטער שטוב, האָט געלעבט און געגעסן דער בעל-בית מיט זיין מישפחה, וואָס איז באשטאַנען פון א דריי זין און פיר-פינעף טעכטער. אין דער קליינער „היים“, אין הויף, האָבן געהאַט די הויפּט-קוואַטיר די דינסט און די קעכן.

הגם די מוטער מיינע האָט מיר געזאָגט, ביים סאַמע אָנהייב, אז מיר זענען עפּעסערע קרובים, הגם א ביסל ווייטלעכע, אָבער דאָך קרובים. הייסט דאָך עס, אז מיר וואָלטן געדאַרפט זיין היימישע, אָבער געפילט האָב איך זיך דאָ אין דער סאַמע פרעמדסטער אטמאָספער פון אלע „טעג“.

ווען איך האָב געגעסן מיטן בעל-בית ביים טיש, מיינסטנס אָוונט, האָב איך זיך געפילט ווי אן אורח, אויף וועלכן מע קוקט ווי מיט א פאר-

גרעסערונג-גלאָז, און דעמאָלט וואַרגט דער ביסן — מע קאָן אים נישט אראָפּשלינגען, צוריק געבן אוודאי נישט (אוי, האָט עס שוין פּאַסירט אמאָל, אז איר זאָלט עסן א שטיקל פלייש וואָס איז נישט גענוג דער-קאָכט, אָדער עס איז א שטיקל „פלאַקס‘‘ באַהאַלטן אין סאַמע טיף פון א שטיקל פלייש, מע קייט עס און מע קייט עס, און עס איז אומזיסט? אויב איר האָט אמאָל אָנגעטראָפן אויף אזא מין שטיקל „מציאה‘‘, זאָגט מיר איך בעט אייך, וואָס האָט איר געטון? ... איר האָט עס ארויסגענו-מען פונעם מויל, זייט מיר מוחל פאַרן ארויסזאָגן אזא מין נישט שיינע זאַך, איר האָט דאָך עס געמוזט ארויסנעמען און אוועקוואַרפן, ווייל אראָפּ-שלינגען האָט איר דאָך עס בשום אופן נישט געקאָנט ... נו, טוט זייט מוחל א טראַכט, וואָס קאָן טאָן אזא שעמעוודיק בחורל ווי איך בין דעמאָלט געווען, ווען ער האָט אָנגעטראָפן אויף אזא מין שטיקל „פלאַקסן-פלייש‘‘. ווי אזוי בין איך פון אים פּטור געוואָרן, ווי אזוי האָב איך עס געקאָנט „ארויסגנבענען‘‘ פונעם מויל, אז קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן ווען איך וואַרף עס סיי צוריק אין טעלער אריין, סיי אונטערן טיש ארונטער?!), נו, אוודאי ווייסט מען נישט ווי אזוי זיך אן עצה צו געבן. אפילו דאָס עסצייג איז דאָך שוין אויך איבעריק אין אזא מאָמענט. אין וועלכער האַנט זאָל מען האַלטן דאָס מעסער און אין וועלכער דעם גאָפּל ... אומזיסט האָב איך געלערנט אז דער גאָפּל איז אין דער לינקער האַנט און דאָס מעסער זאָל זיין אין דער רעכטער האַנט — מע קאָן דען אזוי עסן?! עס איז נישט צו דער האַנט. אנו, זאָל מען פּרוּוון שניידן נישט-דערקאָכט רינדערן פלייש, האַלטנדיק עס מיטן גאָפּל פון דער לינקער האַנט, מיט א נישט אויסגעשאַרפט מעסער — וועט מען שוין האָבן די זיכערקייט אז דאָס פלייש וועט נישט א פלי טון ערגעץ, דער רוח ווייסט וואוהין, גאָר נישט בלייבן אין טעלער?! צי, לאָמיר פּרוּוון פּשוט עסן מיט דער לינקער האַנט, ווען מען איז נישט קיין געלינקטער, וועט דער גאָפּל אָנ-קומען אהין וואוהין מיר שיקן אים? און אז סע פאַלט חלילה אראָפּ, איז נישט נאָר וואָס מע קאָן עס שוין מער נישט נעמען אין מויל אריין, אפילו ווען מע וואָלט עס יאָ געוואָלט — האָט מען נאָך פאַרקויטיקט דעם טעפּיך...

טאַקע צוליב דעם איז שוין בילכער צו עסן ביי יענע בעלי-בתים, וועלכע עסן זיך אליין בכבודיק, מיט הנאָה, נישט געשטערט פון קיין

שום אורחים, אין עסצימער — און דאָס „בחורל‘‘ שיקט מען עסן אין קיך, מיט דער דינסט ... עס איז נישט בכבודיק?! נו, איז וואָס? אָבער עס איז פיל געזונטער פארביידע צדדים. דאָס „בחורל‘‘ עסט זיך באקווע־מער אין דער קיך. דאָ איז א „פרייע‘‘ וועלט. מע דארף זיך נישט היטן פאר קיינעם. מע קאָן אויסציען די האנט און זיך דערלאנגען א רעפטל ברויט, מע דארף זיך פאר קיינעם נישט שעמען. פאר וועמען? פאר דער קעכן, פארן דינסט-מיידל?

אמת, אויך דאָ זענען פאראן פארשידענערליי ברואים, צי פאר־שלעפטע קרענק. פאראן דינסטן, גוטע נשמות, וואָס האָבן רחמנות אויף א בחורל, וואָס איז דאָך נעבעך אויך זייער גלייכן, געהער נישט צו די בעלי־בתים. סע זענען אָבער פאראן אויך אזעלכע צרה-לייד, וואָס זע־נען צו מאָל ערגער פון די בעלי-בתים. פאר וואָס, פאר קינאה? ניין, פשוט, אזוי איז צו מאָל דער מענטש. אויב ער קאָן זיך נישט נוקם זיין אין זיי־נע אמתדיקע שונאים, וועלכע זענען פיל שטארקער פון אים, דעמאָלט איז ער זיך נוקם אין א שוואכערן פון אים און קאָן אים פארוואנדלען אין זיין קרבן. דאָס איז נישט פון היינט צי פון נעכטן, און אויך נישט בלויז ביז מאָרגן, נאָר תמיד וועט עס שוין מסתמא אזוי זיין. יעדער טי־ראן רייט אויף די שוואכערע פון אים, אָבער אויך זיי, די באריטענע, זענען קלענערע טיראניקלעך, קעגן נאָך שוואכערע פון זיי, ווידער די שוואכערע זוכן און צו מאָל געפינען זיי נאָך מער שוואכערע אויף וועל־כע זיי זאָלן רייטן אויף זיי, אויך ווען זיי האָבן נישט קיין „זאָטל‘‘, ווי סע האָט דער גרעסערער טיראן. (עס איז באוואוסט: טייל האלטן אז אלע מענטשן ווערן געבוירן „גוטע‘‘ מיט א יצר-טוב, אָבער מיט דער צייט אנטוויקלט זיך דער יצר-הרע און טייל פון זיי ווערן, צוליב דערציונג אָדער אנדערע סיבות, פארוואנדלט אין רשעים, זייער גאנץ לעבן גע־פינען זיי זיך אונטער דער הערשאפט פונעם יצר-הרע און זיי טוען בלויז שלעכטס. אזוי איז סיי דער מענטש וואָס שטאמט פון אָדם-הראשון, סיי ער זאָל שטאמען פון א מאלפע. איך גופא האָב אויך אזוי געמיינט, אז דער מענטש איז בטבע א „גוטער‘‘ ... פאראן אָבער טעאָריעס, אין וועלכע איך בין שוין אויך געניינט צו גלייבן, בפרט זינט נאָך דער שואה, אז דער מענטש ווערט געבוירן א „קליין חיהלע‘‘, מיט דער צייט ווערן

טייל פון זיי „אויסגעמענטשט‟ צוליבן יצר-טוב און טייל וואקסן אוים אויף גרויסע „חיות‟. נו יאָ, מיט וואָס איז דער מענטש מער ווי א חיה? ער טראכט, ער לאכט, ער רעדט — און בייסט נישט? ... אָט, די דאָזיקע קען-סימנים האָט נאָך דער אָקערשט געבוירענער מענטש נישט. טראכטן, שמייכלען, רעדן — לערנט ער זיך אוים שפּעטער מיט חדשים און יאָרן. וואָס שייך „בייסן‟, פאַרצוקן, דאָס טוט ער אויך שפּעטער, ווען ער האָט שוין „ציין‟. הייסט עס, אז אן אוממאכטיקער מענטש איז א „גוטער‟ און דאָס רישעות וואקסט ביי אים פּאַראַלעל מיט דער „מאכט‟. אדרבה, וואָס מאכטיקער — אלץ מער „חיה‟. בלויז די אוממאכטיקע זענען בארעמהארציקע און גוטהארציקע, פּרעדיקן „מענטשלעכקייט‟, ווייל זענען צווישן די געליטענע און גערודפטע, וועלכע מוזן ליידן און שווייגן, ווייל זיי קענען זיך נישט נוקם זיין. איז דאָך פאַראַן אזא מין ווערטל: „קוש די האַנט, וואָס דו קאָנסט נישט אונטערשניידן!‟) ... און אפשר האָט אזא דינסט-מיידל געהאט אויף איר הארץ סתם א שינאה צו די „מאנצבילן‟ צו וועלכע זי קאָן נישט אָנקומען, זי קאָן זיי נישט דער-גרייכן, קיין איינעם פון זיי — זענען זיי זיך איצט נוקם, איצט ווען עס איז זיי געפאַלן אין די הענט אָט דאָס קליינע „מאנצביליקל‟, דאָס קליינע בחורל? ... מע קאָן דען וויסן פון וואו סע יאווועט זיך רישעות ביי אן אומגליקלעכן מענטש, אָדער ביי אן אומגליקלעך פאַרעלטערט פאַרזעסן מיידל?! ...

דאָ, ביים מאָנטיקדיקן „טאָג‟ איז געווען אזא דינסט. אָבער נישט אלע מאָל האָב איך געגעסן מיט איר אין דער קיך. געווען טעג ווען איך האָב געגעסן אין „גרויסן‟ עס-צימער, מיינסט ווען דער בעל-בית איז געווען איז דער היים און האָט אויך געגעסן צוזאמען דעם מיטאָג אָדער די וועטשערע. ער, דער בעל-בית, האָט ארויסגעוויזן זייער פיל הארצי-קייט צו מיר. סע האָט געשטראַלט פון אים מיט גוטקייט. איך געדענק אז ער האָט מיר איין מאָל געזאָגט מיט גוטמוטיקייט:

— זעסטו — האָט ער געוויזן זיין ציכטיק פאַרקעמטע באָרד, וואָס ער האָט אויפגעהויבן מיט דער האַנטפלאַך — ווען איך וועל שוין זיין אן אלטער גרויער זקן, וועסטו שוין זיין דעמאָלט א דערוואקסענער, וועסט מסתמא שוין זיין א בעל-בית פאַר זיך, וועסטו זיך דערמאנען

אין מיר, אז דו האסט געגעסן מיט מיר צוזאמען ביי איין טיש, מיר האָבן געבענטשט צוזאמען מזומן...

איך האָב געפילט אין זיינע רייד דאָס הארציקייט. ער האָט דאָך דערמיט געוואָלט אָפּווישן דעם אונטערשיד, אז איך בין אן אורח, אז איך עס ביי אים א „טאָג“, ווייל ער האָט עס פארשטאנען מסתמא פון אייגענער דערפארונג, אז אזוי איז שוין דער סדר. היינט עס איך ביי אים א „טאָג“, מעגלעך אז צוריק מיט יאָרן האָט ער געגעסן פונקט אזוי ווי איך עס איצטער, אויך א טאָג ביי איינעם, וואָס מע האָט געהאַלטן פאר א קרוב, ווי אזוי מיין מוטער האָט אים געהאַלטן, הגם איך בין קיין מאָל נישט דערגאנגען צום ייחוס, ווי אזוי מיר זענען קרובים, אמת, מע האָט דערמאנט אין א באָבע-שבע, וועלכע האָט געזאָלט זיין אזוינע און אזעלכע, האָט געטראָגן א טלית-קטן מיט ציצית... אָט די באָבע-שבע האָט געזאָלט זיין אויך דעם בעל-ביתס באָבע... פונקט אזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אָדער גאָר פירגעזען מיטן רוח-הקודש, אז איך וועל אויך זיין א בעל-ביתל, אויך ביי מיר, ביי מיין בעל-בתישן טיש וועט עסן אין א שיינעם טאָג א „בחורל“...

נו, איז זיין נביאה נישט מקוים געוואָרן. איך בין שוין קיין בעל-ביתל נישט געוואָרן, צו מיין באַדויערן... און נאָך צום גרעסערן באַדויערן איז וואָס היינט זענען שוין מער נישטאָ יענע „בחורימלעך“ — אוישוויץ האָט דאָך אָפּגעווישט אלץ וואָס האָט געהאט צו טון מיט יענעם לעבנס-שטייגער און אזעלכע יידישע מינהגים...

אָבער דער בעל-בית, דער גוטהארציקער, האָט דאָך דאָס דעמאָלט נישט געהאט פון וואנען צו אנען אפילו. זענען זיינע רייד געווען ווי גוטער בוימל צון א וואונד, האָבן גענלעט מיין נשמה, מיר אָנגעטון א ביסעלע נחת-רוח. נו, וויפל דען דארף א מענטש, אז ער זאָל קענען איבערלעבן אויך בושות? ...

די זין זיינע זענען געווען עלטערע פון מיר. איך האָב מיט זיי נישט געהאט קיין מגע-ומשא. אפילו דער יינגסטער, וועלכער האָט זיך געלערנט אין א האנדלס-גימנאזיע, מיט מיינסט יידישע תלמידים און יידישע פראָפעסאָרן, און אין די אָוונטן געלערנט א ביסעלע גמרא און א ביסעלע דיקדוק מיט א „לערער“, וואָס איז געקומען צו זיי אהיים געבן „שטונדן“,

איז אויך געווען עלטער פון מיר און נישט געקאָנט זיך אראָפּלאָזן רעדן א וואָרט מיט מיר.

וואָס שייך די טעכטער, זענען זיי געווען „פּריילינס". מע האָט גע־רעדט מיינסט אונגעריש, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען, אָבער נישט גע־וואָגט רעדן, אז מע זאָל נישט לאַכן פון מיין גמראַדיקן אַקצענט. אזוי פיל האָב איך געוואוסט, אז ווען מע האָט ארויסגעלאָזט דאָס וואָרט „באָכער" (ארויסגערעדט „באָוכער"!) האָב איך אויסגעשפּיצט די אויערן, מע האָט דאָך געמיינט מיך. אמת, די יינגסטע, וועלכע איז געווען אין מיין עלטער — יענע איז געווען א מין צרה־לייד. זי האָט תמיד ווי געזוכט מיך צו רייצן, צו פּראָוואָצירן ... איין מאָל האָט זי פּשוט מיר „אוועקגע־גנבעט" דאָס מעסער פונעם טיש, פאַרשטייט זיך, אז איך האָב שוין נישט געקאָנט עסן. איך האָב טאַקע אין יענעם טאָג נישט געגעסן קיין מיטאָג. אָבער אין אָוונט, האָט זי ווי מיט חוצפּה מיך געפרעגט צי איך בין חלילה נישט קראַנק, ווייל איך האָב כמעט גאָרנישט געגעסן היינט ... אמת, איך בין איר נישט שולדיק געבליבן. זי איז דאָך געווען א קליין שלעפּל, האָב איך געוואָגט איר צו ענטפערן ווי זי האָט עס פאַרדינט (און איצט טראַכט איך, אז זי האָט עס גאַנץ זיכער נישט פאַרדינט. זי האָט עס נישט געטון פאַר בייזקייט. זי האָט עס געטון פון מיידלישער קאַפּ־ריזנעקייט. אפשר האָט זי מיך גאָר סימפּאַטיזירט, טראַכט איך איצט, און געוואָלט מיט מיר אזוי אָנהייבן א פלירטעווען?!):

— איך בין נישט קראַנק, נאָר עס איז געווען יענץ נישט־קראַנק הענטל וואָס האָט מיר אוועקגעלקחנט דאָס מעסער ... דעריבער האָב איך נישט געגעסן ...

זינט דעמאָלט האָט זי מיר מער נישט אָנגעטון קיין רישעות. אדרבה, זינט דעמאָלט האָב איך אין איר געהאַט א מליץ־יושר.

# פרי־מגדים

איך האָב פריער דערמאנט וועגן לערנען יורה-דעה מיט פרי-מגדים און צוגעזאָגט עס צו דערציילן שפּעטער. איז וויל איך עס נישט אָפּלייגן צו פיל, נאָר ענדיקן מיט דעם. ווייל אָפּלייגן קאָן ברענגען אז איך זאָל גאָר פארגעסן וועגן גאנצן עניין, און סע דאכט זיך אז איך טאָר נישט איבערהיפּערן אזא מין נישט „קליינִיקייט".

ווי געזאָגט, בין איך געווען א מייסטער אין „לייענען" א שיעור גמרא, דאָס הייסט צו לערנען אליין, אָן א מלמד צי אן אנדערן ארוים-הילף. דאָס האָב איך גענירשנט, אָדער „געגנבעט" פון מיין פאָטער זכרונו לברכה. ער איז געווען דער וואָס האָט עס מיך אויסגעלערנט ווי אזוי צו לערנען אליין, ארויסהעלפנדיק זיך מיטן פירוש רשי. טאַקע אזוי האָב איך זיך צוגעוויינט: מיט איין פינגער האָב איך מיר געטייטלט אין דער גמרא און מיטן צווייטן אין דערנעבנדיקן פירוש פון רשי. נאָך עפּעס האָט ער מיך מיט דער געלעגנהייט אויסגעלערנט. אויב עס איז מיר עפּעס נישט פארשטענדלעך, זאָל איך זיך נישט אָפּשטעלן, ווייל דאָס גאנצע קאָן נאָר פירן צום פארלירן צייט, וואָס איז אזוי טייער וואָס מע טאָר נישט פארטראָצען ווען סע האנדלט זיך אין לערנען תורה... אויב איך פארשטיי נישט, למשל, א וואָרט צי א גאנצן זאַץ, זאָל איך מיר גיין ווייטער, ווייל פון דעם ווייטערדיקן קאָן איך געוואויר ווערן סיי דאָס ארא-מישע וואָרט, וואָס רשי האָט עס איצט נישט פארטייטשט, מיינענדיק אז עס איז שוין באקאנט, און אפשר האָט ער עס טאַקע שוין יאָ פאר-טייטשט, אָבער איצט, ווען איך בין צון אים אָנגעקומען ווייל ער עס נישט איבערחזרן — איז זאָל איך גיין ווייטער און וועל עס שוין מסתמא אליין פארשטיין, אָדער גאָר די גאנצע שטעלע פון דער גמרא, וואָס איז אפשר

איצט פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך, זאָל איך לערנען ווייטער און געווים וועט עס מיר קלאָר ווערן, ווייטער, וואָס ווייטער, נאָר נישט זיך אָפּשטעלן צו פאַרלירן צייט ...

עס איז מעגלעך, אַז איך האָב איצט דאָס נישט גענוג קלאָר אויפגעקלערט אַז מע זאָל פאַרשטיין דעם דאָזיקן זייער גוטן מעטאָד, איז וועל איך מאַכן אַ פאַרגלייך מיט אַ רעבוס. אַנו, ווער האָט אין זיין לעבן נישט געפּרואווט זיך צו פאַרווײַלן מיט לעזן רעטענישן, קרייצווערטער, דורך אויספולן די אותיות אין די ליידיקע קעסטעלעך? אויב יאָ, וועט מען זיך באַלד דערמאָנען אַז ווען מע האָט זיך פאַרהאַקט און נישט געפונען דאָס וואָרט, למשל פון דריי אותיות, וואָס מע מיינט אַ וויכטיקע שבתדיקע שפּייז — וועט מען זיך אויך מוזן דערמאָנען, אַז יענע וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, זענען באַלד געוואויר געוואָרן אַז דאָס מיינט מען „חלה"... ווידער יענע וועלכע האָבן זיך עקשנותדיק געבראָכן דעם מוח, האָבן נישט אויסגעפונען דאָס דאָזיקע פאַרכישופנדיקע וואָרט, ווייל זיי האָבן גאָר געוואָלט אַז דאָס זאָל זיין, למשל, „יין" — אויך דריי אותיות, וויכטיק צו אַ שבתדיקער סעודה, צו מאַכן קידוש ... אַזוי איז אויך ביים „לייענען" אַ שיעור גמרא.

ווער סע האָט געזען מוראַשקעס, ווי אַזוי זיי לויפן מיט אַ שטרוי, וואָס איז פיל גרעסער און אויך שווערער ווי זייער אייגענע משאַ; גייען, גייען, גלייך זיי וואָלטן געזוכט ווער ווייסט וואָס. און אפשר זוכן זיי טאַקע יאָ עפּעס, נאָר מיר ווייסן נישט וואָס. אָבער איין זאַך קאָנען מיר זיך יאָ אָפּלערנען פון זיי: ווען זיי גייען אַזוי, לויפנדיק, אויב זיי באַגעגענען אויף זייער וועג אַ שטרויכלונג, שטעלן זיי זיך אָפּ אויף איין קורצער ווייל, אָבער באַלד גייען זיי צוריק עטלעכע טריט און נעמען אויסווייכן דאָס שטרויכלונג, און גייען פאָרויס ... אָט אַזוי דאַרף מען טון תמיד, מיין איך, ווען מע דאַרף לעזן אַ פּראָבלעם און מע באַגעגנט אַ שטרויכלונג. איך האַלט פון דאָזיקן כלל אויך היינט, ווען איך דערצייל אַ געשעעניש, דאָס הייסט, ווען איך שרייב אַ מעשהלע. זאָל מען נישט מיינען אַז תמיד קומט עס אָן אַזוי לייכט, ווי מע זאָגט, ווי מע נעמט אַרוים אַ האָר פון דער מילעך, צי ווען מע סיליעט אַ אויף פּאָדעם אַ שנירל פּערל-קרעלן ... ביין, צו מאָל פאַרהאַקט זיך דאָס מעשהלע, מע קומט אָן ווי אין אַ זאַק-

גאס, און — ווייטער גייט עס נישט... נו, ווי אזוי זשע דערציילט מען עס ווייטער, אז סע גייט נישט? איז דאָ אויך חל דער פריער דערמאַנטער מעטאָד: מע שטעלט זיך אָפּ, מע גייט צוריק עטלעכע טריט, מע שטרייכט אויס עטלעכע שורות, מע ווייכט אויס די שטרויכלונג, וואָס מע האָט זיך דאָס מאָל אליין אונטערגעשטעלט, מע נעמט דערציילן א ביסל זייטיק, אויסמיידנדיק, ביז מע דערגייט ווידער אויפן ברייטן „שליאך“, אויף וועלכן מע האָט זיך געלאָזט פון פריער...

אָט דאָס האָב איך זיך געלערנט נאָך דעמאָלט פון מיין פאָטער, זכרונו לברכה, ווי אזוי מע קאָן אויסמיידן אז מע זאָל זיך נישט פאַר-היקען ביי א שווער שטיקל גמרא...

איך מיין אז איך וועל נישט זינדיקן מיט באַרימערישקייט, ווען איך וועל איצט דערמאָנען פאָלגנדיקן עפּיזאָד; פיל פריער פון יענער צייט, ווען וועלכער איך דערצייל, איז עס געשען. אין א בין-השמשות, פאַרן דאַווענען מעריב, אין לעצטן טאָג פּסח, ווען דער עולם האָט זיך געלאַנגווייליקט, דער יום-טוב האָט זיך נאָך נישט גענצלעך געענדיקט, אָבער די דאגות, די וואָכנדיקע, זענען שוין באַפאַלן — אָט-אָט און מע וועט דאַרפן אָנהייבן ווידער דאָס „חמצדיקע“ לעבן מיט די טאָג-טעגלעכע דאגות פּרנסה... שטעלט אָפּ דער ראש-הקהל (יעדער ראש-הקהל מוז זיין א „לערנער“, בפרט ווען ער האָט א בייכל ווי א ראש-הקהל!) איינעם פון מיינע חדר-חברים: אנו, שמואליק, וואָס האָסטו געלערנט דעם ווינ-טער? וועל איך נישט מאריך זיין ווי אזוי ער האט געענטפערט, וואָס מע האָט אים דערנאָכדעם געפרעגט, ווי אזוי ער האָט ארויסגעוויזן זיינע קענטעניש. איך וועל נאָר דערציילן אז איך בין מיר געשטאַנען פון דער ווייטנס, א שעמעוודיקער בין איך דאָך געווען, און זיך צוגעהערט.

ווען דער ראש-הקהל האָט געענדיקט מיט אים, האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר ארויסרופעריש:

— אנו, איצט לאָמיר הערן וואָס האָסטו געלערנט? אנו, קום אהער נענטער, וועל איך דיך אויך פאַרהערן...

בין איך צוגעקומען נענטער צון אים, מיט פאַמעלעכע טריט, נישט געוואַגט, ווי א ביישן, אָבער נענטער, גאָר נאָענט, ווייל ער איז געווען א ביסל טויבלעך (ביי דער געלעגנהייט וועל איך דערמאָנען זיין טבע,

וואָס איז גוט צו פאַרגעדענקען: ווען אים האָט עפּעס נישט גוט געפאַלן וואָס מע זאָגט איבּ, פלעגט ער זאָגן, „מעגסט זאָגן וואָס דו ווילסט, איך הער סיי ווי נישט"... ווידער, אז מע האָט זיך אונטערגעוואָרטשעט וואָס אים האָט יאָ אינטערעסירט הגם אים איז עס נישט גוט געפאַלן, פלעגט ער זאָגן: „וואָס מיינסטו, איך הער נישט וואָס דו זאָגסט? איך דערקען לויט דעם וואָס דו מאַכסט מיט די ליפּן"... אזוי, אז וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער דווקא יאָ געהערט, הגם ער איז געווען טויבלעך!).

— וואָס זאָל איך דיך פאַרהערן, זאָג, וואָס האָסטו געלערנט?

האָב איך גענומען א משניות, וואָס איז געווען אויף א דערנעבנדיקן שטענדער און אים דערלאַנגט אין די הענט:

— מישט אויף סיי וואו איר ווילט, וועל איך אריינקוקן עטלעכע מי־נוט און איך וועל אייך... קאָנט איר מיך פאַרהערן...

— וואָס זאָל איך דיך פאַרהערן? — האָט דער ראש־הקהל נישט פאַרשטאַנען וואָס איך האָב אים געזאָגט, און אוודאי געמיינט אז ער האָט נישט גוט דערהערט — וואָס ווילסטו זאָל איך אויפמישן?

— מישט אויף, זייט מוחל, אויף טרעף, וואו סע וועט פאַלן דער גורל, דאָרט וועל איך אייך „לייענען" — האָב איך געשריגן הויך, אז ער זאָל גוט הערן וואָס איך וויל זאָגן.

ער איז געבליבן א ביסל פאַרוואונדערט, אָבער ער האָט נישט גע־שמייכלט, נאָר אדרבה, ער האָט פאַרצויגן זיינע געדיכטע ברעמען, ער האָט געמאַכט א מינע גלייך ער וואָלט זיך געבייזערט אויף מיר. אָבער ער האָט דאָך אויפגעמישט א משניות (פאַר וואָס א משניות? ווייל אין יענעם בית־המדרש זענען קיין גמרות נישט געווען, האָב איך באַניצט א משניות!) און עס געעפנט. איך געדענק נאָך היינט אז סע האָט זיך געעפנט ביי דער מסכת יומא, די ערשטע משנה, דאַכט זיך. איך געדענק נישט פּינקטלעך, אָבער דאָך געדענק איך אז איך האָב געבעטן עטלעכע מינוט, אז איך זאָל מיר „פּירקוקן" און באַלד אָנגעהויבן, נישט „לייענען" ווי מע זאָגט געוויינטלעך, אָדער „לערנען א פּרק משניות", נאָר ממש איך האָב זיך צעשריגן, כדי ער זאָל מיך קאָנען דערהערן, אויך טויבערהייט, הויך, העכער, אז מע האָט געקאָנט הערן אויפן גאַנצן שטעטל ווי סע קלינגט אָפּ מיין גמרא ניגון, הויך, הויך אויף דער העכס־

טער אָקטאַווע ... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען קיין פּשוטער עקזאַמען, נאָר ממש אַ קאָמפּעטיציע, ווי אַ ספּאָרט-פאַרמעסט, אָבער לײַדער האָט מען קיין מעדאַלן נישט געגעבן פאַר אַזאַ מין נצחון. כלעבן, איך ווייס נישט פאַר וואָס מע זאָל געווען נישט געבן קיין מעדאַלן ... איך מיין נאָך הײַנט, אַז לערנען אַ רעטעניש, אָדער אַ רעטעניש, פון דער גמרא, אָדער ווי מע פלעגט עס דעמאָלט רופן, אַ „ווײַזערל“, איז פיל וויכטיקער אויך פונעם ספּאָרטלעכן שטאַנדפּונקט, ווי דריגען אין אַ באַל ... אָבער דאָס זענען יידישע געדאַנקען, וואָס זענען נישט חל אין די ספּאָרטלעכע דעגולאַמינען.

יאָ, אַלץ איז שיין און גוט, ווען סע האַנדלט זיך אין גמרא, אָדער אפילו אויך תוספות. דאָ, אין מיין נײַעם חדר, האָט זיך עס אָבער שוין אָנגעהויבן מיט יורה-דעה און פרי-מגדים, ווי געזאָגט, וואָס איז געווען גענצלעך ניי פאַר מיר. דאָ העלפט נישט קיין „קאָפּ“, קיין פאַרשטענדעניש, קיין גמראַדיקע לאָגיק, נאָר ממש זיך אויסלערנען לײַענען ראָשי-תיבותן מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט צום ערשטן מאָל. דעררויטן קאָן מען עס נישט, דאָס דאַרף מען בלויז פאַרגעדענקען, און אויף צו פאַרגעדענקען דאַרף מען עס קודם לערנען פון אַן אַנדערן ... האָב איך באַקומען צון אַ קניפּ פאַר יעדן גרייז. מיין גאַנץ לײַב איז געווען בלויז בלוי פון צייכנס, וואָס האָבן עדות געזאָגט אַז דער אורח-חיים, אַז דער פרי-מגדים האָט געשאַנעוועט דאָס פּאַפּיר און געשריבן מיט סאַמע ראָשי-תיבותן ...

איך רעד שוין נישט פון דער בושה. שטעלט אייך פאָר, אַז איינער ווי איך, נישט נאָר וואָס ער האַלט זיך פאַר אַ קענער, נאָר ער איז עס טאַקע, ווייזט זיך גאָר אַרויס אַז ער איז אַ פּשוטער עם-הארץ און קאָן נישט קיין „עברי“ אין רשי-כתב, וואָס איז געשריבן אין לשון-קודש, נישט אַראַמיש — און דאָך שטיי איך ווי דער האָן פאַרן „בני-אדם“, און דער מלמד, כמעט אַ גאון, קנייפּט מיך, גלײַך איך וואָלט געווען פון טייג, ווידער רײַסט ער מיר אַרויס צון אַ שטיק פלייש, אַ שטיק הארץ, נאָך אַ שטיק הארץ און נאָך איין שטיק ... וויפל זשע „הארץ“ האָט אַזאַ קליין בחורל?

יאָרן האָט מיך פאַרפאָלגט דער געדאַנק פונעם פּאַפּיר-מאַנגל פון יענעם אָרעמען פרי-מגדים. מע קאָן מיר גלייבן, אַז אפילו איך וואָלט

יאָ געוואָלט באַקומען אַמאָל הערמינע, איז עס נישט געווען צוליב ווערן אַ רב, חלילה. אפילו מיינע עלטערן האָבן עס נישט דערוואַרט פון מיר. אָבער אַז איך זאָל אויסלערנען צו זיין ראוי אויף צו ווערן אַ רב, אָט דאָס טאַקע יאָ. אָבער, ווי אַזוי לייענט מען אַרויס די סודות פון די דאָזיקע ראָשי-תיבותן?

איך האָב געהערט אַ לעגענדע, אַז דער פּרי-מגדים זאָל געווען זיין אַ גרויסער קבצן, ער האָט נישט געהאַט אויף קיין פּרנסה פאַר ווייב און קינדער — איז פון וואַנען זשע זאָל ער האָבן געלט אויף פּאַפּיר אויף צו שרייבן זיינע חידושים אויף דער יורה-דעה?! האָט ער געשריבן זיינע פּירושים, באַמערקן, מוחדיקע אויפטוען אויפן טיש, אויף די ווענט, אויף וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, וואו ער האָט נאָר געפונען אַ ווייסן, צי ליכטיקן פלאַך, אויף וועלכן ער זאָל פאַרצייכענען זיינע „איינפאַלן“... נו, און איך דאַרף זיי לייענען.

די לעגענדע דערציילט אויך, אַז איין מאָל, אין אַ פאַר פּסח, האָט זיין ווייב אויסגעקאַלעכט די שטוב, בעת איר מאַן איז געווען אין בית-המדרש — און ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער געטראָפן אָפּגעמעקטע זיינע אַלע חידושים, וואָס ער האָט פאַרצייכנט מיט אַזוי פיל מי, מיט אַזוי פיל ראָשי-תיבותן אויף די ווענט, די פאַררייכערטע, איבערן ווינטער...

שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך האָב געוואָלט געוואויר ווערן מערער איינצלהייטן וועגן מיין „יוגנט-שונא“, האָב איך נאָכגעזוכט אַז דער „פּרי-מגדים“ איז געווען דער פראַנקפורטער רב אין סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט און האָט געהייסן ר' יוסף ב"ר מאיר תאומים, אַז ער האָט געשריבן פיל ספרים, אויף פאַרשידענע געביטן, אָבער איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט (אוי איז דאָס געווען פאַר מיר אַזאַ שלעכט „באַגע-געניש“!) אין זיינע פּירושים אויפן שולחן-ערוך... פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אָרעמע דאַטן האָבן מיך נישט געקאָנט באַפרידיקן, זאָל מען נאָר אַ טראַכט טון: אַ רב אין פראַנקפורט, וואָס געפינט נישט קיין מנוחה, נאָר זיצט און שרייבט חיבורים זאָל זיין אַזוי אָרעם, אַז ער זאָל אפילו נישט האָבן אַ שטיקל פּאַפּיר, נישט אויף צום דרוקן, נאָר אפילו אויף צו פאַרצייכענען מיט אַ געגנדזענער פּעדער, נאָר מוזן שרייבן אויף די ווענט?!

האָב איך נאָכגעזוכט און אויסגעפונען אז ער איז גאָר געווען א צייט נישט מער ווי אן אָרעמער דרדקי-מלמד, אין לעמבעריק, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, געלעבט אין דחקות און מיר אָנגעשריבן די „פאר-שאָלטענע" ראָשי-תיבותן אויף די ווענט... ערשט נאָכן אָפּלעבן פון זיין פאָטער, דאָס הייסט אז ווען ער האָט שוין אָפּגעלעבט צוויי דריטל פון זיין בידנע לעבן, ערשט דעמאָלט איז ער געוואָרן רב, קודם אין לעמבעריק און דערנאָכדעם מגולגל געוואָרן קיין פראנקפורט ביי דער אָדער.

וואָס ווייסן הייגטיקע מחברים, ווי אזוי סע האָט געלעבט אין מיטל-אלטער אזא גרויסער געלערנטער און געמוזט שרייבן אויף די „ווענט" זיינע חידושים... וואָס ווייסן די הייגטיקע מחברים?

אקעגן וואָס איז עס צו רייד געקומען?

כדי צו ווייזן וואָס פאר א פריידן סע האָבן מיך געוואַרט אין חדר, אין סופסטן זמן פון מיין לערנען אין חדר — נאָך דעם ווי איך בין גע-קומען א פרייליכער א „זאטער" פונעם עסן די „טעג"...

# א להכעיסריקער דווקאניק

דער שבתדיקער „טאָג‘‘ איז געווען אי שלעכט אי גוט... גוט איז ער געווען ווייל דאָס איז געווען א „זאטער‘‘, ניין, דער זעטיקסטער טאָג אין דער וואָך. ביי סיי וועלכן בעל־בית האָט מען שבת געגעסן אי לכבוד שבת אי לכבוד קישקע, ווי מע פלעגט זאָגן. איצט האָט מען נישט גע־קאָנט אָפּקומען מיט סיי וואָס פאר מאכל ווי אין א וואָכנטאָג. מחמת דעם איז עס געווען „גוט‘‘... עס איז אָבער נישט געווען אזוי „גוט‘‘ ווי מע וואָלט געקאָנט מיינען, ווייל אין דאָזיקן טאָג, הגם ער איז געווען אזוי צו זאָגן א „פרייער‘‘ טאָג, ווען מע האָט נישט געהאט קיין עול פון תורה, האָט מען אָבער יאָ געהאט אַן עול פון „סעודה‘‘. מע האָט זיך געדארפט האלטן אין שאָטן פונעם בעל־הבית, ביי וועלכן מע האָט געגעסן. דאָס מאָל האָט מען דאָך געמוזט עסן צוזאמען, אלע צוזאמען, די גאנצע מישפחה — איז האָט מען געדארפט דאווענען פרייטיק צו נאכטס צי שבת פרי אין דער זעלביקער קלויז מיטן בעל־הבית, און אויב נישט האָט מען געדארפט אים אָפּווארטן און אים נאָכגיין, ווי א קעלבל גייט נאָך דער קו, און אָנ־קומען אהיים צוזאמען...

האָב איך קודם געגעסן „שבת‘‘ ביי א זייער מיוחסדיקן בעל־הבית. ער האָט געהאט אין דער יידישער גאס א גאָר באשיידן שיך־געוועלבל, א שמאָלס, וואָס מע האָט קוים געקאָנט ארייננגיין אויב עס איז שוין גע־ווען עמעצער אינעווייניק. וויפל פרנסה אזא געוועלבל האָט געקאָנט ברענגען ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל (אגב, דער זעלביקער גאָט אין הימל האָט געהאט זייער פיל אזעלכע בעלי־בתים אין סיגעט, וועלכע זע־נען געווען גרויסע מיוחסים אָבער גאָר קליינע נגידים!). אָבער שבת איז שבת. ווען מע האָט זיך ארומגעזעצט ארום שבתדיקן טיש, זענען

מיר געווען ... איך בין געווען דער אכטער אָדער גאָר דער נײַנטער „עסער“, ווײַל סע זענען געווען א פינעף־זעקס קינדערלעך, יידישע קינדערלעך, הייליקע קינדערלעך, מע וואָלט געקאָנט זאָגן „משהלעך און שלמהלעך“ ... די מיידעלעך מיט צעפּעלעך אויסגעצוואָגענע לכבוד שבת, די יינגעלעך מיט סאַמעטענע היטלעך, גידעריקע, ווי די סיגעטער חסידים פלעגן טראָגן, מיט לאַנגע געקרײַזלטע פּאַהקעלעך, פיל לענגערע ווי מיינע זענען געווען. אויך מיינע זענען געווען גענוג לאַנגע, ווײַל אונטערגעשניטן האָב איך זיי דאָך נישט. אָבער איך האָב זיי פאַרקרײַזלט עפּטער, געדיכטער, האָבן זיי אויסגעזען ווי לאָקעלעך, בעת די פּאַהקעלעך פון די יינגעלעך זענען געווען נאָכהענגענדיקער, לענגערע.

דער בעל־בית איז געזעסן, פאַרשטייט זיך, אויבנאָן, ווי יעדער בעל־בית, און איך בין געזעסן „אונטנאָן“, פּונקט אַקעגן אים, פּנים אל פּנים, פון ביידע זייטן טיש זענען געזעסן די קינדערלעך, לויט דער גרייס. דאָס הייסט, די קלענערע זענען געזעסן נענטער צום בעל־בית, רעכטס פון אים די בעל־הביתטע, און די גרעסערע קינדערלעך זענען געווען נענטער צו מיר. און אויך דאָס איז געווען זייער גוט ... פאַר וואָס? הערט א מעשה: איין מאָל האָט זיך פאַרגלוסט פאַרן קלענערן, אז ער וויל דווקא זיצן נעבן „באָוכער“, נו־נו, האָב איך שוין דעמאָלט געהאַט א שבת — אויף אלע מיינע שונאימס קעפּ געזאָגט געוואָרן ...

וועגן די מאכלים האָב איך גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ביי מיין מוטערס טיש אין דער היים האָב איך אזעלכע גוטע מאכלים נישט געגעסן. סע זענען געווען פון די כאמע באַטעמטסטע שבתדיקע מאכלים (דאָ מוז איך אריינוואַרפן א שטיקל רכילות... זאָל מיר די מוטער, זכרונה לברכה, מוחל זיין טויזנט מאָל. איך מיין נישט זי, איך מיין די וואַנט. אָבער אזוי פיל וויל איך יאָ באַמערקן כאָטש בדרך אגב, אז מיין מוטער איז נישט געווען קיין גאָר גרויסע בריה אין קאָכן ... נאָר צוריק געשמועסט, איז עס דען געווען איר שולד? פון וואַנען זאָל זי געווען נעמען יענע קאַרפּן אָדער העכטן אויף צו מאכן יענע באַטעמטע שבתדיקע געפּולטע פיש?! פון וואַנען זאָל זי געווען נעמען יענע עופות, אויסגעמישט מיטן בעסטן רינד־פלייש, צון א שטיקל שפּיץ־ברוסט, א מאַרעך־ביין, אז די יויך זאָל טאַקע האָבן יענעם שבתדיקן טעם?! פון וואַנען זאָל זי געווען נע-

מען אָט דאָס אלעס, אויף צו האָבן שניי-ווייסע קוילעטשן, צו האָבן אזוי פיל צימעסן, ווי סע האָבן געהאט די נגידישע בעלי-בתים, ביי וועלכע איך האָב געגעסן די „טעג“?) די בעל-הביתטע האָט וווּזט אוים יאָ גע-קאָנט מאכן געשמאקע מאכלים (זי האָט נישט געהאט קיין קעכין. א דינסט יאָ, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן קלענסטן קינד, וואָס איז כמעט נאָך געווען א זויגלינג, אָבער דאָך שוין געזעסן ביים טיש אויף א ספּעציעל הויך קינדער-בענקעלע!). אלעס איז געווען זייער באטעמט, ריין און ציכטיק, אָבער ... תמיד זענען געווען טענות ביים טיש. איך ווייס נישט ווי אזוי עס איז דאָ געווען אין דער וואָכן, אָבער סע האָט זיך מיר גע-דאכט אז דווקא אויף שבת האָבן זיך אָנגעזאמלט צו פיל טעמעס צו בא-שמועסן און צו דיסקוטירן מיט הייסער פּאָלעמיק. נישט חלילה קעגן מיר. נאָר וויכוחים צווישן די בעלי-בתים. דער בעל-הבית וואָס איז גע-זעסן ווי פּסח אויפן העסע-בעט, האָט געקיניגט און געפירט מיט דער „קיניגין“ א שמועס, וואָס איז נישט זעלטן אריבער צון א מחלוקה. פאר-שטייט זיך, אז דאָס איז געווען זייער פּיינלעך פאר מיר. איך פלעג אראָפּ-לאָזן די אויגן, אין אזא מאָמענט, און נישט געוואגט צו קוקן קיינעם אין פּנים אריין. סע וואָלט דאָך אויסגעזען, אז הגם איך שווייג, נעם איך דאָך טייל אין דער דיסקוסיע כאָטש מיטן בליק, איז מיט וועמען זאָל איך „האלטן“? דער וויכוח איז דאָך אחוץ מיר. זאָל איך זשע עס אויסמיידן, כדי סע זאָל מיך אויסמיידן ...

וואָס זאָל איך לאנגברייען? דער דאָזיקער „טאָג“ איז נישט געווען פאר מיר און איך בין נישט געווען פאר אים. איך האָב געוואַרט אז סע זאָל זיך ענדיקן דער „זמן“, אז איך זאָל אים איבערלאָזן. פאר וואָס? וועגן „אידעאָלאָגישע“ דיפערענצן ... פריער האָב איך דערמאנט דעם חילוק צווישן מיינע פּיאות און די פּיאות פון די יינגעלעך — איז געווען נאָך איין חילוק, א מער תמציתדיקער: מיין סאמעטענער הוט איז נישט געווען קיין פלאטשיקער, ווי סע זענען געווען ביי די סיגעטער און סאט-מארער חסידים. מיין כאמעטן היטל איז געווען א הויכס ווי סע פלעגן טראָגן די ווזשניצער חסידים — בין איך דאָך געווען ביים טיש ווי א מין שעטנז?!

דאָס איז איינס.

והשנית, האָט מיר איין מאָל געזאָגט דער בעל־הבית, אז ער האָט מיך נישט געזען פרייטיק צו נאכטס, נאָכן עסן,ביים רבינס „טיש". האָב איך אים געזאָגט, אז איך גיי כמעט תמיד צום רבינס טיש. אָבער איך האב אים אויך נישט געזען... לאָזט זיך אויס א מעשה, אז איך מאך קוים א הונדערט שפאַן פון זיין הויז ביז צום באָרשער רבים „טיש" (דער באָרשער רבי איז געווען דער ברודער פונעם וויזשניצער רבי!), וואו איך כאפּ אויך שריים מיט אלע חסידים צוזאמען (און אוודאי מיט מיין פאָטער!), בעת מיין בעל־הבית פלעג גיין א וויטערן מהלך צום סיגעטער רבס טיש...

אָט אזא מין „אידעאָלאָגישן" חילוק אָדער סיכסוך האָב איך געהאט מיטן בעל־הבית.

נו, איז ווען דער נייער „זמן" האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך שוין נישט באנייט מיין „טאָג" ביי אים. איך האָב מיר געפונען אין דער יידישער גאס אן אנדערן בעל־בית. אויך א געוועלבער, אויך א מיוחס, אמת א קלענערער — אָבער אין שטוב זענען שוין קיין קליינע קינדער נישט געווען... סע זענען געווען פיר טעכטער, אוי, טעכטער דערוואקסענע, כמעט איבערדעוואקסענע, איבערגעוואקסענע — און איין זון.

א טייערער ייד איז דאָס געווען, דער דאָזיקער בעל־בית. אן עניו, א תלמיד־חכם אפשר איז ער גאָר געווען א למד־וואָוו צדיק, אָבער בכל אופן איז ער געווען א קרבן...

כלעבן, אויך היינט ווען איך דערמאָן אָט די דאָזיקע נישט דערגעסענע „טעג", נעמט מיך ארום א געפיל פון רחמנות אויפן דאָזיקן ייד. ווען סע זאָל געוואָנדן זיין אין מיר, וואָלט איך כלעבן געגעבן זיין נאָמען פאר דער דעמאָלט אָנגערופענער „יידישער גאס". ער וואָלט עם ערלעך פארדינט. אָבער סע גייט דען עפּעס לויט דער פארדינסט? ... והאָ־ראייה, האָט מען דאָך די זעלביקע גאס אָנגערופן תיכף נאָך דער שואה, תיכף, ווען די „וואונד" איז נאָך געווען פריש, און מע האָט נישט געקאָנט אויך ווען מע וואָלט געוועלט פארגעסן, האָט מען די דאָזיקע גאס אָנגערופן „די גאס פון די דעפּאָרטירטע". נו, אוודאי איז עס געווען א יושר. אָבער דערנאָכדעם, נאָך א שטיקל צייט, האָט מען עס „איבערגעמאכט" און די זעלביקע גאס איז שוין אָנגערופן געוואָרן „האָרעא"...

נו, אויך האָרעא איז גוט. זייער גוט. ער איז דאָך געווען א רעוואָלוציאָ-
נער, איין אכצנטן יאָרהונדערט, אָנגעפירט מיט א פויערים אויפשטאנד ...

דאָס געוועלבל פונעם איצטיקן בעל-בית מיינעם איז געווען, ווי
נישט זעלטענע סיגעטער געוועלבלעך, מיט פויערישע טיכלעך, פאר-
טעכער, פאָדעם פון ווייסער ביינוול, פון ווייסער וואָל — און פון פאר-
שווארצטע צרות ...

דער טיש, די שבתדיקע סעודה איז טאקע געווען א „שבתדיקע"
אָבער נישט אזוי רחבותדיק ווי פריער. דאָ האָב איך זיך אָבער געפילט
היימישער ביים טיש, ווייל איך בין געווען דער דריטער מאנצביל און
מיר האָבן געבענטשט מיט מזומן ... יאָ, רוען זאָל ער אין ליכטיקן גן-
עדן, דער בעל-בית האָט מיר אָפגעגעבן כבוד און איך האָב געבענטשט
פרייטיק צו נאכטס, ער שבת פרי, און זיין זון ערשט צו שלוש-סעודות.

ביים טיש זענען נישט געווען קיין וויכוחים צווישן די בעלי-בתים ...
נאָר, זאָל דער אין הימל שומר ומציל זיין, ווען די פיר טעכטער האָבן
אָנגעהויבן מיט זייערע ווייבערישע פּיסקלעך, אויף א מין פייגל-שפראך:
גערעדט אונגעריש, אָבער פאר יעדן וואָרט האָט מען צוגעלייגט א „ספ".
שטעלט אייך פאָר, ווען מע רעדט שנעל, שנעל ווי פון א קוילנוואַרפער,
אָבער זייערע צינגלעך האָבן זיך נישט פארפּלאָנטערט, האָט קיינער נישט
געקאָנט פארשטיין גאָרנישט וועגן וואָס זיי רעדן.

איצט וועל איך שוין אויסזאָגן דעם אמת, אז איך האָב זיך אָפּגע-
געבן פיל מי אז איך זאָל זיך אויך אויסלערנען די דאָזיקע פייגל-שפראך.
איך האָב געמאכט איבונגען און דערגאנגען קודם צו פארשטיין דאָס מאָדנע
לשון, וואָס איז געווען פאר מיר א מין סאנסקריטיש לשון, דערנאָכדעם
האָב איך שוין איין מאָל ארייגגעוואָרפן מיין א צווישנרוף, דווקא ווען
זיי האָבן גערעדט אזוי פריי וועגן מיר, זייענדיק מער ווי זיכער אז דער
„באָוכער" פארשטייט נישט זייער „עספעראנטאָ"... ווען איך האָב
ארייננעוואָרפן מיין „צווישנרוף" טאקע אויף זייער פייגל-לשון, זענען
זיי קודם פארשטומט געוואָרן, דערנאָך האָבן זיי זיך אלע צעלאכט, כמעט
היסטעריש ווי א וואסערפאָל און האָבן זיך קוים געקאָנט איינשטילן ...
דער בעל-הבית האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס געלעכטער באטייט, פאר
וואָס איז די מהומה, פונקט אזוי ווי ער האָט קיין מאָל נישט געוואוסט

וואָס זיי פּלאַפּלען אַרום ביים טיש ... פון צייט צו צייט פּלעג ער זיך צעבייזערן אַז „כאָטש שבת, ביים טיש, זאָל מען רעדן יידיש" ...

דער בעל-בית האָט מיך געהאַלטן ווי זיין אייגענעם זון. איך מיין אַז ער האָט באַדויערט וואָס איך בין צו יונג — וואָלט איך געווען עלטער מיט עטלעכע יאָר, וואָלט ער מיך דען אַרויסגעלאָזט פון די הענט?! ... אמת, איצט שעם איך מיך שוין נישט אויסצוזאָגן, אַז די יינגסטע טאָכטער וואָלט מיר אויך געווען געפעלן (אין יענער צייט האָבן מיר נישט געקאָנט געפעלן קיין מיידלעך פון מיין עלטער, נאָר דווקא עלטערע פון מיר מיט אַ ... כאָטש אַ צען יאָר!), הגם זי איז געווען די „יינגסטע" דאָך איז זי עלטער געווען ווי צוואַנציק יאָר, און איך האָב קוים דערגרייכט די פערצן ...

איין מאָל, נאָך דעם שלוש-סעודותדיקן בענטשן, האָט מיר דער בעל-בית געזאָגט אַז איך זאָל אַריינקומען צו אים מאָנטיק פאַר מיטאָג. האָב איך שוין געטראַכט און איבערגעטראַכט, וואָס וויל ער מיר זאָגן? ... איך ווייס נישט, און אפשר ווייס איך גאָר יאָ, אַז עס איז אַ יידישער חסרון, פון אומרואיקייט. עס איז נישט בלויז מיין חסרון. אַ פאַקט איז אָבער אַז ביזן הייַנטיקן טאָג: אויב עמעצער וויל אַז איך זאָל נישט שלאָפן גאַנצע נעכט, זאָל ער מיר זאָגן שבת אַז מאָנטיק וויל ער מיר עפּעס מודיע זיין. אויך הייַנט, ווען דאָס נייגעריקייט בכלל איז שוין אַ ביסל אָפּגעשוואַכט, איך האָב שוין נישט צו דערוואַרטן ווער ווייסט וואָס פאַר אַ סורפּריזן, דאָך וועל איך שוין מער נישט צוטון אַן אויג, נאָר טראַכטן און טראַכטן: וואָס וויל מען מיר זאָגן?

מאָנטיק פרי בין איך געקומען, ווי נאָר ער האָט געענדיקט די לאַדנס. לאָזט זיך אויס, אַז ער גיט מיר אַ קאָפּערט מיט הונדערט ליי פאַרן רב, חנוכה-געלט. ער האָט פאַרקלעפּט די קאָפּערט פאַר מיינע אויגן און זי מיר געגעבן.

אין זעלביקן טאָג, נאָך מיטאָג, האָב איך אים צוריקגעבראַכט די קאָפּערט, מיט דער חתימה פונעם רב ... פרעגט ער מיך, פאַר וואָס איך האָב אים געבראַכט די קאָפּערט מיט דער חתימה?

— איך האָב זיך געטראַכט, אַז ... איך זאָל חלילה נישט פאַרוואַנדלען זיין מיצווה אין אַן עבירה ...

— דער רב האָט אייך געהייסן ברענגען די חתימה? — פרעגט ער מיך פאַרוואונדערט.

— ניין, ער האָט זיך אויך געוואונדערט — האָב איך אים געזאָגט — און געפרעגט, אויב איר האָט געפאָדערט זיין חתימה ...

— נו, — זאָגט דער בעל-בית — וואָס האָט איר געענטפערט?

— איך האָב געזאָגט, אז איר האָט טאַקע נישט געפאָדערט, אָבער איך וויל אז אייער מיצווה זאָל זיין א שלימותדיקע ... אויב איך וועל אייך נישט ברענגען זיין חתימה, קאָן זיין אז איר וועט האָבן כאָטש א שאָטן פון א חשד, אז איך האָב נישט איבערגעגעבן די קאָפּערט, וואָלט איך דאָך געוואָרן פון א שליח-מיצווה, א גורם צון אן עבירה ... אז איר זאָלט מיך חושד זיין, און והשנית, האָב איך געוואָלט זיך באַוואָרענען כדי מקיים צו זיין דעם פסוק (במדבר לב-כב): „והייתם נקיים משם ומיש-ראל'' — און איך האָב אים פאַרטייטשט תיכף דעם מאָדנעם פסוק, „און איר זאָלט זיין ריין פאַר גאָט און פאַר יידישע מיילער'' ...

סע ווייזט אויס, אז מיין ענטפער, דאָס הייסט מיין פירוש, האָט אים געפעלן. נישט בלויז דער פסוק, נאָר אויך דער פאַרטייטש, און ער האָט ארויסגענומען א צוואַנציקער און מיר אים געגעבן „חנוכה-געלט''.

איך בין רויט געוואָרן פאַר בושה און פאַר עמאָציע, אָבער נישט געוואוסט ווי אזוי צוריק צו ווייזן די מתנה, וועלכע איך האָב איצט נישט געוואָלט אָננעמען. איך האָב א ווײלע געזוכט דאָס וואָרט.

— ר' הערשל — האָב איך זיך ווי געבעטן ביי אים — זייט מיר מוחל. גיט מיר איצט נישט די דאָזיקע מתנה ... איך וויל דאָך אויך האָבן מיין חלק, כאָטש פון א שליח-מיצווה. אויב איר „באַצאָלט'' עם מיר, הייסט דאָך עס ... זייט מוחל, לייגט עס אָפּ אויף אן אנדערט מאָל ...

ער האָט מיר געגעבן א קניפּ אין בעקל, מיר אויסגעצויגן דאָס אויער — אז איך האָב געפילט אזוי פיל ליבשאַפט, אז סע האָבן זיך מיר גע-שטעלט טרערן אין די אויגן (נישט בלויז דעמאָלט, נאָר אויך אפילו איצט, ווען איך שילדער אָט די דאָזיקע סצענע פון היימישקייט און ממש פאָטערלעכער ליבשאַפט!).

און דאָך ... האָב איך נישט „מאריך ימים'' געווען צו עסן אָט דעם דאָזיקן „טאָג''. נישט צוליב דעם בעל-בית און אויך נישט צוליב אנדערע, וואָס זאָלן מיך געווען חלילה האָבן אמאָל באַליידיקט, נאָר אדרבה, יע-

דער האָט מיך פאררעכנט פאר  ן אייגענעם... און דאָך — ווען עס איז געקומען דער קומענדיקער „זמן“, האָב איך שוין נישט באַנייט דעם דאָזיקן „טאָג“.

צוליב צוויי טעמים:

ראשית, האָב איך זיך געפילט אומבאַקוועם צווישן די „מיידן“... נו, יאָ, איך האָב שוין פאַרשטאַנען און אויך זיי זענען געוואָרן געוואָרן אַז איך פאַרשטיי שוין זייער פייגל-שפּראַך, האָבן זיי שוין מער נישט גערעדט וועגן מיר ביים טיש, אין מיין אַנוועזנקייט. אָבער...

איך האָב עס נאָך נישט געזאָגט, אַז איינע פון די שטרויכלונגען, וואָס זענען געשטאַנען אין וועג ביים עסן אַ שבתדיקן „טאָג“ איז געווען דער קידוש. קודם מאַכט קידוש דער בעל-בית, דערנאָכדעם דער זון, ער איז דאָך פיל עלטער פון מיר. דערנאָך קומט די ריי אַז איך זאָל נעמען מיט ציטערנדיקע הענט דאָס כוס אין מיינע הענט... זאָל מען זשע וויסן, אַז מאַכן קידוש מיטן גלאָז וויין אין דער האַנט, ווען פיר מיידלעשע אויגן „הערן“ זיך צו, איז נישט קיין גאָר לייכטע אַקראָבאַטיק צו „דראַפּען“ זיך פון איין „אשר עשה“ צום צווייטן... אַנו, האָט איר אַמאָל אַ טראַכט געטון, צו וואָס האָט מען אין „יום השישי“ אַריינגעשריבן צוויי מאָל „אשר עשה“?!... האָב איך זיך טאַקע איין מאָל, איין איינציק מאָל אין מיין גאַנצן לעבן פאַרפּלאָנטערט, פאַרפּלאָנטערט אין אַ גאָרנישט... איר הערט, אַזאַ קענער ווי איך בין, נישט נאָר ווי אַזוי איך האָב זיך „געהאַלטן“, נאָר טאַקע ממש געווען — האָב איך זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ „גאָרנישט“, אין אַ פּסוק וואָס חדר-ייִנגלעך קאָנען אים אויסנ־ווייניק, וואָס עמי-הארצים קאָנען אים אויסנווייניק, נאָר איך, איצט שוין אַ תלמיד אין דער ישיבה, האָב זיך פאַרכליסנעט, איך ווייס כלעבן נישט וואו סע זענען געווען מיינע מחשבות. איך האָב אפילו נישט געטראַכט צו דעם געזאָגטן (אפשר האָב איך געטראַכט צו דער פייגל-שפּראַך?) און — האָב זיך פאַרפּלאָנטערט און בשום אופן נישט געקאָנט אַרויס־קריכן, ווי פון אַ קלעפּעדיקער בלאָטע, נאָר געטאָפּטשעט זיך, אויפן זעלביקן אָרט, אין די זעלביקע ווערטער, ביז סע האָט זיך מרחם געווען אויף מיר דער בעל-בית און מיר געקומען צו הילף; נישט קיין אַנדערער ווי דער בעל-בית אַליין, נישט זיין זון...

איך בין זיכער אז אויך ער האָט געהאַט עגמת-נפש פון מײן „אומ-גליק“. ער האָט דאָך געוואוסט אז איך בין א קענער. ער האָט עס מיר איין מאָל געזאָגט, אז ער האָט גערעדט וועגן מיר מיטן ראָש-הישיבה און אז יענער האָט מיך געלויבט אין זיינע אויגן; אָבער וואָס העלפט דאָס אלעס, ווען איך האָב זיך ארויסגעשטעלט אויף חוזק אין די אויגן פון די טעכטער, פון די מיידלעך, וואָס זענען פאר מיר קיין מיידלעך נישט געווען, נאָר ווייבער, מיט ווייבערישע מיילער, מיט ווייבערישן געלעכ-טער, מיט ווייבערישער... יאָ, יאָ, מסתמא אויך ווייבערישער לשון-הרע... נאָר איינע, די סאַמע יינגסטע, יאָ, יענע איז יאָ געווען פאר מיר א „מיידל“, ווי געזאָגט, וועלכע האָט מיר א ביסל געפעלן אויך — אָבער ווייבער זענען זיי דאָך געווען אלע... בין איך איינגעזונקען פאר בושה.

אמת, זיי האָבן נישט געלאכט, ווי זייער טבע איז געווען. און מע האָט זיך געקאָנט פון זיי דאָס דערוואַרטן — אָבער דאָך האָבן זיי נישט געלאכט. איך ווייס נישט פאר וואָס. אויך איצט ווייס איך נישט פאר וואָס. פאר וואָס האָבן זיי נישט ארויסגעשאָסן מיט זייער געוויינטלעכן געלעכטער און פייגל-לשונדיקן חוזק?!... גלייבט מיר, אז סע וואָלט מיר דעמאָלט בילכער געווען, אז זיי זאָלן געווען דעמאָלט יאָ לאכן פון מיר. דאָס, וואָס זיי האָבן זיך צוריק געהאַלטן האָט דאָך מיך מער ווי געטון. איך וויל קיין מאָל נישט, דאכט זיך אז קיינער וויל עס נישט, צו זיין אין דער ראָלע פון א נעבעכל, וואָס מע זאָל אויף אים רחמנות האָבן. פאר וואָס האָבן זיי נישט געלאכט פון מיר?

געוויינטלעך לאכט מען ווען מע זעט אז א צוויטער שפּאַטעט זיך אויף דער גאַס, ער פאַלט און שמירט זיך איין מיט דער בלאָטע. אנו, זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז דאָ דערפון צו לאכן? פאר וואָס לאכט מען, ווען מע דאַרף גאָר רחמנות האָבן ווען איינער האָט זיך אויסגעגליטשט און איז געפאַלן אין דער בלאָטע?!...

... און זיי האָבן נישט געלאכט, כאָטש זיי האָבן געזען ווען איך האָב זיך „אויסגעגליטשט“. דאָך האָט עס מיך ווי געטון. אפשר האָט עס טאקע מיך מער ווי געטון, וואָס זיי האָבן נישט געלאכט, ווען זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו טון... איך האָב נישט געקאָנט מער קוקן קיין איי-נער פון זיי אין די אויגן...

דאָס איז ראשית, פאַר וואָס איך האָב מער נישט „באַנייט״ מיין שבתדיקן „טאָג״ דאָרטן.

והשנית. האָט מיך צוגעצויגן, ווי להכעיסדיק, צו גיין עסן שבת ביי א בעל־בית, ביי וועלכן קיין איין בחור האָט דאָרט נישט געוואָלט עסן, בלויז אין א נויט. דווקא צוליב דעם האָב איך להכעיסדיק יאָ געוואָלט דאָרט עסן.

איר ווייסט נישט וואָס סע הייסט „להכעיס״?!

להכעיס הייסט, ווען דער שטן, דער יצר־הרע אָדער דער אשמדאי גופא שטופּט אייך אונטער אָפּצוטון א „שטיקל״ אפילו קעגן זיך גופא, קעגן אייער אייגענעם אינטערעס. נאָך מער, איר זענט גאַנץ גוט באַוואוסטזיניק וועגן דעם און דאָך טוט איר „דווקא״...

עד־היום איז ביי מיר געבליבן דאָס דאָזיקע „להכעיס־געפיל״. אויך היינט טו איך צו מאָל אָפּ אזא מין „להכעים״ שפּיצל, וואָס קאָסט מיך צו מאָל נישט ווייניק רבי־געלט, אָבער, ווי זאָגט זיך דאָס ווערטל, א שיגעון איז ערגער פון א קרענק. דאָס איז שוין אריין אין מיין נאַטור, און ווי סע ווייזט אויס, וועל איך שוין פון דעם זיך נישט קאָנען אָפּגעוויינען.
פשוט, עס איז שוין צו שפּעט. פון וואַנען סע קומט צו מיר דאָס דאָזיקע... געפיל? ווייס איך נישט. קאָן זיין, עס איז גאָר מעגלעך אז דאָס דאָזיקע „דווקא״־געפיל האָב איך געירשנט ווער ווייסט פון וועלכן עלטער־זיידע, ביז צו אברהם אָבינו — אגו, טוט נאָר א טראַכט: אברהם אָבינו, ווען ער איז נאָך געווען א יינגעלע, קוים אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָט ער זיך שוין גענומען „פּעכטן״ מיט זיין פאָטער תרחס אָפּגעטער... וואָס האָט אים געטריבן צון אזעלכע „רעבעלישע״ מעשים? האָט ער דאָך געקאָנט לעבן רואיק און זיך פאַרווײלן ווי אלע קינדער פון זיינס גלייכן, געקאָנט גיין אויף דער יאָגד מיט זיין פאָטער, געקאָנט קלויבן יאַגעדעס מיט זיין מוטער, זיך שפּילן מיט די העזעלעך ביי זייער הויז, געקאָנט טון סיי וואָס, אלץ וואָס א קינד פון זיין עלטער טוט, אפילו שפּילן פוסבאָל און אויסקלאַפּן די שויבן פון די שכנים, וואָלט אים דאָך אויך נישט געווען אזוי הארב די שטראָף, אז מע זאָל אים אריינוואַרפן אין א קאַלעכאויוון?!... ניין, ער האָט זיך מיט אָט דעם אלעמען נישט געקאָנט

צופרידן שטעלן, נאָר געדאַרפט „דווקא“ זיך באָרען מיט די געצן, „נאָ-
אָפּהאַקן די קעפּ, „דווקא“...

נו, וואָס איז זיך דאָ וואָס צו וואונדערן? מסתמא האָב איך עס טאַקע געירשנט זינט דורות פאַרשוואונדענע, אומגעבראַכטע אין פּאָגראָמען און שואהס, און דאָך איבערגעלעבט, דורות גאַנצע פון דווקאַניקעס... אויך היינט טו איך צו מאָל אָפּ צון אַזאַ מין שטיקל „דווקא“, וואָס טייל מענטשן הייבן אָן טראַכטן און צו מאָל שטעלן זיי מיר גאַנץ אָפן די פראַ-גע: ביסט חסר-דעה? ווי אַזוי טוט מען אָפּ אַזאַ... זיי זאָגן נישט אַרוים דאָס וואָרט, ווייל זיי געפינען עס נישט. „נאַרישקייט“ וואָלט דאָך צו מילד געווען צו זאָגן, אויף אַ להכעיסדיקן „דווקא“, פאַר וועלכן מע קאָן חלילה באַצאָלן מיט אונטערשניידן די פליגל, אַז מע זאָל מער נישט קאָ-נען „פריי“ שוועבן אונטערן פרייעם הימל, נאָר קוקן, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, דורך קראַטעס...

דעם אמת געזאָגט, וועל איך עס אויך מודה זיין, אַז צו מאָל טראַכט איך גופא אויך אַזוי: צו וואָס האָט עס מיר געטויגט, אַז איך זאָל אָנרייצן די „געטער“ קעגן מיר, אַז איך זאָל זיך קראַצן וואו סע בייסט מיך נישט, זאָל אָפּטון אַזאַ שטיקל „דווקאַשאַפט“, וואָס קאָן אַזוי ווייניק ניצן ברענ-גען (ווּעמען?) אָבער אַזוי פיל שאָדן ברענגען טאַקע מיר גופא?! ... יאָ, אויך מיר קומען צו מאָל אַזעלכע געדאַנקען, אָבער ליידער קומען זיי מיר זייער שפּעט, בעסער געזאָגט, צו שפּעט. אחר המעשה קאָן מען שוין גאָרנישט פאַרריכטן, מע קאָן זיך בלויז טרייסטן, אַז איך האָב „רעכט“ געהאַט, און פאַר יושר, פאַר אויסקעמפן יושר, פאַר אַ „גערעכטער זאַך“, נישט נאָר מע מעג, מען איז טאַקע מחויב זיך מוסר-נפש צו זיין.

הגם היינט וויים איך שוין גאַנץ גוט, אַז נישט אַלע מאָל איז באַרעכ-טיקט אַזאַ מין „דווקא-שפּיצל“, אויך ווען מע טוט עס אונטערן אויס-רייד פון מאָנען גערעכטיקייט פאַר דער געזעלשאַפט. ווער האָט עס פון מיר געפאָדערט? וועלכע געזעלשאַפט האָט עס פון מיר געבעטן, אַז איך זאָל מיך איינשטעלן אין סכנות, וואָס קאָנען אַזוי ווייניק ניצן?!...

נו, עס איז אָן אַ ציל צו חקרענען זיך אין דעם ענין. סע בלייבט אפשר איבער די טרייסט, אַז איך בין נישט דער איינציקער שוטה (געוואָלט

זאָגן: משוגענער!), וועלכער טוט אָפּ אזעלכע דווקא-שטיק, פאר וועלכע זיי באצאָלן מיט זייער פרייהייט און צו מאָל אויך מיט זייער קאָפּ.

איך וויים, די יידישע עטיק פארביט אזעלכע דווקא-שטיק, מיטן ווערטל, אז מע טאָר זיך נישט פארלאָזן אויף קיין ניסים. מע טאָר נישט ריזיקירן צו פיל. מע טאָר זיך נישט גליטשן אויפן אייז, ווייל דאָס אייז קאָן פּיקען דאָ און דאָרט, און מע פאלט אריין אין א תהום...

יאָ, דאָס אלעס וויים איך פון תמיד זייער גוט, און דאָך טו איך עס, צו מאָל אויך היינט — ביז ווען?

דאָס אלעס איז געזאָגט וועגן שווערע געוואגטע מסוכנדיקע דווקא-שטיקלעך. אויך היינט. אָבער דעמאָלט, וואָס שייך יענער צייט, וועגן וועלכער סע ווערט דאָ געשילדערט, איז דאָך דאָס נישט גילטיק. דעמאָלט איז עס געווען א ביסל געוואגט, אָבער קיין סכנה איז עס נאָך נישט געווען. אין ערגסטן פאל וועל איך זיך „אָפּבריען" בלויז איין שבת. דעם קומענדיקן שבת קאָן איך דאָך אויסמיידן און ווערן א לייט מיט „בחורים" גלייך...

פאר וואָס זשע האָב איך זיך אריינגעלאָזט אין אויסטייטשן מיין „דווקא-שיגעון"? פּשוט, ווייל עס איז געקומען צו רייד, האָב איך געוואָלט אויפקלערן אז מע זאָל פארשטיין אויך די שפּעטערדיקע דווקאשאפט מיינע, וואָס סע האָט מיר בעל-כרחו איבערגעגעבן מיין פאָטער, זכרונו לברכה...

דארף איך דען עמעצן זאָגן אז מיין פאָטער האָט מיך זייער ליב געהאט, מער ווי אן אנדערער פאָטער זיין זון? (הגם, וועלכער פאָטער האָט נישט ליב זיין זון, בפרט ווען יענער שטעלט אים נישט בבושה צווישן לייטן?!) און דאָך — האָט מיין פאָטער מיך פיל מער געשלאָגן ווי אן אנדערער האָט געשלאָגן זיין זון, דווקא ווייל ער האָט מיך זייער ליב געהאט, נישט ווייל איך בין חלילה געווען א שאָלטיק, נאָר פּשוט, ער האָט געוואָלט אז ער זאָל תמיד בלייבן „גערעכט". ער פלעג טאקע זאָגן: ער וועט אוים מיר „ארויסשלאָגן" דאָס עקשנות... עקשנות. צי ווייסט עמעצער וואָס סע הייסט עקשנות? נו, יאָ, עקשנות הייסט דווקא-שאפט. דאָס האָט מיין פאָטער געוואָלט ארויסשלאָגן מיר פונעם קאָפּ. אז איך זאָל קיין עקשן נישט זיין... נו, האָט ער טאקע דאָס זייער לייכט

אויפגעטון — איך בין געוואָרן אַן איינגעשפּאַרטער, פאַרביסענער, עקשן, ווי זעלטן אַ ייִנגל איז געווען... איך בין זיכער, און יעדער וועט עס מודה זיין, ווער סע האָט עפּעס אַן אנונג וועגן פּעדאַגאָגיע, וועגן קינדער־פּסי־כאָלאָגיע, אַז ווען ער זאָל געווען נישט „קעמפן'' קעגן מיין עקשנות, וואָלט איך גאָר קיין עקשן נישט אויסגעוואַקסן.

אָט, למשל, האָט ער מיך איין מאָל אויפגעוועקט גאַנץ פרי, ווען זיין זייגערל האָט געוויזן זעקס מיט צען מינוט... אַ זייגער זעקס מיט צען מינוט... אַזוי האָט ער געזען אויף זיין טאַשנזייגערל. איך אָבער האָב קיין זייגערל נאָך נישט געהאַט. איך האָב אָבער געפילט אַז איך בין קינדעריש שלעפעריק, זייער שלעפעריק, ווי אַ קינד קאָן זיין. איך האָב נישט געקאָנט בשום אופן עפענען מיינע פאַרשלאָפענע פאַרקלעפטע אויגן... דאָס הייסט, אַז מיין „זייגערל'' האָט נאָך נישט „געוויזן'' אַזאַ שפּעטע שעה צו גיין אין חדר אריין...

האָט ער מיך געשלאָגן מיטן רימען אויפן נאַקעטן לייב. איך בין דאָך געשלאָפן אין העמדל, דאָס איבערבעט האָט ער אויפגעהויבן און געציילט מיטן רימען אחת ואחת, אחת ושתיים, איינס מיט איינס, איינס מיט צוויי, איינס מיט דריי און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער — ער האָט דאָך געוואָלט פון מיר „אַרויסשלאָגן'' דאָס עקשנות... עס איז אים שוין נישט געגאַנגען אין דעם, אַז איך זאָל נישט פאַרשפּעטיקן גיין אין חדר, נאָר אין דעם אַז איך זאָל נישט בלייבן דער „עקשן''... האָט ער מיר געציילט די שמיץ מיטן רימען, ווי סע פלעג אַמאָל ציילן דער כהן־גדול ביי זיין עבודה אין בית־המקדש... ביז ער האָט ווידער אַ קוק געטון נאָך איין מאָל אויפן זייגערל — און דערזען, אַז עס איז נישט געווען „זעקס מיט צען מינוט'' נאָר אַ זייגער „צוויי מיט דרייסיק מינוט''... ער האָט געמאַכט אַ גאָר קליינעם טעות צווישן דעם גרויסן און קליינעם ווייזערל...

יאָ, ער האָט עס אַליין טאַקע באַמערקט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל ער האָט גובר געווען מיין „עקשנות'', איך האָב זיך גע־מוזט אָנטון, דאָס הייסט אונטערגעבן... בין איך שוין געווען אָנגעטון, גרייט צו גיין אין חדר.

וואָס ער האָט געפֿילט דעמאָלט, נאָך דעם ווי ער האָט מיך „עקש־נותדיק" געממיתט ביז איך האָב זיך דאָך אָנגעטון, האָב איך דעמאָלט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, אָבער היינט שטעל איך דאָך מיר פֿיר, אַז אים האָבן מער ווי געטון די שמיץ וואָס ער האָט מיר געגעבן, ווי זיי האָבן מיך ווי געטון. אָבער איין זאַך האָב איך דעמאָלט יאָ שוין געוואוסט, און איך ווייס עס און פֿאַרשטיי עס אויך היינט זייער גוט: ער האָט געוואָלט פֿון מיר אַרויסשלאָגן דאָס „עקשנות", האָט ער דאָך רעכט געהאַט, און ווען אַ מענטש „מיינט" אַז ער איז גערעכט, דעמאָלט פֿאַרשווינדט ער־גע‍ץ וואו אין אַ ווינקל דער שכל-הישר, די לאָגיק, אַלץ. דער מענטש איז מער קיין מענטש נישט, ער ווערט אַ „קעמפֿער" פֿאַר יושר... און ווי פּאַראַדאָקסאַל סע זאָל עמעצן נישט קלינגען — איז אַ „קעמפֿער" קיין „מענטש" נישט מער. ער קאָן זיין אַ „העלד" אָבער אַ מענטש נישט...

נו, האָט מיר דער פֿאָטער תּיכּף באַפֿוילן אַז איך זאָל זיך אויסטון, עס איז דאָך נאָך צו פֿרי...

נו, מיינט איר אַז איך האָב אים געפֿאָלגט און זיך אויסגעטון און זיך ווידער געלייגט שלאָפֿן?!... נו, ווייסט איר נישט מיט וועמען איר האָט צו טון. דווקא איצט האָב איך דאָס נישט געוואָלט. איך בין שוין מער נישט שלעפֿעריק. אויב איך בין שוין יאָ אויפֿגעשטאַנען, איך האָב זיך שוין אָנגעטון — איז גיי איך אין חדר אַריין לערנען תּורה...

זאָל דאָ דערמאַנט ווערן נאָך איין פֿאַל, פֿון אַזאַ מין „אַרויסשלאָגן דאָס עקשנות פֿון מיר". אמת, דאָס איז געשען פֿריער מיט עטלעכע יאָר, בעת דער פֿאָטער איז נאָך געווען מלמד אין מיין געבורט-שטעטל. דעמאָלט איז עס געשען אַזוי:

דער נייער דירעקטאָר פֿון דער שול האָט זיך געוואָלט אַ „שפּיל טון" מיט די יידישע קינדער, וועלכע ער האָט געהאַט פֿאַר תּלמידים, און האָט אַרויסגעגעבן אַ נייע פֿאַראָרדענונג, אַז פֿון איצט אָן וועלן אויך די יידישע תּלמידים פֿון זיין שול מוזן שרייבן אום שבת... ביז דעמאָלט האָבן די לערער טאָלערירט אַז שבת זאָלן טאַקע קומען אין שול אויך די יידישע תּלמידים, לערנען לויטן פּראָגראַם — אָבער שרייבן האָבן זיי נישט געמוזט.

פון איצט אָן האָט דער לערער גאָזשא, וועלכער איז נאָמינירט גע־וואָרן ווי דער דירעקטאָר, געוואָלט איינפירן אז יידישע קינדער זאָלן מחלל שבת זיין. אזעלכעס האָט זיך זעלטן געהערט אין די מאַראַמאַרעשער שטעטלעך. דאָרט האָט מען געוואוסט, אויך די נישט־יידן האָבן עס גע־וואוסט, אז שבת איז שבת...

פונקט אין יענער צייט איז אויפגעגאַנגען א נייער „שטערן". עס איז נתגלה געוואָרן דער פּאָליענער רבי, וועלכער האָט אָנגעהויבן בא־ווייזן מופתים, וואָס האָבן איבערראַשט די גאַנצע געגנט. יידן און אפילו נישט־יידן זענען געקומען צו אים קראַנקע און נאָך זיין אָנווינטשן זע־נען זיי אוועק געזונטע... אמת, דאָס גאַנצע „קאַפּיטל" פון די מופתים פונעם פּאָליענער רבין האָט נישט אָנגעהאַלטן קיין גאָר לאַנגע צייט — אָבער דווקא דעמאָלט, אין יענער צייט, האָט מען זיינע מופתים ממש אָנגעטאַפּט מיט די הענט.

וואָס זשע טוען עלטערן, וועלכע ווילן נישט אז זייערע קינדער זאָלן מוזן מחלל־שבת זיין, דווקא דעמאָלט ווען מע דאַרף זיי אויפוואַקסן אין יידישקייט, אין פרומקייט, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטן?

האָבן זיי תיכף, דאָס הייסט אז טאַקע זונטיק פרי האָבן זיי געדונגען א פורל און אוועקגעשיקט אין שליחות דעם ראש־הקהל צום פּאָליענער רבי:

— רבי לעבן, אזוי און אזוי... עס איז אונדז באַפאַלן א המן און צווינגט אונדזערע קינדער חלילה שרייבן אום שבת.

— ווי הייסט אייער המן? — פרעגט דער רבי.

— גאָזשא, ימח שמו — זאָגט דער ראש־הקהל — גאָזשא...

— גאָזשא?... גוי־זשע... גיי־זשע... גיי — מורמלט דער רבי און שטעלט באַלד א צווייטע פראַגע — ווי אַלט איז ער?

— א פערציק יאָר, רבי לעבן — זאָגט דער ראש־הקהל — יאָ, א פערציק יאָר...

— נישט מער? — פרעגט דער רבי, אָבער ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפער און זאָגט ווייטער מיט א ניגונדל פונעם ימים־נוראימדיקן דאַווענען — נישט מער... נישט מער... גייט, ר' ייד, אהיים, לחיים

ולשלום... די ישועה פון גאָט איז כהרף-עין, נאָענט וואָס נעגטער קאָן נישט זיין... ער האָט דאָך שוין געלעבט געגוג... נישט מער...

דינסטיק איז דער ראש-הקהל צוריק געקומען פון זיין שליחות, האָט נאָך נישט צייט געהאַט צו דערציילן דעם רבינס אָנווינטש און הבטחה, האָט זיך שוין פאַרשפּרייט אין שטעטל א קלאַנג... דער צורר-היהודים נאָזשאַ, איז היינט געווען אין סיגעט. אָבער אזוי ווי ער איז נאָר אהיים געקומען, האָט ער זיך געלייגט אין בעט. סע האָט אים אָנגעכאַפּט א קאָפּ-ווייטיק און... נאָך א שעה-צוויי איז ער „געפּגרט".

כמעט אלע תלמידים, בפרט די יידישע, זענען געלאָפן אים זען, ווי אויף א בייז וואונדער, און גאָר נישט דערקאָנט אין יענעם ליגנדיקן פּייגער, אז דאָס איז געווען זייער לערער, ווייל ער איז געוואָרן פּעך-שווארץ...

פאַרשטייט זיך, אז שפּעטער מיט דריי טעג, ווען עס איז געווען דאָס „פאַרשלעפּעניש" זענען געגאַנגען קינד און קייט, בפרט זיינע יידישע תלמידים, ווי (ביי זייער בלייבעס!) אויף א כאַסלעריו...

אָט, אין דער דאָזיקער בהלה, ווען דאָס רוב תלמידים פונעם פאָטערס חדר זענען זיך צעלאָפן, בין איך געווען צווישן זיי, אויך געוואָלט זיין ביים „פאַרשלעפּעניש" פונעם שונא-ישראל, וועלכער האָט אדאַנק דער ברכה פונעם פּאָליענער רבי איינגענומען א מיתה-משונה.

האָט מיך מיין פאָטער דעמאָלט געוואָלט באַשטראָפן און מיר געהייסן:

— לייג דיך אריבער!

בין איך דאָך אָבער געווען אן איינגעשפּאַרטער עקשן, האָב איך קרום געקוקט צום בענקעלע פאַר מיר, אָבער איך האָב זיך נישט „אריבערגעלייגט"... וואָלט איך מיך געווען יאָ אריבערגעלייגט איבערן בענקל, וואָלט איך מסתמא באַקומען עטלעכע שמיץ איבער דער מחילה און — פּטור...

בין איך אָבער, ווי געזאָגט, געווען אן עקשן און... מיין פאָטער האָט געוואָלט פון מיר „ארויסשלאָגן דאָס עקשנות", בפרט ווען זיינע תלמידים האָבן זיך צו דעם צוגעקוקט.

... האָבן מיינע חדר-חברים דעמאָלט אָנגעצייִלט איבער א זיבעציק שמיץ מיט דער רוט. יעדער שמיץ איז געווען באַגלייט מיט אן אויס-רוף: „לייג דיך אריבער!‟ ...

אָבער איך האָב זיך נישט אריבערגעלייגט, ביז ער האָט עס נישט געטון מיט געוואלד ...

... ווייס איך טאקע נישט: האָט מיר דעמאָלט מיין פאָטער „אריינ-געשלאָגן דאָס עקשנות‟?! ...

איך מיין, אז טאקע אזעלכע קליינע עפּיזאָדן, וואָס זענען נישט ווערט די רייד זיי צו דערמאנען, וואָס איך האָב נישט זעלטן איבערגעלעבט, האָבן מיך טאקע געמאכט פאר א פארביסענעם עקשן, פאר א דוקאניק, ביזן היינטיקן טאָג.

... בין איך בכיוון געבליבן אָן א פארזאָרגטן „טאָג‟ אויף שבת. דאָס מאָל וויל איך איבערלעבן דאָס געפיל פון יענע בחורים וואָס „וואנ-דערן‟ פון שבת צו שבת, פון איין בעל-בית צון א צווייטן ... איך וויל אָנקומען צו יענעם בעל-בית פון וועלכן אלע אנטלויפן, ווייל דאָרט עסט מען נישט — דאָרט פירט מען א שבתדיקן „טיש‟ ...

... אָבער — קודם א קליינע הפסקה פון דער שילדערונג וועגן מיינע „טעג‟ כדי דערציילן מיין איבערלעבעניש בעתן וויזיט פונעם אלטן וויזשניצער רבי, אויף א שבת אין שכנותדיקן שטעטל, סעלאָטווינע:

# ביים וויזשניצער רבין

— שרייבט איין אויך מיין ייִנגל! שרייבט איין אויך מיין ייִנגל, ייִנגל ...

דעם פּאָטערס קול האָט זיך קוים געהערט צווישן דעם געלאַרעם וואָס האָט געזשומעט אין דער סיגעטער נייער וויזשניצער קלויז, וואו די חסידים זענען געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ, האָבן זיך געשטויסן, כדי זיך איינצושרייבן. מע האָט זיך געשטויסן, מע האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער די כוחות מיט א פאַרכאַפּטן נשמה-אָטעם מע זאָל חלילה נישט ארויסבלייבן.

ר׳ איציקל איז געזעסן ביים לאַנגן טיש און צונויפגעשטעלט א רשימה מיט חסידים וואָס וועלן „פאָרן״, אָדער בעסער געזאָגט „גיין״ קיין סעלאָטווינע אויף שבת, וואוהין דער וויזשניצער רבי קומט פּראווען שבת אין צוויי וואָכן אַרום. אייגנטלעך, ווילן וויל יעדער, אָבער קענען קאָן דאָך בלויז א געוויסע צאָל, פאַר וועלכע מע האָט געפּועלט ביי דער לאָקאַלער מאכט אז זיי זאָלן קענען אריבער די גרענעץ, איבער דער טיסע, וואָס טיילט פונאַנדער דעם מאַראַמאָרעשן שטח, צווישן רומעניע און דער טשעכאָסלאָוואַקיי. יאָ, די מלוכהשע גרענעץ איז טאַקע געווען אָנגעצייכנט אויך אויף דער מאַפּע לויטן פלוס פון דער טיסע, דאָס הייסט אז דער טייך איז געווען די נאַטירלעכע גרענעץ, אָבער קיין מאָל האָט דער טייך נישט געקאָנט מאַכן קיין מחיצה צווישן די וויזשניצער חסידים פון רומענישן מאַראַמאָרעש און יענע פון אונטערקאַרפּאַטישן מאַראַמאָרעש, וואָס איז איצט אין די גרענעצן פון טשעכיע. האָט מען טאַקע נאָכדערציילט א שפּאַס, אז א חסיד זאָל געווען זיך אריינמישן אינעם וויכוח, ווען סע געהער פאַקטיש מאַראַמאָרעש, רומעניע צי אונגערן, האָט ער געזאָלט זאָגן אז קיינעם נישט, אחוץ דעם וויזשניצער רבי.

איצט, ווען מע האָט געדאַרפט צונויפשטעלן די רשימה פון די יחי-די-סגולה, וועלכע זאָלן האָבן די זכיה צו קענען גיין פּראַווען שבת ביים רבי, דאָס מאָל אַזוי נאָענט, ממש אונטער דער נאָז, אין שכנישן סעלאָט-ווינע, האָט מען זיך געשטופּט און געבעטן ברחמים: שרייבט אויך מיך איין!

פאַר וואָס איז דער אַלטער וויזשניצער רבי נישט געקומען אויף שבת קיין סיגעט גופא? אויף אָט דער פּשוטער שאלה האָב איך דעמאָלט קיין ענטפער נישט געהאַט, הגם זי האָט זיך ביי מיר געשטעלט די דאָזיקע קשיא. נו, יאָ, איך געדענק נישט אַז דער רבי ר׳ סרולצע זאָל געווען אַמאָל פּראַווען אַ שבת אין סיגעט. אויך היינט, ווען איך ווייס שוין אַז צוריק מיט אַן ערך הונדערט יאָר איז געווען אַ „מחלוקה" צווישן דער טייטלבוימישער סיגעטער גזע און דער האַגערישער וויזשניצער גזע, האָט זיך צעפלאַקערט אַ „פייערל" וואָס האָט זיך קוים אָפּגעשטילט, קאָן איך אויך נישט זאָגן אַז דאָס זאָל געווען זיין די אמתע סיבה. אפשר גאָר האָט דער וויזשניצער רבי נישט געוואָלט מסיג-גבול זיין אָדער פּוגע בכבוד זיין דעם באַרשער רבי, זיין אייגענעם יינגערן ברידער, וועלכער האָט פיל באַשיידענער „געקיניגט" אין סיגעט און געהאַט אַ קלענערע עדה חסידים ? ...

איז אַז דער וויזשניצער רבי איז געקומען טאַקע אַזוי נאָענט, קיין סעלאָטווינע, טאַקע ממש אונטער דער נאָז, ווי מע זאָגט — איז האָבן זיך חסידים אָנגעשטרענגט נישט אַרויסצובלייבן.

האָט אויך מיין פאָטער געפּרוּווט מיך איינשרייבן, אַז איך זאָל זוכה זיין זען מיט מיינע אייגענע אויגן, געבן שלום-עליכם, זיך „גע-זעגענען" ביים רבין, אַז ער זאָל מיך בענטשן ...

האָט דער פאָטער געפּרוּווט איבערשרייען אַנדערע קולות:

— שרייבט איין אויך מיין יינגל! שרייבט איין ...

— יינגלעך זאָלן זיצן אין דער היים! — האָט מען געהערט אַן ענט-פער, וואָס איז געקומען פון ר׳ איציקלען, אָדער ווער ווייסט פון וועמען, ווייל דער געלאַרעם איז דאָך געווען אַזוי גרויס אַז מע האָט קוים געקענט וויסן פון וואַנען אַזאַ קול האָט זיך געיאַוועט. אָבער דאָך איז עס געווען געווען פאַר מיין פאָטער אַז ער זאָל אַן אָפּהענטיקער רעזיגנירן מער זיך

צו שטופּן און זיך לאָזן באַגנינגן מיט דעם וואָס אים האָט מען שוין יאָ אויפגעשריבן.

איך האָב געהערט מיט מיינע אייגענע אויערן דעם ענטפער, אַז „אַ יינגל זאָל זיצן אין דער היים", אָבער, בין איך דען געוועזן אַ „סיי וועלכער", עפּעס אַ נישטיק יינגל, אַז מע זאָל מיך קענען אָפּפּטורן מיט אַזאַן ענט-פער?! קודם האָב איך זיך בכלל נישט געהאַלטן פאַר אַ „יינגל". איך בין דאָך שוין געווען אַ „בחורל", שוין געווען בר-מיצווה, האָב שוין געלייגט תפילין, מע האָט מיך שוין פאַררעכנט פאַר אַ צענטן צום מנין, איך האָב שוין געקאָנט „לייענען" אַן עמוד גמרא ... און אחוץ דעם בין איך, אין מיינע אייגענע דעמאָלטיקע אויגן, נישט נאָר געווען סתם אַ בחורל ווי סיי וועלכער, נאָר עפּעס מער, אויב נישט טאַקע פיל מער.

און דווקא דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די סיבות, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק געגאַרט און געלעכצט צו זיין אין סעלאָטווינע, כדי איך זאָל האָבן די געלעגנהייט צו „זען" וואָס דער רבי וועט זאָגן וועגן מיר, ווען ער וועט מיך „זען" ... איך בין געווען זיכער ביי מיר, אַז דער רבי מיט זיין רוח-הקודש וועט גאַנץ זיכער זען „ווער" איך בין, אָדער לכל-הפּחות וועט ער שוין איצט זען אָדער אַנען ווער און וואָס איך וועל אי"ה אויסוואַקסן ...

איך מיין איצט, אַז אין יענעם עלטער בין איך נישט געווען דער איינציקער אין מאַראַמאָרעש, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע יוגנטלעכע חלומות אַז איך וועל אויסוואַקסן מחוץ לדרך הטבע, אַן עילוי, אַ גאון, איינער וואָס וועט זיך אַרויסהייבן איבערן דורכשניט, אַריבערוואַקסן איבער מיינע חברים, און אפשר נאָר (ווער קאָן וויסן, אויב נישט דער רבי?), אפשר נאָר איבער מיין דור. געגנוי האָב איך נאָך נישט געוואוסט מיט וואָס איך וועל זיך אַזוי דערהייבן העכער מיט אַ קאָפּ פונעם דורכשניט, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שטער זיך פאַר אַ-זעלכן צו האַלטן און האָבן ביי זיך אַזאַ פעסטן גלויבן אַז במשך דער צייט, גלייך מיט מיין פיזישן וואַקסן, וועל איך אויך מיט דער צייט גייסטיק איבערוואַקסן ... דאָס הייסט נישט אַז איך בין געווען ביי מיר אַ מין

בעל־גאווה, וועלכער האָט זיך געהאַלטן גרעסער קענן מיינע חברים, נאָר אדרבה, דאָס האָט מיך געפירט דערצו אז איך זאָל זיין מער עניוותדיקער, א צוריקגעהאַלטענער, נישט געוואָגט אין מיינע טואונגען, א שעמעוודיקער אפילו ארויסצורעדן א העכער וואָרט, איך זאָל זיך צוגעוויינען צו זיין ווי איינער פון די למד־וואָוו צדיקים, וועלכע זענען לפנים גאָרנישטן, באשיידענער ווי באשיידענע, אָבער אין דער אמתן זענען זיי דאָך דער עיקר, אויף וועלכע סע שטייט די וועלט.

אויך איך האָב זיך געהאַלטן פאר אזעלכן. בין געווען מער ווי זיכער, אז דער רבי ווען ער וועט מיך נאָר דערזען, וועט ער מיטן רוח־הקודש אויך דערזען דעם אָרעאָל ארום מיין גמרא־קעפּל און ער וועט נישט קענען איינהאַלטן ביי זיך דעם דאָזיקן סוד און וועט עס פארראָטן כאָטש מיט איין וואָרט, מיט א וואונק, אז אויב נישט אויך פאר אנדערע חסידים, זאָל כאָטש מיין פאָטער הערן און וויסן אז זיין „יינגל" איז נישט קיין פשוט יינגל, אפילו נישט קיין „בחורל", נאָר איינער וואָס וועט האָבן א שם אמאָל אמאָל, ווען איך וועל נתגלה ווערן...

נאָר בעסער ניין, האָב איך זיך געטראכט, זאָל עס אויך מיין פאָטער אויך נישט וויסן. ביי מיר האָב איך דאָך מורא געהאַט אז מע זאָל דאָס געוואויר ווערן פאר דער צייט. בעסער זאָל עס דערווייל בלייבן מיין אייגענער באהאַלטענער סוד. זאָל עס נישט וויסן אפילו מיין אייגענער פאָטער — אָבער איך, איך גופא, איך וויל עס יאָ באמערקן כאָטש דורך א רמז פונעם רבינס אָנטייט, א וואונק, איך זאָל עס ארויסלייענען אין זיינע אויגן...

יאָ, דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פאר וואָס איך האָב געהאַט אזא שטאַרקן ווילן אויך צו גיין קיין סעלאָטווינע, צו האָבן די ערשטע געלעגנהייט צו זען אָנצורירן די הייליקע האַנט פונעם רבין, וועמענס חסיד איך בין מיט מיין גאַנצן נפש, איבערנעמענדיק פון אָבות־אבותינו דאָס חסידישע ירושהדיקייט צו דער דינאַסטיע וויזשניץ, וועגן וועלכער איך האָב זיך אָנגעהערט אזוי פיל שיינע און טייערע „ווערטלעך", נישט אזוי פיל מופתים ווי ווערטלעך, פערלדיקע שיחת־חולין, טיפע רעיונות, פול מיט הומאָר, מיט קלוגשאַפט, וואָס האָט געהאַט מער צו־צי כוח ווי די מעשיות וועגן רבנישע מופתים.

אלץ וואָלט געווען זייער גוט, אָבער דער פאָטער האָט דאָך מיט זיינע באשיידענע תמימותדיקע רייד קאליע געמאכט אלץ. אמת, ביי יעדן פאָטער איז זיין זון, אויך אפילו ווען ער האָט שוין חתונה געהאט, האָט שוין זיינע אייגענע קינדער, דאָס הייסט אז ער גופא איז אויך שוין א „טאטע“, אויך דעמאָלט זאָגן די עלטערן אויף אים אז ער איז זייער „קינד“, אזוי אז איך האָב נישט געקאָנט האָבן קיין תרעומות, פאר וואָס מיין פאָטער האָט געזאָגט „שרייבט איין אויך מיין ייִנגל“. ער האָט דאָך דאָס געזאָגט נישט פון ביטול צו מיר, נאָר פאר ליבשאפט. יאָ, אלץ איז גוט און שיין און ליב, אָבער איצט האָט ער מיט זיינע רייד „אויסגעשלאָסן“ מיך פון דער רשימה צו גיין קיין סעלאָטווינע. פון מיינע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזט גאָרנישט. פון אַלעמען איז געוואָרן נישט מער ווי א רויעך, א שווארצער רויעך, וואָס האָט פארשטעלט מיינע אלע קינדערישע פאנטאזיעס, אונטערגעהאקט מיינע פליגל און איך קאָן מער נישט פליען צו די הייכן, צו וועלכע דער רבי וואָלט מיך דערהויבן מיט זיין בליק, מיט זיין א וואונק, אָבער אוודאי און אוודאי מיט זיינע אָגווינטשן.

איך האָב געהאט א ווייטיק אין הארץ, אָבער אויך נישט קיין קליינע רוגזה קעגן מיין פאָטער, וועלכער האָט מיט זיינע אומשולדיקע ווערטער מיך אנידערגעוואָרפן צו דער ערד, מיך דאָרט געבונדן מיט אומגעזעענע שטריק, אז איך זאָל זיך נישט קענען דערהייבן צו די גייסטיקע הייכן, צו וועלכע איך האָב אזוי הייליק געשטרעבט און דער רבי וואָלט מיך גאנץ זיכער „ארויפגעשלעפט“ צון אים, אויף יענער לייטער אויף וועלכער ער שטייגט אין די הימלען אין זיינע לאנגע שמונה-עשרהס, אין זיינע דבקותדיקע תנועות ביי די שבתדיקע טישן, וואָס ער פראוועט מיט אזא הייליקער פרומקייט, אז פאר זיינע חסידים איז עס געגוג שפייז אויף חדשים, צו עטעמען, צו לעבן מיטן פלאם פון יענער חסידישער הייליקייט, צו וועלכער איך האָב איצט נישט די זכיה...

# ווער בין איך?

היינט ווײס איך שוין, אַז אַזוי גייען אַרום נאָר פאַרליבטע, וועלכע האָבן זיך פאַרלוירן דעם קאָפּ, האָבן זיך פאַרליבט סיי אין ערשטן בליק סיי במשך אַ צייט פון צוזאַמענוואוינען — און דערנאָך, דערנאָך ווען די ליבע-חלומות לאָזן זיך אויס נישט אַזוי ווי מע האָט געוואָלט, דעמאָלט גייט מען אַרום מיט אַן אויפגעשוויבערטער נשמה, מען עסט נישט, מע שלאָפט נישט, מע ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט מע געפינט זיך. יאָ, היינט ווײס איך עס שוין — אָבער דעמאָלט אין יענע יאָרן האָב איך עס געפילט אָבער נישט געוואוסט צו מאַכן אַזאַ מין פאַרגלייך. דעמאָלט האָב איך געפילט אַז איך בלאָנדזשע אַרום ווי אַ פאַרוואָגלטע נשמה, וועלכע האָט נישט געפונען קיין „תיקון" אויפן עולם-התוהה.

מיט יעדער שעה וואָס סע האָט זיך דערנענטערט דער טאָג, ווען די חסידים האָבן זיך געזאָלט לאָזן אין וועג אַריין אַריבערצוגיין די בריק קיין סעלאָטווינע, האָב איך געפילט גלייך סע וואָלטן אויסגערונען די בלוטן פון מיינע אָדערן, טראָפּן נאָך טראָפּן, און אָט ווערן זיי בלייך דורכזיכטיק, ליידיקע אָן אַ פּיצל חיות.

איך האָב נישט געוואָלט גלייבן אַז איך וועל פאַרשפּילן אַזאַ זעל־טענע געלעגנהייט, וואָס געשעעט נישט אַזוי אָפט. ווי געזאָגט, געדענק איך נישט זינט איך בין (איך האָב זיך שוין געהאַלטן פאַר אַן „אַלטן" אָדער לכל-הפּחות אַ דערוואַקסענעם, וועלכער האָט שוין זכרונות!), אַז דער וויזשניצער רבי זאָל געוועזן קומען אַמאָל אויף אַ שבת קיין סי־געט, אַז איך זאָל האָבן די געלעגנהייט זיך צו פּראַוון ביי אים. אפילו איצט קומט ער דאָך אויך נישט קיין סאַמע סיגעט, נאָר אין שכנותדיקן שטעטל, קיין סעלאָטווינע — איז אויב נישט איצט איז ווען? אַנדערע

פאַרן קיין גרויסוואַרדיין כאָטש איין מאָל אין יאָר, אויף די ימים-נו־ראים, אנדערע קאָנען זיך פאַרגינען און פאָרן אויך אויף א שבת-שירה, א שבת-מברכין, ניצן אוים די געלעגנהייט ווען זיי האָבן א וויכטיקערן ענין פון א שידוך, צי מאכן אן אינוועסטיציע אין א מיסחר וואָס איז געוואגט — וועט מען דאָך אזא זאך נישט טון אָנעם רבינס עצה און אויך ברכה.

אָבער איך, קאָן איך כאָטש חלומען צו זען דעם רבי, איצט, אין מיינע יאָרן — אויב איך האָב נישט די זכיה כאָטש איצט, ווען ער איז א שפּאַן ווייט פון סיגעט, ווען ער איז געקומען קיין סעלאָטווינע?!

דער מצב איז געווען א פאַרצווייפלטער, אָבער איך האָב נישט אויפ־געגעבן די האָפענונג. א מענטש גיט נישט אויף קיין האָפענונג ווען ער „וויל" עפּעס, ווען ער שטרעבט עפּעס מיט זיינע אַלע חושים ווי איך האָב עס געטון דעמאָלט. איך האָב נישט געקאָנט און ממילא נישט גע־וואָלט שלום מאכן מיטן געדאנק אז איך זאָל ארויסבלייבן, נישט גיין קיין סעלאָטווינע, הגם מע האָט זיך נישט צוגעהערט צו מיין פאָטערס רוף: פאַרשרייבט אויך מיין יינגל...

איך בין ארויסגעגאנגען צו דער טיסע, צו דער סעלאָטווינער בריק אָן א פאַרוואָס. איך האָב דאָך נישט געהאט קיין שום סיבה דערצו, אָבער איך בין געגאנגען זען... וואָס בין איך געגאנגען זען? וואָלט מען מיך געפרעגט דעמאָלט, וואָלט איך געווען נישט געהאט וואָס צו ענטפערן. היינט, וואָלט איך געזאָגט אז איך בין ארויסגעגאנגען צו דער בריק, פּונקט אזוי ווי א רוצח פילט א דראנג צו גיין זען ווידער דאָס אָרט וואו ער איז באַגאַנגען א רציחה. טאקע אזוי כאָפּט מען אים נישט זעלטן, דאָס איז שוין באוואוסט אויך פון נישט קיין קרימינאַלאָגן. מע האָט דאָס אויפגעקלערט אויך פּסיכאָאנאליטיש. אָבער דאכט זיך, אז מע האָט נאָך נישט אויפגעקלערט די סיבה, פאַר וואָס מע גייט ווי אָן א באַשטימ־טער סיבה אויפן אָרט פון דער „רציחה" פריער פאַרן באַגיין די רציחה... איך בין דאָך געגאַנגען צו דער סעלאָטווינער בריק פריער, מיט עטלעכע טעג איידער די חסידים האָבן זיך געלאָזט גיין אריבער, איידער די בריק האָט געעפנט איר גרענעץ-טויער כדי אָנצוקומען זיך פראַוועז ביים וויזשניצער רבי...

פאַר וואָס איך בין געגאַנגען צו דער בריק? איך האָב געוואָלט זען. געוואָלט זיך באַקענען מיטן אַרום, ווי אַזוי סע זעט אויס די גרענעץ, ווער סע וואַכט איבער איר, ווי לאַנג איז די בריק, ווי ברייט איז די טיכע, ווי ווייט איז דער טשעכישער הימל פון דער רומענישער ערד, ווי מאַכטיק איז אַ גרענעץ־וואַך וואָס וויל שטערן דאָס אַריבערגיין פון אַ „בחורל' וועלכער וויל זיך פּראַווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן ביים וויזשני־צער רבין, ביים הייליקסטן, ביים סאַמע ווייטזעעווידקסטן, וועלכער וואָלט מיך דערקענט פון זיין ערשטן בליק, אַז ער האָט פאַר זיך נישט סתם אַ „יינגל'', ווי דער פאָטער האָט געזאָגט און קאַליע געמאַכט מיין פאַרשרייבן צווישן די נעמען פון די גליקלעכע, גלייך זיי וואָלטן געווען אויפגעשריבן געוואָרן צווישן יענע וועלכע האָבן געוואונען אויף דער לאָטעריע, נאָר איך איינער בין אַרויסגעבליבן. איך האָב פאַרשפּילט. מיין אָרעם יינגליש לאָטעריע־צעטעלע איז פּסולדיק...

און נישט נאָר צוליב דעם וואָס דער רבי וועט מיך זען און תיכף באַמערקן אַז ער האָט פאַר זיך איינעם וואָס וועט אַמאָל מרעיש־עולם זיין מיט זיין... ווי אַזוי זאָל איך עם אָנרופן? ווען אויף קלאָר האָב איך דאָך דאָס אַליין אויך נישט געוואוסט, נאָר געפילט אין מיר אַזאַ מין אינערלעכן דיבוק, אַ צווייטן „איך'', וועלכער רעדט זיך איין אַז ער וועט מיך דערהייבן צון אַזעלכע הייכן וואָס אַ נאָרמאַלער מענטש איז נישט זוכה. ניין, נישט בלויז צו גיין צום רבין. איך האָב געהאַט נאָך איין סיבה: איך בין געווען בטבע אַ מוראַדיקער. יאָ־יאָ, אַ פּחדן. איך האָב זיך גע־שראָקן פאַר אַלעם און פאַר יעדן, ווי מע זאָגט, פאַר דער אייגענער שיין. אויך דאָס געפיל איז געווען ביי מיר איינגעבאַקן, ווי איינגענעסט, איך ווייס נישט פון וואַנען עס איז צו מיר געקומען ווי חלילה אַ שרעקלעכע קרענק, וואָס מע ירשנט — אָבער אַ פאַקט איז געווען אַז איך האָב מורא פאַר נישט געזעענע, נישט באַוואוסטע און אוודאי גאָר אויך פאַר נישט פאַראַנענע סיבות, אָבער דאָך האָב איך זיך געפילט פאַרפאָלגט פון בייזע שאָטנס וואָס וואָלטן געלויערט נאָך מיינע טריט.

איך מוז אונטערשטרייכן, אַז מיין מורא איז נישט געווען קיין רעאַלע, איך האָב נישט מורא געהאַט פאַר „עמעצן'', פאַר מענטשן, פאַר לעבע־דיקע וועזנס, נאָר פאַר „עפּעס'', פאַר נישטגעזעענע געשפּענסטער, וועלכע

מע קאָן בייקומען נישט מיט כוח צי גבורה, נאָר מיט קושן די מזוזה, מיט טראָגן כשרע ציצות און דאָס גלייכן. לגבי מענטשן, לגבי ייִנגלעך, גרעסערע פון מיר, שטאַרקערע פון מיר, האָב איך קיין מאָל נישט ארויסגעוויזן קיין פּחדנות. אמת, איך בין נישט געווען קיין שלעגער, איך האָב קיין מאָל נישט פּראָוואָצירט קיין געשלעג. נאָר אויב סע האָט זיך שוין יאָ צו מאָל געמאכט, האָב איך זיך געראַנגלט און נישט שולדיק געבליבן, אָדער כאָטש געפּרואווט נישט שולדיק בלייבן. והאָ-ראיה, האָב איך דאָך געמוזט פאַרלאָזן „פאַר דער צייט" מיין געבורטס-אָרט כדי זיך א צייט נישט צו ווייזן אין די אויגן פון א שכן, א שגץ, וועלכער איז עלטער געווען כמעט טאָפּלט פון מיר, און ווען ער האָט מיך געוואָלט שלאָגן, מיינענדיק אז איך האָב אים געמסר אז ער האָט געגנבעט פלאָמען, דעמאָלט האָב איך צון אים געוואָרפן א שטיין, א גאַנצע פליטע, א באָלאָוואַן, און האָב אים שיער-שיער צעקאַליטשעט ... ניין, נישט פאַר ממשותדיקער קעגנערשאַפט האָב איך געהאַט מורא, נאָר סע האָט מיך נאָכגעפאָלגט, אזוי האָט זיך מיר לכל-הפּחות אויסגעדאַכט, אז סע פאָלגט מיך נאָך אָן אומגעזעענע סכנה. אָט טאַקע צוליב דעם האָב איך געוואָלט גיין צום רבין, זאָל ער מיך בענטשן, זאָל ער מיר אַוועקנעמען „ווי מיט דער האַנט" די מורא, וואָס האָמעוועט מיין יונגטלעך אַנטוויקלען און ציט מיך צוריק צו די קינדערישע שרעק. איך האָב נישט געקענט בלייבן אליין אין א צימער נישט בלויז ביי נאַכט נאָר אפילו ביי טאָג. יאָ, אין סאַמע העלן טאָג, אויב איך בין געבליבן אליין אין א צימער, בפרט אין א בית-המדרש, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אז פון ערגעץ א ווינקל, פון רעכטס צי פון לינקס, בפרט פון הינטן וועט זיך אָט-אָט יאַוועז א גערעכטס שפּענסט ... איך וועל מודה זיין, אז דאָס דאָזיקע אומגעזעענע געשפּענסט האָט מיך באַגלייט פיל יאָרן אין מיין לעבן. צוליב דעם בין איך געווען נישט בלויז א ביישן, נאָר בכלל א צוריקגעהאַלטענער, א נישט געוואַגטער, הגם מיין פאָטער האָט זיך באַמיט און מיט אַלע מיטלען געפּרואווט מיך „ארויסשלעפּן" פון דאָזיקן ביישנות. ער פלעגט מיר בכיוון געבן א ליי, אז איך זאָל ארייַנגיין אין א געוועלב מיר קויפן צוקערלעך צי א שאָקאָלאַד, אָבער איך האָב ליבער זיך אָפּגעזאָגט פונעם זיסוואַרג, נאָר נישט גיין אליין צווישן פרעמדע, אין א געוועלב און עפּעס קויפן. איך האָב

מורא געהאט אז מע וועט מיך אַנקוקן טשיקאווע, מע וועט מיך אדורכ־בויערן מיט די בליקן. אָט דאָס נישט־געוואַגטקייט־געפיל האָב איך גע־האט אויך שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער און זיך נישט געטרויט אָנצוהייבן אַ שמועס, אַ פלירט מיט אַ מיידל. איך האָב כמעט קיין מאָל נישט ארויסגעוויזן קיין איניציאַטיוו אויך ווען איך האָב שוין יאָ עס געגאַרט מיט מיין גאַנצער נשמה — האָב איך געמוזט האמעווען מיין יצר־הרע צוליבן ביישנות, וואָס איך האָב נישט געהאט קיין כוח בייצוקומען. די איניציאַטיוו האָט געמוזט ארויסווייזן די „זי“, וועלכע האָט עס געוואָלט, אָדער פאַרשטאַנען אַז איך בין נישט בכוח צו יענער איניציאַטיוו. ווי אזוי זשע האָב איך געקאָנט זיך אדורכשלאָגן אין לעבן? נו, מעג טאַקע דאָ געזאָגט ווערן, אז נאָך יאָרן און יאָרן, ווען דאָס לעבן, דאָס אכזריות פונעם לעבן, בפרט פאַר אַ ייד אין אַ צייט פון יידן־שינאה, ווען מען סע האָבן באַלייט כאַמע שטרויכלונגען, האָט מיך יענץ לעבן פאַרוואַנדלט פון אַ ביישן אין אַ עזות־פּנים, פון אַ נישט־געוואַגטן אין אַ „אוואַנטוריסטישן“ ריזיקאַנט, פון אַ מוראַדיקן פּחדן אין אַ „אכזר“ קעגן זיך גופא, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויך פאַר אַ זיכערער סכנה, דעמאָלט ווען איך בין איבערציינט אַז מע האָט מיך באַוועלעט צי באַליידיקט מיינע נאַציאָנאַלע געפילן... אמת, דאָס איז געקומען פיל פיל שפּעטער, אָבער אין יענע פריע יוגנטלעכע יאָרן בין איך געווען, ווי געזאָגט, זייער אַן אָפּהענטיקער קעגן די „געשעפענסטן“ וועלכע האָבן אויף מיר געלויערט...

מיינע עלטערן האָבן דערפון געוואוסט. איין מאָל זענען זיי געווען דערביי, ווען איך האָב זיך דערשראָקן און ארויסגעלאָזט אַ ווילדן קוויטש, ווען איך האָב געעפנט די טיר פון נעבנדיקן צימער און דאָרט געזען... גאָרנישט. גאָרנישט האָב איך דאָך נישט געזען, בלויז סע האָט זיך מיר באַר אויסגעדאַכט אַז איך זע עפּעס, און האָב ארויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלט געשריי און זיך געלאָזט לויפן צוריק, גלייך צו מיין מוטער, וועלכע האָט געעפנט אירע אָרעמס, מיך גענומען אויף אירע הענט, מיך געגלעט און געפּרואווט איינשטילן... מיין פאָטער האָט געפּרואווט מיר אויסרעדן, אַז עס איז נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן, געפּרואווט מיך פירן ווידער אַמאָל עפענען יענע טיר, ביידע צוזאַמען, איך מיט אים צוזאַמען, כדי

איך זאָל זיך איבערצייגן אז דאָרט איז נישטאָ קיינער און גאָרנישט— אָבער איך האָב באין-אופן נישט געוואָלט און נאָך ווילדער פארצווייפלט זיך צעשריגן, ביז די מוטער האָט מיך קוים איינגעשטילט. דער פאָטער האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיין פּרואוו מיך „אויפצוקלערן״. אייגנטלעך, וואָס איז געווען אויפצוקלערן?! ער האָט געמיינט אז אויב ער וועט מיר ווייזן דאָס ליידיקע צימער אז קיינער איז דאָרט נישטאָ, וועל איך פּטור ווערן פון דער מורא, אָבער ער האָט נישט געוואוסט אז מיין מורא איז נישט אויפן יסוד פון א ממשותדיק וועזן און קעגן אזא מין „איינגע-רעדטער״ מורא קאָן נישט העלפן קיין אויפקלער. נאָר א סגולה... אמת, היינט, וואָלטן עלטערן געפירט אזא יינגל צו א פּסיכאָלאָג, א פּסיכאָא-נאליסט — אָבער דעמאָלט האָט מען דאָך אזא יינגל געפירט צו אן אָפּ-שפּרעכערן, צו א וואקס-גיסערן, אין וואָס א חסידישער ייד טאָר נישט גלייבן, טאָר נישט ארויסווייזן אז ער גלייבט, הגם ביי זיך, ערגעץ טיף באהאלטן, גלייבט ער אפשר טאקע יאָ אין אזעלכע זאבאָבענישן...

פירט מען אזא יינגל צו א רבי.

אָבער ווי אזוי קומט מען אָן צום רבי, אז דער רבי זאָל מיך פארזענלעך זען, נישט בלויז פונעם געשריבענעם קוויטל, אין וועלכן מיין פאָטער פלעגט זיך באקלאָגן אויף מיין מחלה?

האָב איך געהאט, הייסט עס, צוויי סיבות נאָר קעגנגעזעצטע סיבות, פאר וואָס איך האָב אזוי שטארק געגארט צו גיין קיין סעלאָטווינע אויף שבת. איין סיבה איז געווען וואָס איך האָב זיך געהאלטן פאר א גאָר „גרוי-סן״ און מאכטיקן און די צווייטע סיבה איז ווידער געווען, וואָס איך האָב זיך געהאלטן פאר א „גאָרנישט״, פאר אזא קליינעם וואָס האָט מורא פאר זיין אייגענער שיין... סיי לויט דער ערשטער סיבה סיי לויט דער צווייטער בין איך נישט געווען קיין נאָרמאלער, א פּשוט יינגל צווישן יינגלעך, נאָר א יוצא מן הכלל.

סע בלייבט נישט איבער עפּעס אנדערש נאָר אָנצוקומען צום רבי אז ער זאָל מיך בענטשן, אז ער זאָל מיר פירזאָגן מיין עתיד. אָבער ווי אזוי קומט די קאַץ איבערן וואסער? בעסער געזאָגט, ווי אזוי גיי איך אריבער די טיסע, וואָס איז באוואכט פון גרענעץ-וועכטער?

איז בין איך געוואויר געוואָרן, אויב איך האָב עס נאָך דעמאָלט בלויז געהערט און נאָך נישט געווען איבערצייגט אז טאקע אזוי איז עס, אז „ווען מע וויל, קאָן מען״... מיט מסירות-נפש קאָן מען גובר זיין אלע מחיצות, אלע, אפילו א גרענעץ צווישן איין לאנד און א צווייטן. מע דארף נאָר האָבן א שטארקן ווילן. „א ווילן, איז מערער ווי א קאָן!״ האָט מיר פארטייטשט מיין פעטער.

און — אויב איך בין טאקע ארויסגעבליבן און נישט געווען איינגעשריבן אין דער רשימה, וואָס סע האָט צונויפגעשטעלט ר׳ איציקל — האָב איך אָבער געהאט אן אייזערנעם ווילן, גרייט אויף מסירות-נפש, זאָל זיין וואָס סע זאָל נישט זיין, נאָר איך מוז אריבער די גרענעץ.

און איך בין טאקע אריבער.

# מיין „בטלנישער" פעטער

מיין פעטער לייבוש איז געווען פונקט דער היפוך פון מיין פאָטער, במעט אין אַלע הינזיכטן. מחמת דעם, אז איך וויל סקיצירן ווי א קורץ בילדל, כאָטש פון עטלעכע שטריכן, וועל איך מוזן אויך אָן מיין ווילן, מאכן אייניקע פארגלייכן — אויף צו זאָגן וואָס מיין פעטער איז נישט געווען איידער צו זאָגן וואָס ער איז יאָ געווען.

ווי גרויס זיין בקיאות, זיין תלמיד-חכמשאפט איז געווען, איז דאָס בטלנות זיינס געווען פיל גרעסער. אויב זיינע יהדות קענטעניש האָבן זיך אראָפּגעלייענט פון זיין ברייטן-הויכן שטערן, פון זיינע טיפע קנייטשן איינגעקריצטע אינעם שטערן, פון זיין שיינענדיקן לומדישן פנים, אז מע האָט געקאָנט דעררעאָטן אז ער איז דער מורה-הוראה אין שטעטל, כאָטש אָפיציעל איז די קהילה געווען אונטער דער השגחה פונעם סיגעטער רב, האָט ער אָבער געהאט סמיכות און געפּסקנט שאלות טאקע לויטן אויפטראָג פונעם רב. און דאָך, האָבן אים נאָכגעהאָנגען די הויזן, אז אָט-אָט פאלן זיי פון אים אראָפּ. האָט זיך ביי אים שוין געמאכט אזא רעפלעקס אז סיי ווען מע האָט שוין יאָ באדארפט, סיי ווען מע האָט נאָך נישט באדארפט, פלעגט ער א הייב טון די הויזן, העכער א ביסל, זיי פארפעסטיקן מיטן רימען, וואָס האָט גאָר ווינציק געהאָלפן און ווי אויף להכעיס האָבן די הויזן ווידער זיך געגליטשט נידעריקער, נידעריקער, אז אָט-אָט פאלן זיי שוין ווידער אראָפּ, און לאָזן אים חלילה-וחס א באקעטן, אין די הוילע גאטיעס...

און שוין דאָ מוז איך מאכן א פארגלייך. מיין פאָטערס הויזן האָבן זיך נישט געגליטשט. זיי זענען געשטאנען אויף זייער אָרט ווי צוגעבאָנלט, אָדער אונטערגעהאלטן נישט מיט קיין נאָכלעסיקן רימען, נאָר

מיט מאָדערנע הויזנטרעגער. האָט טאַקע נישט זעלטן דער פאָטער גע-מוסרט דעם פעטער לייבוש, זיין שוואָגער: „לייבוש, עס איז דאָך א חי-לול השם ווי אזוי דו גייסט ארום ... ווייסט דאָך אז א תלמיד-חכם טאָר נישט ארויסגיין אפילו מיט א גאָר קליינעם פלעק אויף די מלבושים זיינע, ווייל עס איז נישט קיין כבוד התורה, און דו גייסט ארום אזוי בטלניש"...

צו מאָל פלעגט ער אים זאָגן: „ווי א בטלנישער כניאָק". אָבער סע האָט פיל נישט געהאָלפן דאָס דאָזיקע מוסרן. אפילו ווען דער פאָטער האָט אים געקויפט, ווי ער האָט געזאָגט, „בתורת-מתנה" א פּאָר הויזנטרעגער, כדי ער זאָל נישט דארפן תמיד הייבן די הויזן און פארפעסטיקן מיט דעם אומניצלעכן רימען, האָט עס אויך נישט געהאָלפן צו פיל. נאָך עטלעכע טעג האָט ער שוין ווידער געהויבן די הויזן מיטן רימען, די טרעגער האָט ער ערגעץ געלייגט און געדענקט נישט וואו... מעגלעך, אז דאָס איז געווען צוליב דעם וואָס ער איז געווען געברייכט, נישט אזוי צוליב זיין בטלנות, האָט ער תמיד געדארפט הייבן די הויזן.

צוליב וואָס זאָג איך עס? כדי מע זאָל זען אז בעת דער פאָטער איז געווען דער היפוך פון אים, איז נישט געווען קיין בטלן, און דער פעטער לייבוש איז געווען א טיפּישער בטלן — דאָך אזוי איז איצט, ווען איך האָב געדארפט אריבער די גרענעץ און נישט געווען פארשריבן אויף דער ליסטע, איז מיין פעטער געווען דער „העלד", שוין אָפּגערעדט פון בטלנות.

אמת, אויך מיין פאָטער איז געווען א גרויסער תלמיד-חכם, אָבער דאָך איז ער געווען א ווינציקער בקי ווי דער פעטער. אמת, ער האָט טאַקע געהאַט א שארפן מוח, בכלל איז ער נישט געווען קיין „פארשלאָ-פענער", ווי מע זאָגט, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט רימען אז ער מאַכט איין מאָל אין דריי יאָר א סיום אויף גאַנץ ש"ס, ווי דער פעטער לייבוש פלעגט עס טון. טאַקע אזוי, הייבנדיק זיך די הויזן אז לצנים זאָלן האָבן פון וועמען זיך צו חוזקן, פלעגט ער מאַכן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, ווי מע זאגט, א סיום. איז געווען ספירה-צייט — האָט ר' לייבוש געמאַכט א סיום אויף א מסכתא, איז געווען די „דריי וואָכן", האָט ער געמאַכט א סיום, שוין אָפּגערעדט פון ערב-פּסח, ווען ער האָט געמאַכט דעם סיום זייענדיק אליין א בכור, און שפּעטער אויך פאַר זיין

זון, וועלכער איז דאָך אויך געווען א בכור, האָט ער געמאכט א סיום פון א מסכתא, און ווי געזאָגט, איין מאָל אין דריי יאָר איז ערב־פּסח געווען דער סיום פון גאַנץ ש״ס... די סיומס האָט ער נישט געמאכט בלויז פאר זיך, נאָר מהנא געווען דעם ציבור, וועלכער האָט געוואָלט טועם זיין א שטיקל פלייש אין די „ניין טעג" צי אין די „דריי וואָכן" פאר תשעה־באב, האָט ער געמאכט דעם סיום אין בית־המדרש און דער גאַנצער עולם וועד סע האָט געהאט פלייש האָט געמעגט עסן... וואָלט מען אים ביי נאכט אויפגעוועקט פונעם שלאָף כדי מע זאָל אים פרעגן וואו סע שטייט די אָדער יענע מימרא, וועט ער תיכף קאָנען ענטפערן, פּינקטלעך די מסכתא, דעם דף און אפילו דעם עמוד, געגוי ציטירן גלייך ער האָט די גמרא פאר זיינע פארשלאָפענע אויגן. נו יאָ, מיין פאָטער האָט אויך געקאָנט געפינען די זעלביקע מימרא, אָבער ער האָט זי באַ־דאַרפט זוכן.

מיין פאָטער האָט אָבער געקאָנט טון אנדערע זאכן, וואָס מיין פע־טער האָט נישט געקאָנט. ער האָט געקאָנט פאררעכטן א זייגערל און אויך אויפבויען א הילצערנעם בנין. וואָס ווילט איר זאָל איך אויסרע־כענען פריער? אז ער האָט געקאָנט אליין עפענען א פענצטער אין א וואַנט (אונדזער שטוב איז געווען פון האָלץ), צי שטעלן א טיר אויפן אָרט פון א פענצטער, אָדער פארקערט? ניין, מיין פעטער האָט זיך צו דעם נישט פארשטאנען. מיין פאָטער האָט געקאָנט אויסשניצן א „יד", א הענטל מיט א ווייזער־פינגער, פון באַרן־האָלץ, אז דער גרעסטער שניצער וואָלט אים געווען געקאָנט מקנא זיין. אויך מיך האָט ער דאָס אויסגעלערנט. פאר וואָס דווקא באַרן־האָלץ? ווייל ביי באַרן־האָלץ זענען די פעדעם נישט קיין באַזונדערע וואָס זאָלן זיך צעגעמען בעתן שניצן און קאַליע מאכן די גאַנצע האָרעוואַניע. באַרן־האָלץ איז כמעט פון איין שטיק ווי אויסגעגאָסן און רייסט זיך נישט מיט מיטן מעסערל אָנעם ווילן פון דעם שניצער. מע קאָן אויסשניצן וואָס פאר א קליינעם דעטאַל און סע זאָל נישט מיטגערייסן ווערן קיין איין הילצערנער פאָדעם. יאָ, אויך צו דעם האָט זיך מיין פאָטער פארשטאנען. נאָך מער, ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעשניצט א קאָפּעטע לויט דער גרייס פון זיין פוס, דערנאָכדעם זיך אליין געמאכט אויך די שיך... מיין פעטער האָט

זיך צו דעם נישט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך פאַרשטאַנען צו מאַכן אַ סיום...

(פאַר וואָס האָב איך אָנגעהויבן אויסרעכענען צווישן די מעלות אַז מיין פֿאָטער האָט זיך פאַרשטאַנען אויך צו פאַרריכטן אַ זייגער? ווייל דאָס איז דאָך געווען דעמאָלט די העכסטע מדריגה פֿון דער טעכניק. עלעקטראָניק איז דאָך דעמאָלט נאָך נישט געווען. איז די יידישע „חכמה" געווען זייגער־מאַכעריי... אָבער מיין פֿאָטער האָט זיך צו דעם פֿאַרשטאַנען, ער האָט זיך אויסגעקענט אויך אָן דעם אַז ער זאָל געווען לערנען ביי עמעצן די דאָזיקע מלאָכה. בכלל האָט ער דאָך קיין שום מלאָכה זיך נישט געלערנט, הגם ער האָט זיך צון אַלעמען אויסגעקענט — מחמת דעם איז ער דאָך געבליבן אַ מלמד!).

ווער זשע איז געווען דער בטלן, פרעג איך אייך, ווער?

יאָ, אין טאָגטעגלעכן לעבן וואָלט מען ליבער געקאָנט זאָגן אַז דער פעטער לייבוש איז געווען מער בטלן, הגם דער זעלביקער מלמד ווי מיין פֿאָטער — אָבער דאָס מאָל, ווען איך האָב באַדאַרפט האָבן אַ „העלדישע האַנט" וואָס זאָל מיך מיטנעמען קיין סעלאָטווינע צום רבין אויף שבת, דאָס מאָל איז עס געווען דער פעטער. ער איז געווען דער, וועלכער האָט נישט געקאָנט צוקוקן מיין עגמת־נפש, האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, גלייך אַ צוואַנג וואָלט זיך איינגעביסן אין מיין יינגלעש הענטל, און אַ זאָג געטון: „קום!"...

דער אַנטשלאָסענער „קום" האָט אויך מיך געמוטיקט אויף אַזאַ אופן, אַז איך בין מיטגעגאַנגען אַן אַנטשלאָסענער, זאָל זיין וואָס סע זאָל זיין, און איך מוז אויך אַריבער די גרענעץ... אפילו די גרענעץ־וועכטער, אויך זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אַקעגנשטעלן. אמת, זיי האָבן געפרעגט ווי אַזוי איך הייס, זיי האָבן מסתמא געוואָלט אויך מיין נאָמען זוכן אין דער רשימה, אָבער דער פעטער האָט נישט געענטפערט אויף זייער פראַגע, ער האָט נישט געזאָגט מיין נאָמען, ער האָט נאָר אַ וואָרף געטון ווי אַן אויסגעשריי וואָס מע קאָן נישט אָפּווענדן, וואָס מע קאָן אים נישט אויסמיידן:

— ער קומט מיט מיר... ער איז מיין זון...

ער האָט געזאָגט און געטון. זיך כמעט נישט אָפּגעשטעלט אויף צו וואַרטן אויף עמעצנס הסכמה. ער האָט אַליין באַשלאָסן וואָס ער האָט צו טון און סע האָט זיך אויסגעדאַכט אַז קיינער וועט אים נישט קאָנען אָפּווענדן פון זיין באַשלוס.

— קום! — האָט ער ווידער איבערגעחזרט און מיך אָנגענומען פעסטער ביים הענטל און מיך ווי געצויגן נאָך אים, אַרויף, אַרויף...

— קום!... נחשון בן עמינדב האָט נישט געפרעגט קיין שאלות — האָט ער איבערגעחזרט שוין מיט אַ שמייכל צו מיר — ער איז אַריינגעשפּרונגען אין ים, און ער איז אַריבער.... בכלל דאַרף מען צו קיין דבר-מיצווה נישט פרעגן קיין שאלות, אין אַזאַ געלעגנהייט דאַרף מען צומאַכן די אויגן מיט אַנטשלאָסנקייט און „אַריינשפּרינגען“... קום אַריבער!... דו ביסט דאָך מיין זון. ווייל אַ תלמיד איז אַזוי ווי אַ זון און צו מאָל נאָך מערער...

דער אמת איז טאַקע אַזוי געווען. ער האָט מיך געהאַלטן אַ ביסל מערער ווי אַ פּלימעניק צי אַ תלמיד, ממש ווי אַ זון, זיין תורה-יורש... נו יאָ, אויב פונעם פאָטער האָב איך זיך אויסגעלערנט צו פאַרריכטן אַ זייגערל צי צו שניצן אַ „יד“ — האָב איך דאָך ביים פעטער לייבוש זיך אויסגעלערנט מאַכן אָפּט צון אַ „סיום“...

און אָט אַזוי בין איך טאַקע אַריבער, יאָ, מיטן פעטער לייבוש. אָבער דאָרט, שוין אין סעלאָטווינע, האָב איך זיך באַהאָפטן צו מיין פאָטערס חברותא. איך האָב געשלאָפן מיט אים צוזאַמען, האָב געגעסן פונעם זעלביקן געבראָטענעם הינדל וואָס די מוטער האָט אים מיטגעגעבן. מיט אים צוזאַמען האָב איך געגעבן „שלום“ דעם רבין און מיט אים צוזאַמען האָב איך זיך אויך „געזעגנט“.

אויך שפּעטער האָב איך פיל נאָכגעטראַכט כדי צו קאָנען פאַרשטיין די סיבה, פאַר וואָס מיין פאָטער, וועלכער איז געווען ווי מע זעט נישט קיין „פאַרשלאָפענער“, איז נישט געווען קיין מלמדישער בטלן, און דאָך האָט ער אַזוי לייכט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז איך זאָל נישט אַריבער די טיסע-גרענעץ, ווייל סע האָט זיך נישט איינגעגעבן מיך צו פאַרשרייבן אין יענער רשימה, האָט ער אַזוי לייכט זיך אונטערגעגעבן און אָנערקענט אַז „געזעץ איז געזעץ“ און איך זאָל אַרויסבלייבן פון

דער דאָזיקער געלעגנהייט צו געזעגענען זיך ביים וויזשניצער רבין — בעת דער פעטער, וועלכער איז באמת געווען א בטלן, ווי מע זעט, אן אומבאהאָלפענער אין זיינע פערזענלעכע ענינים, דאָך האָט ער זיך נישט געלאָזט און איז גרייט געווען בייצוקומען די גרענעץ-וועכטער נאָר מיך מיטצונעמען צום רבין. יאָ, איך האָב פיל נאָכגעטראַכט און גע-זוכט א דערקלער (מיך האָט דער פעטער געמונטערט מיטן פארגלייכן זיך צו נחשון בן-עמינדב, וועלכער איז ביים ארויסגיין פון מצרים, דער ערשטער אריינגעשפרונגען אין ים, געהאט אמונה אין גאָט און אין משה רבינו, ארויסגעוויזן גבורה צו שפרינגען און בייצוקומען די ים-כוואַליעס. אזוי איז ער אָנגעקומען אין לאַנד פון די אָבות ... תמיד איז עס אזוי געווען, עד היום הזה. ווער סע האָט נישט ארויסגעוויזן אזא מוט, איז געבליבן אן עבד אין „מצרים", אָדער אין בעסטן פאַל איז ער געווען צווישן די מתי-מדבר ... האָב איך טאקע מקנא געווען פון תמיד און אויף תמיד אזעלכע „נחשונס!") .

ווי געזאָגט, האָב איך אויך שפעטער פיל נאָכגעטראַכט און געזוכט אן אויפקלער. נו יאָ, דער פעטער איז געווען א הייסער וויזשניצער חסיד, איז ער גרייט געווען אויף קידוש-השם? נו איז וואָס, אויך מיין פאָטער איז געווען ממש א תלמיד, געלערנט אין דער וויזשניצער ישיבה, אויפ-געוואקסן ביים וויזשניצער נוסח ביים דאווענען, ביי די וויזשניצער נגי-נה-תנועות, וואָס ער האָט אויך מיר מיטגעגעבן צידה-לדרך. הגם איך האָב נישט געלערנט אין דער וויזשניצער ישיבה, האָב איך דאָך געמאכט א וויזיט אין וויזשניץ, געוואָלט זען פון וואנען סע שטאמט דער שורש פון וויזשניצער חסידות. אזוי איז עס טאקע געווען, אָבער דאָך נישט פינקטלעך אזוי. עס איז געווען א קליינער חילוק: בעת מיין פעטער איז געפאָרן יעדע ימים-נוראים קיין גרויסווארדיין צום וויזשניצער רבין, איז מיין פאָטער געפאָרן זעלטענער. ער האָט אפשר געשוינט די הוצאות, האָט ער זיך געקאָנט באגנוגן צו דאווענען אין די ימים-נוראים ביים באָרשער רבי, דעם וויזשניצער רבינס ברודער, וועלכער האָט געפראווועט חסידות אין סיגעט, און עס איז געווען לייכטער צוצוקומען, סע האָבן נישט געקאָסט אזוי פיל הוצאות און טירחא ... און אז עס איז געקומען ספירה-צייט און דער אַלטער סעפינקער רבי איז געקומען קיין סעפינקע

האלטן דעם יאָרצייט פון זיין פאָטער, דעם גרינדער פון דער סעפינקער גזע, האָט מיין פאָטער זיך אויפגעזעצט אויף א פורל, געצאָלט עטלעכע ליי, און ארייגעפאָרן קיין סעפינקע זיך געזעגענען ביים סעפינקער רבי... מיין פעטער וואָלט זיך נישט געלאָזט באגנוגן מיטן באָרשער רבי און צום סעפינקער רבי וואָלט ער אוודאי נישט געפאָרן, פאר אים איז עס געווען „שעטנז" צי „כלאים"...

אפשר איז דאָס געווען די סיבה, וואָס מיין פעטער האָט געהאט מער חסידישן ברען פאר וויזשניצער חסידות און אויך מיך „מיטגעשלעפט" מיט אים?!

אזוי צי אזוי, אָבער יענער שבת אין סעלאָטווינע, ביים וויזשניצער רבי, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, האָט געמאכט אויף מיר א גאָר גרויסן רושם און האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון ווי א געשעעניש. אויב די אנדערע זייטיקע איינדרוקן זענען במשך דער צייט מטושטש געוואָרן און האָבן זיך צעטאָפּעט ווי א פרישער שניי ווען סע שיינט אויף די זון, איז דאָך ביי מיר פארבליבן דאָס בילד, ווען דער רבי האָט אָנגע-הויבן שרייבן דאָס ספר-תורה, טאקע דאָ אין סעלאָטווינע.

# דער רבי שרייבט אַ ספר־תורה

די נייע קלויז, וואָס איצט האָט מען דאָך ערשט געמאַכט דאָס חנו־כת־הבית, איז געווען איבערפולט מיט חסידים, ביי וועלכע די נשמות האָבן געפלאַטערט ווי פליגל פון מלאָכים, פאַר גרוים התלהבות. אין דער לופטן האָט זיך געפילט א יום־טובדיקייט, אָבער נישט פון א פרייער פרייד, נאָר פון ימים־נוראימדיקער פאַרזאָרגטקייט.

דער רבי איז געזעסן אויוונאָן ביים טיש, וואָס איז געווען צוזאַ־מענגעשטעלט אין דער פאָרעם פון א „חית'', אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער קלויז (דעם באַלעמער האָט מען במחילת כבודו אוועק־גערוקט אין א זייט). ארום די טישן זענען געזעסן אן עולם חסידים, אַנ־דערע זענען געשטאַנען קעפ אויף קעפ אָנגעטון מיט בגדי־שבת און זיך צוגעהערט צו די דבקות־תנועהלעך פונעם רבין און נישט אראָפּגע־לאָזט די אויגן אפילו אויף איין רגע, ווייל די דאָזיקע באָם־באָם־באָם תנועהלעך האָבן געהאַט אין זיך מער חסידישע קדושה, מער חסידישן ברען ווי די סאַמע טיפסטע דברי־תורה. דאָס איז געווען איינע פון די וויזשניצער מאַניפעסטאַציעס, וואָס מע האָט זיי נישט געפונען ביי אַנ־דערע רביים. אויך איצט ווי געוויינטלעך האָט דער רבי אזוי, זינגענדיק אין סורדינע, צוגעקלאַפּט מיט די ווייסע לענגלעכע פינגער פון דער רעכ־טער האַנט צום טאַקט פון די תנועהלעך, פון צייט צו צייט קוים געעפנט די אויגן, אויפהייבנדיק פאַמעלעך די וויעס ווי ווען מע מאַכט אויף א פענצטער צון א קוים באַמערקבאַרן קוק, און ווייטער געשפונען דעם „באָם־באָם'' און פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן, טייכן טרערן האָבן אַזוי דערשטיקטערהייט געוויינט אויף גלות־השכינה. חסידים האָבן

געפילט ווי סע שוואכט ביים הארץ. רבונו-של-עולם, פון וואנען נעמען זיך אזוי פיל טרערן?

און דער עולם האָט געגאפט. די חסידים האָבן געפילט א רוחניות-דיקן הייליקן ציטער אז זיי זענען עדות פון א וועלט-געשעעניש, צון א גייסטיקן דערהייבן פון א בשר-ודם און דאָך אין די עולמות העליונים, אין די הויכע און טיפע הימלען, וואוהין בלויז די מלאָכים קאָנען דער-פליען מיט זייערע געטלעכע פליגל — אָבער אויך נשמות געלייטערטע, הייליקע, אויסגעטוענע פון דער-וועלטיקער גשמיות, אזוי ווי עס איז איצט דער פאל מיטן רבין זאָל לעבן...

אליץ, אפילו דאָס זשומען צוליבן גרויסן געדראנג, איז אויך צוגע-גאנגען אין דער שטיל, דערשטיקט, אָן רעש, אויף שפּיץ פינגער. ווייל אפילו יענער וואָס קאָן נישט מער ווי קוים דעם „אלף-בית" פון וויזשני-צער חסידות, האָט געקאָנט זיין א מבין און זיך אָפּגעבן חשבון אז ביי דער איצטיקער סעודה דארף מען שווייגן, שווייגן, וואָס ווינציקער ווערן ווערטער, וואָס ווינציקער איבערפרעגן, נאָר גאפן און זיך צוהערן, איינזאַפּן אין זיך די הייליקייט פון דער דבקותדיקער שטימונג, הערן דעם רבינס תנועות און אין געדאנק מיטזינגען, זינגען מיט טרערן...

איז מען געשטאנען קעפּ אויף קעפּ, צוגעבויגן אָן אויער, פארקנייטשט דעם שטערן, מיט די אויפגעהויבענע ברעמען, די טרערן זאָלן זיך נישט אָנשפּאָטען און געווארט מיט פארכאפּטן אָטעם סע זאָל זיך באווייזן דער סופר.

דער רבי, ווי געזאָגט, אָנגעטון מיטן געבלומטן טיש-קאפּטן, איז געזעסן אויוונאָן. ער האָט זיך אונטערגעזונגען א לוסטיק ניגודל — און די טרערן האָבן זיך ביי אים געקייקלט ווי קרישטאָלענע קרעלן, ווי בליש-קענדיקע טויטראָפּן בעת די זון שיינט אויף און באשטראלט זיי. ער האָט יעדע ווײַלע זיך ארייינגעקעמט מיט דער בלייכער האנט, ווי א בלעטל פון א ספר, אין דער באָרד, וואָס איז שוין אזוי גראָ ווי די פארלאָפענע יאָרן און באטראכט מיט פארזאָרגטער כוונה וויפל האָר סע זענען נאָך געבליבן נישט גראָ געוואָרענע...

מיט א מאָל האָבן זיך קעפּ פארריסן אהינטער, צו דער טיר, פון וואנען עס איז געקומען דער סופר, מיט א יריעה פארמעט אונטער דער

אָרעם און אין איין האנט א לאנג אויסגעשפּיציקטע ווייסע גענדזענע פעדער מיט א טינטער. א געוויקסיקער ייד מיט א הדרת־פּנים, א גראָ־ווייסע באָרד, ערטערווייז געפינען זיך נאָך פּאסמעס טונקעלע האָר, גלייך ער וואָלט זיך בשעתן שרייבן אָפּגעווישט די טינטיקע פעדער אָן דער באָרד, מיט לאנגהאָריקע גראָע ברעמען, וואָס לאָזן קוים אפירקוקן די קליינע פרומע אויגן, וואָס טרערן תמיד, מסתמא פון א סך ארייַנקוקן אין די דראָבנע אותיות פונעם זוהר, און מיט צוויי לאנגע גראָבע אומגעקרייזלטע פּיאות, אין וועלכע מע קאָן נאָך דערזעהן טראָפּנס וואסער פון דער טבילה אין דער מקווה, פון וואנען ער קומט מסתמא איצטערט...

אז דער סופר האָט זיך געלאָזט גיין אהין־צו, ארויף, האָט זיך דער עולם צעשפּאָלטן אין צווייען, ווי דער ים ביי קריעת־ים־סוף, אויף רעכטס און אויף לינקס. מע האָט קוים געקאָנט מאכן א בשעת־הדחקדיקן דורכגאנג, כאָטש מע שרייט, מע לארמעט: „מאכט א ווארע!“.

חסידים האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף טישן, שטענדערס און אפילו ארויף אויפן אָרון־קודש, זיך אָנגעכאפּט אָן די הילצערנע לייבן מיט די ארויסגעשטרעקטע בלוטיקע צינגען, ווער אָן די „ברכת־כוהנים“־הענט און אָנגעווענדט די שטאַרקסטע כוח־הריאה צו זען ווי דער רבי וועט אָנהייבן שרייבן דאָס ספר־תורה. יעדער איינער האָט געוואוסט אז אזא זכיה קאָן מען האָבן בלויז איין מאָל אין לעבן. איז דארף מען די געלעגנהייט אויסניצן. אויב מע האָט שוין יאָ זוכה געווען דערצו, איז טאָר מען נישט פארלירן קיין שום ריר אָדער באוועג, קיין שום פּרט פון אָט דער דאָזיקער הייליקער עובדא.

און אז דער רבי האָט איינגעטונקען די לאנגע ווייסע גענדזענע פעדער און אָפּגעשאָקלט פון דער טינט, סע זאָל חלילה נישט פארקלעקן דעם פּארמעט, האָט עס יעדן א טרייסל אויף געטון די חסידיש פארחלומטע נשמה, אז דאָס הארץ האָט ממש אָנגעהויבן חלשן פון טיפער עמאָציע, און טרערן האָבן באגאָסן — א ביסל פון פרייד, וואָס מע האָט די זכיה צו זען ווי דער רבי הייבט אָן שרייבן דאָס ספר־תורה, און נאָך מער פון זאָרג און באנגער, מע זאָל זוכה זיין צו דערלעבן אז דער רבי זאָל מאריך ימים ושנים זיין. זאָל דערפארטיקן און שרייבן אויך די לעצטע אותיות פונעם דאָזיקן ספר.

באַלד האָט זיך דערזען די גרויסע „בית“ פון „בראשית“, זי איז שוין געווען דורכן רבינס האַנט אויסגעפולט מיט טינט, וואָס דער סופר האָט פון פריער אָנגעצייכנט. דער עולם האָט אָנגעקוואָלן פאַר פרייד, אַז סע גייט ניִשט-קשהדיק דער אָנהייב, ווייטער וועט דער פון אויוון אוודאי העלפן. מע וועט זוכה זיין אויך צום „סיום“ פונעם שרייבן דאָס ספר.

ווען דער רבי האָט מיט אַ פאַרטראַכטן זוהר-שמייכל אוועקגעלייגט די פעדער האָט זיך דער סופר אַ שטעל געטון אויף מיט אַזאַ התלהבות, אַז מע האָט געקאָנט מיינען אַז איצט איז ער גאָר דער רבי און ער האָט אָנגעוואָונטשן אויף אַ קול, דער גאַנצער עולם פון דער איבערפולטער קלויז זאָל הערן, מיט די אויגן האַלב צום רבי און האַלב צום הימל געוואָנדן, אַז דער רבי זאָל מאריך ימים זיין, האָט אָנגעהויבן שרייבן אָט-אַ-דאָס ספר — און השם יתברך זאָל העלפן ער זאָל זוכה זיין צו דערפאַרטיקן עס און מיט אים אַקעגנגיין משיחן...

בשעת דער סופר האָט אַרויסגעזאָגט אָט די קורצע אָבער פילזאָגנדיקע ברכה, האָט ער אַרויפגעלייגט זיין געלע זיידענע האַנט אויפן רבינס אַקסל, חלילה זיך קוים אָנגערירט, נאָר סתם אַזוי לשם-ברכה, און אַרויסגעזאָגט די ווערטער האָט ער, גלייך ער נעמט איבער דעם רבין מיט זיינע יאָרן אויף זיין אחריות. און פאַר וואָס ניִשט? ביי וועמען נאָך איז אַזוי דעם רבינס אריכת-ימים אין דער האַנט, ווי ביים סופר?...

שוין איין מאָל אַ ייד דער סופר, אַז דער רבי גופא דאַרף אויך ביי אים איינשטיין, אין זיין רשות. אויב ער וויל קאָן ער פאַרזאַמען און זיך ניִשט איילן אַזוי גיך צו שרייבן דאָס ספר. און ער וועט אוודאי וועלן, פאַר וואָס ניִשט, וואָס האָט ער זיך צו איילן?!

ווי יום-כיפור נאָך נעילה, ווען יעדער איז שוין גוט הונגעריק, מיד פונעם תענית און אויך פון די פיל תפילות, און שטערן באַווייזן זיך שוין אויפן בלאָעם הימל, שרייט מען אויס מיט די לעצטע כוחות: „ד הוא אלקים!“, אַזוי האָט איצט אַ דונער געטון מיט אַ מאָל אַן „אָמן!“ נאָכן סופרס ברכה. יעדער האָט פאַרשטאַנען און הייליק אָנגעוואָונטשן, אַז דער רבי זאָל דערלעבן ענדיקן שרייבן דאָס ספר תורה.

סע האָט זיך נאָך יעדן געוואָלט עפּעס צוגעבן, עפּעס מער צו זאָגן, ווייל אין איין „אָמן“ איז ווי נישט אריינגעגאנגען אָט דאָס גאנצע וואָס סע האָט זיך אָנגעזאמלט אין משך פון דעם יראת-הכבודיקן שווייגן. עס איז דאָך גאָך נישט דערזאָגט געוואָרן אַלץ וואָס מע וואָלט וועלן אָנווינטשן. האָט זיך טאקע נאָך געהערט, ערגעץ ביי ווענטן, שטיל מורמלענדיק אין א הייליקן געשעפּטש ברכות אָן א צאָל, אָן אויפהער, כדי צו שטילן זיך פונעם בדחילו-ורחימו געפיל פונעם חסידיש-רעליגיעזן הייליקן עקסטאז. סע קאָן גאָר זיין אז יעדער איינער פון די חסידים זאָל געוועזן דעמאָלט האָבן געשאָנקען צון א יאָר דעם רבין, צו זיינע הונדערט און צוואנציק יאָר. אפשר?

און אויגן, פארוויינטע, פארזאָרגטע, האָבן זיך ווי געבעטן צום סופר: „איר שרייבט א יריעה, צוויי און געגוג, איר האָט צייט. וואָס איז זיך דאָ צו איילן?“ ...

נו טאקע, צו וואָס זיך איילן, זאָל דער רבי לעבן מאריך ימים זיין און לעבן וואָס מערער, זאָל ער דערלעבן צו שרייבן אויך דאָס לעצטע אות פונעם ספר-תורה, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן איצטערט צו שרייבן ...

# דעם רבינס ברכה

דאָס געזעגענען ביים רבין איז פארבליבן ווי א נעפל-קנויל, א דורכ־זיכטיקער פון וועלכן סע בלייבט קוים עפּעס אין זכרון. מע קאָן זאָגן אז נאָך אלעמען איז עס געווען פאר מיר נישט מער ווי כמעט אן אנטויש. נישט בלויז פאר דעם וואָס איך האָב מיר געמאכט אזוי פיל קינדערישע, און פאר וואָס זאָל איך איצט נישט זאָגן דעם אמת, אז זייער נאַיווע אילוזיעס, נאָר אויך צוליב דעם וואָס עס האָט געדויערט צו ווייניק אין צייט, בלויז עטלעכע מינוט, וואָס איז געווען פיל צו ווייניק אין פארגלייך מיט די צוגרייטונגען מיינע, דאָס הייסט די פסיכישע צוגרייטונגען און די דערוואַרטונגען וואָס האָבן זיך נישט רעאליזירט, און טאקע מחמת דעם זענען זיי זיך צערונען במשך דער צייט.

דער רבי איז געזעסן ביי א טישל, אויף וועלכן סע האָבן זיך געהויפט צוויי קופּקעלעך, איינס מיט קוויטלעך און דאָס צווייטע מיט באַנקנאָטן, רומענישע הונדערט ליי שטיקן און טשעכישע קראָנעס. דער רבי האָט אייגנטלעך נישט גענומען אין די הענט די פּידיונים. ער האָט אזוי אָנ־גענומען אין דער לינקער האנט דאָס קוויטל וואָס סע האָט אים איבער־געגעבן דער חסיד, אז דאָס געלט איז אנידערגעפאלן אויפן טיש, האָט ער עס שפּעטער א שאר געטון מיט דער האנט ווי כלאחר-יד, אין א זייט, צום געלט-קופּקעלע. די רעכטע האנט איז געבליבן פריי סיי צום געבן די האנט פארן חסיד סיי אויף ארויפנעצוליינן אויפן קאָפּ כדי צו בענטשן, ווי עס איז געווען דער פאל מיט מיר.

מעגלעך אז צוליב דער עמאָציע האָב איך אפילו נישט גוט געהערט וואָס דער פאָטער מיינער האָט געענטפערט אויפן רבינס פראגעס, וואָס זיי האָבן גערעדט, און וואָס ער האָט זיך באקלאָגט, נאָר דעמאָלט ווען

ער האָט גערעדט וועגן מיר, ווען דער רבי האָט מזכיר געווען מיין נאָמען, לייענענדיק אין קוויטל אַז איך לייד פון פּחד, ערשט דעמאָלט האָב איך זיך ווי דורכגעוועקט ווי פון אַ חלום און בין געוואָרן אויפמערקזאַם.

— האָסט מורא? — האָט דער רבי אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף מיין קאָפּ, בשעת ער האָט שמייכלענדיק גוטהאַרציק מיר געקוקט אין די אויגן, אַז איך האָב דערפילט אַז זיי שטעכן מיך אַדורך מיט די בליקן, גלייך ער וואָלט געוואָלט זען נישט מיך, נאָר מיין נשמה, מיין גייסטיקן „איך", וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר אַזוי חשוב ביי מיר — זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט...

ער האָט מיר געגעבן אַ מטבע, וואָס ער האָט געבענטשט און זי מיר געגעבן אַז איך זאָל זי טראָגן תמיד ביי מיר, ווי אַ קמיעה אין אַ בייטעלע אויפן האַלדז אָדער אין דער קעשענע.

אַ צייט האָב איך געטראָגן די קמיעה, אָבער איך קאָן היינט שוין נישט זאָגן וואָס עס איז געוואָרן מיט יענער געבענטשטער מטבע. איין זאַך איז זיכער, אַז איך האָב זי שוין נישט און וויים אפילו נישט אין וואָס פאַר אַן אומשטאַנדן זי איז אַהינגעקומען. וואָס איך וויים יאָ איז, אַז פאַר גאָט האָב איך טאַקע יאָ מורא עד היום הזה, אָבער פאַר מענטשן האָב איך פיל מער מורא... פאַר געשפּענסטער? ניין, די מורא פאַר גע־שפּענסטער האָט זיך מיט דער צייט אויסגעלייטערט, ווי סע לייטערט זיך אוים זומער אַ פאַרוואָלקנטער הימל.

בין איך דאָך שוין אויסגעהיילט געוואָרן?... איז זאָגט זיך עס בלויז אַזוי, ווייל אויך היינט, אַז איך בלייב אַליין אין אַ צימער צווישן די פיר ווענט, מיט מיר אַליין, נעמט מיך אויך היינט אַרום אַזאַ מין אומ־דערקלערלעך געפיל פון מורא, פון אַן אומהיימלעכקייט. בכלל פיל איך זיך נישט גוט ווען איך בין אַליין. איך מוז פילן נעבן מיר מענטשן, מיטמענטשן. פון דאָ האָב איך געצויגן די מסקנות אַז דאָס ווערטל „אַליין איז די נשמה ריין" איז נישט גילטיק ביי מיר. איך האָב עס שוין געזאָגט ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט אַז „אַליין איז מיר אויף דער נשמה קאַלע־מוטנע"... האָט דאָך גאָט גופא שוין באַמערקט ביי אָדם־הראשון אַז עס איז נישט גוט פאַרן „אָדם" צו לעבן עלנט אַליין, האָט ער אים צוגעגעבן אַ „חווה"... דער אומגליק איז נאָר אין דעם, וואָס צו דער חווה האָט

ער אים אויך צוגעגעבן די „שלאנג" און וואָס ווייטער איז געשען, אָדער סע געשעט, ווייסט מען דאָך שוין פונעם חומש און נאָך מערער פון אייגענער דערפאַרונג...

אפילו ווען איך האָב חתונה געהאט, ווי סיי וועלכער „אָדם", האָב איך אויך נישט געהאט קיין אנדערע חשבונות, נאָר צוליב דעם אז איך זאָל נישט זיין עלנט אליין. אזוי לכל-הפּחות האָב איך געמיינט אז סע וועט זיין. איי, צו מאָל איז אויך א חתונהגעהאטער נאָך מער „אליין" ווי אן אומחתונהגעהאטער?! דאָס ווערט מען דאָך געוואָר פיל שפּעטער, ערשט נאָך דער חתונה, נאָר די האָניק חדשים... נאָר, אויך וועגן דעם האָב איך שוין דערציילט ביי אן אנדערער געלעגנהייט. איצט איז עס דערמאנט געוואָרן נאָר בדרך אגב, ווייל עס איז צו רייד געקומען וועגן מורא, און וועגן מיין איינגעבוירענער און איינגערעדטער מורא בעת איך בלייב אליין. נאָר צוריק געשמועסט, און ווען איך בין נישט אליין באַפאַלט מיך דען נישט צו מאָל אזא אומדערקלערלעכע מורא?!

איצט, דערציילנדיק וועגן מיין געזעגענען זיך דאָס ערשטע מאָל ביים וויזשניצער רבי, דאַרף איך נאָר אזוי פיל זאָגן, אז דאָס איבער-לעבעניש האָט מיך באַלייט אויף מיין גאַנץ לעבן, אויך ווען איך בין אפשר נישט געווען באוואוסטזיניק האָט מיך באַלייט דער שטילער ניגון, די תנועהלעך, געבאָמבאָמט אין סורדינע, מיט אזא דבקותדיקן השתפּכות-הנפש, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון פון חסידים און לעבן, זייער געמוטשעט לעבן, מיט אָט דער טרייסט, מיט אָט דעם גייסטיקן חיות. איך גופא, האָב זיך נישט זעלטן אין מיין לעבן אין שווערע מינוטן, פון געדרוקטער שטימונג, ווען מע פילט א משא אויפן הארץ, אויף דער נשמה, הגם מע ווייסט נישט פאַר וואָס, אָבער דאָך פילט מען אז עפּעס שטיקט, עפּעס לאָזט נישט פריי עטעמען, דעמאָלט, אין אזעלכע מאָמענטן, אויך אָן מיין וויסן, ווי דער אונטערבאוואוסטזיין מיינער וואָלט זיך צע-זונגען, אויך נישט הערנדיק, ווי איך פרעדאָניר יענעם „באָם-באָם-באָם, באָם-באָם? ... באָמע-באָמע-באָמע. באָמע-באָם-באָם!" ... סע זינגט זיך נישט פון איבערפלייצטער פרייד, אדרבה, פון אומעט, כמעט פון מרה-שחורה. און דעמאָלט ווערט עפּעס לייכטער אויף דער נשמה.

איך האָב געקאָנט בלייבן אין סעלאָטווינע ביז מיטוואָך, ביז ווען דער רבי איז דאָרטן געבליבן, אָבער איך האָב עס מיר נישט געקאָנט דערלויבן. אמת, גאָרנישט האָט אויף מיר נישט געוואַרט און גאָרנישט האָט מיך נישט צוגעאײַלט אויף צוריקצוגיין קיין סיגעט, אָבער איך האָב מורא געהאַט איצט אַז איך וועל שוין דאָס מאָל האָבן שוועריקייטן בײַם צוריקקער איבער דער גרענעץ. און אויב איך וועל חלילה האָבן שוועריקייטן, וואָס וועל איך טון דאָ, אין דער טשעכיי, ווי אַזוי וועל איך זיך קאָנען אומקערן אַהיים?! דאָס איז דאָך פיל פיל הארבער ווי ווען איך קאָן געווען נישט קומען אויף שבת צום רבין.

האָב איך טאַקע תיכף, זונטיק נאָך מיטאָג, נאָך דעם ווי סע האָט זיך געענדיקט די צערעמאָניע פונעם אָנהייבן שרייבן דאָס ספר-תורה, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו דער בריק, דאָס מאָל אַליין, נישט מיטן פאָטער און אויך נישט מיטן פעטער, ווײַל סע האָט מיר אויסגעוויזן אַז אַליין פאַר אַ ייִנגל וועט עס פיל לײַכטער זײַן. דער וועג אויף צוריק איז דאָך מסתמא ווינציקער באַוואַכט.

די טשעכישע גרענעץ-וועכטער האָבן קיין שאלות נישט געשטעלט. זיי האָבן זיך נישט געקימערט ווער סע גייט אַרויס. די פראַגע האָט זיך געשטעלט בײַ דער צווייטער העלפט בריק. איבער דער טיסע, וואו סע האָבן געוועלטיקט די רומענישע גרענעץ-וועכטער... און זיך יאָ געקימערט ווער סע קומט אַרײַן. דאָס הייסט אַז בײַ דער העלפט בריק, שוין אין דער מחיצה פון רומעניע האָב איך זיך גערוקט פּאַמעלעך, בגניבה, טריט נאָך טריט, ביז איינער פון די וועכטער האָט זיך צעשריגן אויף מיר: „העי, זשידאַנע, וואוהין?“. האָב איך תמעוואַטע געענטפערט: „אַהין, קיין טשעכיע!“. האָט ער מיך „פאַריאָגט“, פאַריאָגט צוריק, קיין רומעניע. אַזוי האָב איך מיך דערזען אין דער היים גאָר אָן שוועריקייטן. איך האָב זיך בלויז געערגערט וואָס איך בין געקומען צוריק אַזוי גיך. האָב דאָך נאָך געקאָנט בלייבן און „זען דעם רבין“ נאָך עטלעכע טעג... עס איז דאָך געווען נישט בלויז דאָס ערשטע מאָל — נאָר אויך דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב זיך געזעגנט בײַם אַלטן וויזשניצער רבי.

# א רבישע עצה

נו, קאָן מען דאָך פרעגן, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פונעם גאנצן חלום מיינעם, ווענן דער פאנטאזיע אָדער גראנדאָמאניע, אז איך וועל אויכוואקסן אזוינער און אזעלכער?! פארשטייט זיך, אז דאָס דאָזיקע קאָן מען נישט פרעגן מיך, פונקט אזוי ווי מע קאָן עס נישט פרעגן ביי קיין איינעם פון יענע יונגנטלעכע, וועלכע האָבן מסתמא אויך אזוי פונקט ווי איך, געחלומט און געשטרעבט און הייליק געגלייבט אז ווי נאָר זיי וועלן אויסוואקסן וועלן זיי איבערקערן די וועלט מיטן דנאָ ארויף. ווייל, צוריק געשמועסט, קאָן מען דאָך באדויערן יענע יונגנטלעכע, וועלכע האָבן אפילו נישט געחלומט דערצו. אָט יענע איז שווערער צום גלייבן און צו פארשטיין, ווי אזוי האָבן זיי בכלל געקאָנט אויפוואקסן אין אזא בידנער אָרעמשאפט אָן א גלויבן, אָן א חלום, אָן א שטרעבן אויף „צו ווערן עמעצער"?!

בלייבט נישט איבער מערער ווי צו זאָגן אז איך האָב מיר דאָך גע־פונען א טרייסט אינעם רבינס ווערטער אָדער עצה, אויך ווען דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן דווקא צו מיר, נאָר עס איז צו מיר אָנגעקומען אויף אומוועגן, הערנדיק בעת א שמועס צווישן חסידים, וועלכע האָבן זיך איבערדערציילט צון א שיחת-חולין פונעם רבי.

איינע פון די מעשיות ווערט איבערגעגעבן אזוי:

קומט א חסיד, א באקאנטער סוחר, זיך פראווען ביים רבין. נעבן קוויטל האָט ער ביינעלייגט א פּאסיקן פדיון, און ער וואַרט דער רבי זאָל אים אָנווינטשן הצלחה, ווי דער שטייגער איז.

— קוקסט אריין אין א ספר? — פרעגט אים דער רבי קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן.

— כ'וועל מודה זיין, רבי לעבן, אז סע קומט מיר נישט אוים די צייט — פארענטפערט זיך דער חסיד פארשעמט, ווי א יינגל וואָס שטייט א שולדיקער פאר זיין פאָטער — איך בין פארטרוד א גאנצע וואָך מיט די עסקים, און אז סע קומט שבת בין איך טויט מיד... אזוי פיל, וואָס איך באמי זיך צו דאווענען בציבור.

— האָסט כאָטש אין זינען ארויסצוהעלפן אז אנדערע תלמידי-חכמים זאָלן יאָ קאָנען לערנען מיט ישוב-הדעת? — פרואווט דער רבי אים געפינען א זכות.

— יאָ, רבי לעבן, דאָס טו איך יאָ, לויט מיינע באשיידענע כוחות... איך בין מקרב תלמידי-חכמים — ענטפערט דער חסיד שוין אויפגעהיי-טערט, אז ער קאָן יאָ שוין עפּעס אויפווייזן עפּעס מעשים טובים — מיין טיר איז אָפן און קיין איין אורח גייט נישט ארוים פון מיין הויז הונגעריק אָדער אָן א בכבודיקער נדבה...

— נו, איז מיט חסד — זאָגט דער רבי מיטן באקאנטן שמייכל זיינעם — אויך זבולון האָט נישט צייט געהאט צו לערנען תורה און דאָך איז ער געווען אן אָנגעזעענער צווישן די צוועלף שבטים, נאָר צוליב דעם וואָס ער האָט אין זינען געהאט צו פארזאָרגן יששכרן אז ער זאָל יאָ קאָנען לערנען תורה אויך פון זיין ברודער, זבולונס, וועגן...

שפּעטער מיט א יאָר קומט ווידער דער חסיד זיך פּראווען ביים רבין.

— ווי גייט עס דיר? — פרעגט אים דער רבי, הגם ער האָט דאָך אלץ זייער גוט געוואוסט דורכן רוח-הקודש, אָבער געוויינטלעך פרעגט דאָך דער רבי, כדי ער זאָל געבן די געלעגנהייט פארן חסיד אז ער זאָל זיך אויך אליין אָפּגעבן חשבון ווי אזוי ער שטייט, פּונקט אזוי ווי גאָט האָט געפרעגט קינען „וואו איז דיין ברודער הבל?" — ווי אזוי גייען דיינע עסקים?

— נישט-קשה — ענטפערט דער חסיד — געלויבט השם יתברך. אָבער סע וואָלט געקאָנט זיין בעסער...

— האָסט געהאט א היזק? — פרעגט אים פארחידושט דער רבי, ווען ער האָט געזען אז דער חסיד האָט אים געענטפערט ווי מיט א האלב מויל, פארזאָרגט.

— חלילה, קיין היזק האָב איך נישט געהאט.

— און די רווחים? — פרעגט אים דער רבי.

— די רווחים זענען גאָר קליינע — ענטפערט שוין דער חסיד מיט א קליין שמייכעלע, גלייך ער וואָלט שולדיק געווען וואָס די עסקים גייען שווערלעך.

— נו — מונטערט אים אויף דער רבי — פון קליינע רווחים ווערט מען נישט בדלות... פאר דעם מאכסטו דיר אזוי פיל זאָרגן?!

— איך האָב נישט קיין ידידים — באקלאָגט זיך דער חסיד מיט א טרויעריקער מינע, און גיסט אויס זיינע זאָרגן — איך ווייס נישט אז איך זאָל געווען האָבן עמעצן געטון עפּעס בייזס, כ'האָב קיינעם נישט מסיג־גבול געווען, און דאָך פארלאָזן מיך מיינע געוועזענע ידידים. זיי מיידן מיך פשוט אויס...

— שונאים האָסטו? — פרעגט אים דער רבי ווי אין שפּאַס.

— יאָ, דאָס יאָ, שונאים האָב איך, הלוואי וואָלט איך זיי נישט געהאט.

— נו — מאכט דער רבי — אויב דו האָסט כאָטש שונאים איז שוין נישט אזוי שלעכט ווי דו מיינסט... דער עיקר זאָלסט זיין געזונט און קאָנען אויסהאלטן.

שפּעטער מיט א יאָר קומט ווידער דער חסיד צום רבין און בעתן פראוועון זיך, באקלאָגט זיך דער חסיד אויף דאָס, אויף יענץ, ווי גע־וויינטלעך מע גיסט זיך אויס דאָס הארץ אין אזא געלעגנהייט. אָבער דער רבי, מסתמא האָט ער זיך דערמאנט זיין שמועס פון פאריאָרן, פרעגט ער אים:

— שונאים האָסטו?

דער חסיד איז געבליבן פארחידושט. ער האָט זיך נישט געכאפּט אז דעם רבינס שאלה איז א המשך פונעם פאריאָריקן שמועס, ענטפערט ער מיט תמימות:

— דעם אמת געזאָגט — שטאמלט ארויס פאמעלעך דער חסיד — איך מיין אז איך האָב שוין קיין שונאים נישט...

— נו, זעסטו — האָט דער רבי שוין געזאָגט מיט א שארפן בליק, וואָס האָט אדורכגעלעכערט די מחשבות פונעם פארטרויערטן חסיד

— אפילו אַ שונאים קאָן מען טאקע שוין נישט איבערקומען... וועסט מוזן טראכטן תשובה צו טון...

... אָט דאָס דאָזיקע איז מיר געקומען אין זינען צי אויפן זכרון (איך בין נישט זיכער צי איך האָב עס טאקע אזוי געהערט דערציילן אָדער האָט זיך עס ביי מיר אזוי אויסגעצייטיקט!) ווען איך האָב מבקר חולה געווען א זקן, שוין אריבער די תשעים, און ער האָט זיך „בארימט" אז ער האָט שוין נישט קיין שונאים, ער האָט זיי אלע איבערגעלעבט... ערשט שפעטער איז מיר געקומען דער שווידערליכער געדאנק, אז קיין ידידים האָט ער דאָך אויך שוין נישט.

יאָ, עס איז ביטער און זויער אז אפילו קיין שונאים האָט מען שוין אויך נישט. אָן ידידים קאָן עס נאָך גיין, אָבער אפילו אָן שונאים?!...

# ווער נעמט א בחור אויף שבת?

אפשר האָט איר געזען, כאָטש אין קינאָ, ווי אזוי מע פארקויפט שקלאַוון, ווי אזוי מע רופט אוים די מעלות פונעם שקלאַוו, ווי אזוי מע דינגט זיך מיטן בעל־בית, וועלכער זאָל קויפן בחצי־בחינם א געזונטן קרעפטיקן שקלאַוו?! ... כמעט אזוי האָט עס אויסגעזען דעמאָלט אין דער אלטער וויזשניצער קלויז (דער פינקטלעכער נאָמען איז געווען: וויזשניצער און אטעניער קלויז!). נאָכן דאַווענען קבלת שבת האָט דער גבאי זיך געשטעלט ביי דער טיר, נעבן אים זענען געשטאַנען די בחורימלעך, אויב סע זענען געווען מערערע, איינער איז געוויינט־לעך תמיד געווען, און דער גבאי האָט אויסגערופן: ווער נעמט א בחור אויף שבת? ...

לאָמיר נישט איבערטרייבן. עס איז נישט געווען פונקט אזוי ווי ביים שקלאַוון האנדל, ווייל עס איז דאָך געווען אזוי דער מינהג און אויב עס איז א מינהג — איז דאָך שוין גאָר קיין חידוש נישט. איז עס אריין אין לעבנס־שטייגער, און עס איז שוין גאָר קיין בושה נישט. סע האָט אָבער געקאָנט זיין נישט בלויז א בושה, נאָר אויך פיינלעך, ווען סע זאָל זיך געווען נישט געפינען קיין איין בעל־בית, וואָס זאָל געווען פאר־בעטן דעם אָנגעביטענעם בחור אויף שבת. אָבער סע האָבן זיך געפונען ...

איך, הגם איך האָב עס מיר געטון, ווי מע זאָגט, מיט די אייגענע הענט, איך גופא האָב דאָך געוואָלט מיטמאכן דעם דאָזיקן עקספערימענט, בין געשטאַנען נעבן גבאי, אָבער די פיס האָבן מיר געציטערט פאר עמאָציע. ראשית בין איך דאָך געשטאַנען ווי אין א וויטרינע. אז יע־דער זאָל אויף מיר קוקן, און אפשר אויך רחמנות האָבן, אז איך בין

געליבן אָן א שבתדיקן „טאָג“. שנית, ווער קאָן שטיין גלייכגילטיק ווען מען איז געשטעלט אויף א וואָגשאָל, אז דער גורל צי דאָס מזל זאָל אויס-קלייבן אין וועמענס „הענט“ איך זאָל ארײַנפאַלן?! ...

והאָ-ראייה, איך בין טאקע אריינגעפאלן, ממש ווי להכעיס קעגן מיינע פּלענער נישט צו יענעם בעל-בית צו וועלכן איך האָב געצילט. מיך האָט אָנגענומען א בעל-בית, וועלכער האָט געוואוינט אויף דער זעל-ביקער גאס, נאָר מיט עטלעכע הייזער נענטער ...

דער שבת איז דאָ פארלאָפן געוויינטלעך אָן אינצידענטן. יעדער ביים טיש האָט זיך געטון זיינס. קיינער האָט מיט מיר נישט געהאט קיין באזונדערן מגע-ומשא. עס איז געווען א שיין הויז, שיין מעבלירט, הגם איך ווייס כלעבן נישט פון וואָס פאר א הכנסות, סוף-סוף האָט ער דאָך געהאנדלט נישט מיט גאָלד נאָר מיט אלטווארג ... דער בעל-בית איז געווען אן עלטערער בכבודיקער ייד א תלמיד-חכם אָבער די בעל-ביתטע איז געווען רעלאטיוו גאָר א יונגע. זיי זענען געווען ווידער-חתונהגע-האטע. ער האָט טאקע נישט געהאט קיין קינדער פון זיין פריערדיקער פרוי אָבער זי האָט יאָ געהאט א זון א דערוואקסענעם. ווען זי איז ארוים אויף דער גאס מיט איר זון האָט מען געקאָנט מיינען אז דאָס גייען שפאצירן מאן און פרוי, בפרט ווען ער האָט זי גענומען אונטער דער אָרעם. זיי די בעלי-בתים האָבן געהאט אויך געמיינזאמע קינדער, א זינדל און צוויי טעכטערלעך, איינע אין מיינע יאָרן און דאָס צווייטע נאָך א יונג קינד.

שיינע קינדער, שיינקייטן וואָס זענען ארוים פונעם כלל. זיי האָבן געראָטן אין דער מוטער, וועלכע האָט אויסגעזען ווי א שטאלטנע קי-ניגין. און ווי סע האָט אויסגעוויזן איז זי געווען פון איר אָפּשטאם נישט זייער א פארמעגלעכע, טאקע מחמת דעם, מסתמא, האָט זי אפשר גע-מוזט אָנקומען צון אן עלטערן מאן.

למען האמת מוז איך צוגעבן, אז זי איז געווען א גוטהארציקע פרוי, א מענטש מיט נשמהדיקייט, וואָס איז אויך געווען א חידוש. ווייל, ווי באוואוסט, זענען געוויינטלעך די „אויפגעקומענע“, בפרט פרויען, מסו-כנדיקע מרשעתן, פירן זיך אויף אזוי אז מע זאָל מיינען אז פון זייער מוטערס בויך זענען זיי ארוים נגידותטעס. אדרבה, וואָס מער קבצניש-

קיים זיי האָבן געהאַט הינטער זיך, אַלץ גרעסער איז געווען דאָס רישעות קעגן „זייערס" גלייכן, דאָס הייסט קעגן אַזאַ איינעם ווי איך בין געווען, אַן אורח... זי, די בעל-ביתטע, איז געווען אַ יוצא-מן-הכלל. זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע מענטשן וואָס פאַרגעסן קיין מאָל נישט די נויט אין וועלכער זיי גופא האָבן אַמאָל געלעבט און האָבן פאַרשטענדעניש צו אַ נויטבאַדערפטיקן, אויך דעמאָלט ווען זיי זענען עולה לגדולה, ווערן נגידים, אויך דעמאָלט זענען זיי מקרב אַן „אָפּגעקומענעם" אָדער אַ נאָך נישט „אויפגעקומענעם". זי איז געווען סיי אין איר אויסזע, סיי אין איר באַנעמען, ממש ווי אַ פּרינצעסן (אפשר האָט זי טאַקע גע־שטאַמט פון אַ מיוחסתדיקער נגידישער מישפּחה, אָבער זיי זענען פאַר־אָרעמט געוואָרן, איז איר געבליבן בירושה דאָס מאַיעסטעטישע, דאָס פּרינצעסישע?!) און דאָך איז זי געווען אַזאַ מין גוטהאַרציקע פרוי און מסתמא נישט פאַרגעסן איר אָרעמשאַפט פון די פריערדיקע יאָרן. סע קאָן זיין אַז דאָס איז שוין געווען אַ מנהג אַז מע זאָל מיך אויפנעמען ווי אַ היימישן, אַ קינד צווישן זייערע קינדער. אדרבה, מע האָט מיך מער מקרב געווען, מיר געשאָנקען אויפמערקזאַמקייט, דווקא צוליב דעם וואָס איך בין נישט געווען זייער קינד, נאָר דאָס קינד פון מיין פאָטער, דער מלמד, וועלכן זיי האָבן גוט געקענט. אויך זייער זינדל האָט דאָך אויך, דאַכט זיך, געלערנט ביי אים איין זמן.

וואָלט דאָך אַלעס געווען גוט און פיין, האָט אָבער מיך דער שטן, ווי אויוון געזאָגט, נישט געלאָזט רוען. איך האָב דאָך געקאָנט דאָ בלייבן עסן אַ שטענדיקן שבתדיקן בכבודיקן „טאָג", די בעל-ביתטע האָט טאַקע מיט מיר פאַרפירט אַזאַ שמועס בעתן עסן די שלוש-סעודותדיקע געזע־גענונגס-סעודה, און מיך געפרעגט אויב דעם קומענדיקן שבת וויל איך ווידער קומען צו זיי...

איך האָב אַ ווײַלע געטראַכט. נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. נישט וועגן אָפּזאָגן האָט געקאָנט זיין אַ רייד. איך האָב זיך געפילט גוט, כמעט ווי אין אַן אייגענער מישפּחה — איך האָב אָבער געוואָלט למען־השם אָנקומען צו יענעם בעל-בית, וועלכן אַלע בחורים האָבן אים אויס־געמיטן. אהין האָבן געקאָנט אָנקומען אָדער ניי-אָנגעקומענע, וואָס האָבן נישט געוואוסט וואָס סע וואַרט אויף זיי, אָדער אין אַ נויט, ווען

זיי זענען געבליבן אָן אַן אנדערן בעל-בית. אָבער דאָס איז געווען פאר זיי אַן אומגליק, ווי ווען איינער באקומט א נישט-געווינענדיקן לאָטעריע-צעטל ...

האָב איך געענטפערט מיט א פשרה, אי יאָ אי ניין. זאָגן ניין האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב נישט געהאט די העזה אָפּצוזאָגן פאר אזא מיוחסתדיקער שיינער בעל-הביתטע, וועלכע האָט זיך אויפגעפירט מו-טערלעך מיט מיר, אפילו גערעדט מיט מיר יידיש אויסגעמישט מיט אונגעריש, אויף וואָס איך האָב געענטפערט נאָר מיט אונגעריש, כדי זיך נישט אויסצושיידן פונעם איבעריקן הויזגעזינד, וואָס האָט גערעדט נאָר אונגעריש, אזוי ווי סע האָט געפאסט פאר זייער יינגל פון מיין על-טער, אָבער ער האָט קיין לאנגע פיאות נישט געהאט, נאָר קורצע און מיט א קאשקעטל פון א גימנאזיסט אין האנדל-ליציי, און אויך דאָס עלטערע מיידל, וואָס האָט שוין אָנגעזאָגט אז זי וועט זיין אזא שיינקייט, אפשר די שענסטע אין דער גאנצער שטאָט, האָט אויך געהאט א ליציי-אוניפאָרעם, האָט מען דאָך גערעדט אין שטוב אונגעריש — האָב איך נישט געוואָלט זיין קיין „כניאָק“ און רעדן יידיש ... האָב איך, הייסט עס, נישט געקאָנט זאָגן „ניין“. אָבער „יאָ“ האָב איך דווקא נישט געוואָלט זאָגן כדי נישט אויפצוגעבן מיין פּלאַן, אָנצוקומען צו יענעם „ארגסטן“ שבתזיקן טאָג ... האָב איך געזאָגט, אז סע וואָלט אפשר פאר מיר בילכער געווען אז איך זאָל ביי זיי עסן מיטוואָך ...

פאר וואָס מיטוואָך? ווייל ביים מיטוואָכדיקן טאָג האָב איך געהאט אין דער פאָריקער וואָך אַן „אינצידענט“... איך ווייס נישט ווי אזוי עס איז געשען, אָבער איך האָב זיך פארפּלאָנטערט אין מיינע „טעג“. איך בין על-פּי-טעות געגאנגען דינסטיק פרי עסן ביים מיטוואָכדיקן „טאָג“. פארשטייט זיך, אז מע האָט מיך דאָרט דעמאָלט נישט געווארט, און — מע האָט מיר טאקע געגעבן עסן א שאָל קאווע מיט מילעך, ווי דער שטייגער איז געווען, אָבער איך האָב זיך תיכף אָפּגעגעבן חשבון אז איך האָב פארביטן די יוצרות, אָנשטאָט צו גיין עסן דאָרט וואו מע האָט מיך יאָ געווארט, בין איך גאָר אָנגעקומען אהער, וואו מע האָט געמאכט, אפשר מיט רעכט, גרויסע אויגן ... איך האָב געהערט ווי מע האָט זיך געשושקעט, מע האָט זיך שואל-עצה געווען, וואָס מע זאָל אין

דער גיך א קאָך טון אָפּ אויף מיטאָג, ספּעציעל פאַר מיר, ווייל געוויינטלעך האָט מען מיר געגעבן דאָ נישט דאָס זעלביקע מאכל וואָס זיי האָבן געגעסן... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען פאַר זיי אַ „פּראָבלעם“, ווייל פּאַסאָליעס איז שוין צו שפּעט צו שטעלן קאָכן. די צייט איז שוין קורץ. מע האָט דאָך געדאַרפט פון נעכטן אָוונט זיי כאָטש לייגן איינווייקן אין וואַסער, אַז זיי זאָלן ווייך ווערן און זיך קאָכן גיכער... בין איך צום מיטאָג מער אַהין נישט געגאַנגען עסן, נאָר צו מיין אמתדיקן דינסטיקדיקן „טאָג“, וואו מע האָט מיך טאַקע געוואַרט און מיך איצט געפרעגט פאַר וואָס איך בין נישט געקומען פרישטיקן, אָבער איך האָב עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז, אַז איך גופא האָב נישט געוואוסט וואָס איך זאָל זאָגן, נישט אַז עמעצער אַן אַנדערער זאָל עפּעס פאַרשטיין פון מיין ענטפער. איבערפרעגן האָט מען מיך נישט איבערגעפרעגט, עס איז שוין נישט וויכטיק געווען מיין אויפקלער. מע האָט מיר געגעבן מיטאָג צו עסן, גלייך סע וואָלט גאָרנישט געשען — איז טאַקע גאָרנישט געשען... בכלל, זענען פאַראַן זייער פיל פאַלן אין לעבן, אַז ווען דער מענטש מאַכט אַליין זיך נישט קיין פּראָבלעמען און נעמט אָן דאָס געשעענע, אַזוי ווי סע וואָלט בכלל נישט געשען, פאַרהיילט זיך עס טאַקע, און מיט דער צייט ווערט עס אָפּגעווישט, אַז גלייך סע וואָלט טאַקע באמת גאָרנישט געשען, און עס איז טאַקע גאָרנישט געשען... אַזוי איז טאַקע געווען, אויך ביי דער וועטשערע האָט מען מיך גאָרנישט געפרעגט. מע האָט פאַרגעסן... האָב איך אויך פאַרגעסן.

אָבער דעם מיטוואָכדיקן טאָג, אָט דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט פאַרגעסן. אמת, איך בין געווען דער שולדיקער, ווייל איך האָב דאָך פאַרביטן די „יוצרות“, איך האָב זיך טועה געווען. נו, איז וואָס? (איז הייסט עס געשען אַ מאָדנער, זייער אַ מאָדנער טעות. אפילו זיגמונד פרויד וואָלט דאָך עס נישט געקאָנט אויפקלערן, מיט זיין גאַנצער טעאָריע פון אונטערבאַוואוסטזיין, פון זיין פּסיכאָאַנאַליזע וואָס ווייסט אַלצרינג אויפצוקלערן... אדרבה, לויט זיין טעאָריע וואָלט איך דאָך געדאַרפט „על־פּי־טעות“ איבערהיפּערן אַזאַ „טאָג“ אין וועלכן איך האָב זיך נישט גוט געפילט, גיין צו אַן אַנדערן וואו מע האָט מיך יאָ גוט אויפגענומען?! און אָט איז עס גאָר געשען פּונקט פאַרקערט, ווי

זיין טעאָריע וויל זאָגן — גיי זשע קלויב זיך אויס אין פּרווידישער פּסי־כאָאַנאַליזע!). און אויב איך האָב זיך שוין יאָ טועה געווען, קומט מיר אַזאַ מין הארבע שטראָף, אַז מע זאָל זיך שושקען אויף מיין חשבון? איך האָט נאָך קיין מאָל אין אייער לעבן נישט געמאַכט קיין גרעסערע טעותים, ווי איך האָב איצט געמאַכט? — בין איך געקומען דעם צווייטן טאָג, דאָס הייסט, אין באַרעכטיקטן מיטוואָך, ווען עס איז מיין „טאָג" דאָ... צו מיטאָג. פרישטיק האָב איך אין יענעם טאָג נישט גענגעסן אין ערגעץ. וואו זאָל איך געווען עסן „איבערבייסן"? אַהער האָב איך דאָך נישט געקענט קומען ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין רעכט צו עסן דאָ צוויי מאָל פרישטיק, איין מאָל האָב איך דאָך שוין געגעסן נעכטן, על־פּי־טעות. צו גיין צוריק איינמאָנען מיין פרישטיק אין דעם דינסטיקדיקן טאָג האָט אויך נישט געהאַט קיין זין — האָב איך געפאַסט אַ פרייוויליקן תענית (איך האָב עס מיר איינגעמאָנט אָדער קאָמפּענסירט און געגעסן אין אַנדערע תעניתים!)...

איצט, אַז עס איז געקומען צום מיטאָג עסן, האָט מען מיך שוין יאָ מקבל־פּנים געווען מיט דער פראַגע: וואו בין איך געווען אין דער פרי, פאַר וואָס איך בין נישט געקומען עסן פרישטיק? אָבער די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן מיט אַ חוזק־שמייכעלע, זיי האָבן דאָך שוין פאַר־שטאַנען אַז איך האָב אין יענעם טאָג נישט געגעסן ווייל איך האָב פאַר־פּלאָנטערט די „טעג"... האָבן זיי דאָך זייער גוט געוואוסט אַז עס איז מיט מיר געשען אַן „אינצידענט" אָבער זיי האָבן דאָך געוואָלט מיך אויסשטעלן אויף חוזק... האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט ביים דאַווענען און שוין נישט געוואָלט עסן, נאָר פאַסטן, ווייל... עס איז אַ יאָרצייט נאָכן הייליקן בעל־שם־טוב... אַנו, טוט אַ טראַכט, ווען איז דער יאָרצייט פונעם בעל־שם־טוב?... כלעבן ווי איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי עס איז מיר געקומען אַזאַ טייערער געדאַנק, נאָך אַלעמען אַרויסצוגיין מיט אַזאַ מין ריווח, אַז איך האָב גאָר אַ האַלבן טאָג גע־פאַסט צוליב אַזאַ טייערן יאָרצייט... אָבער, מע זאָל נישט מיינען אַז איך בין אַזוי נאַיוו געווען צו גלייבן אַז זיי, מיינע בעלי־בתים, זענען אַזעלכע שוטים אַז זיי זאָלן מיר גלייבן, אָבער אַז ענטפער האָב איך דאָך יאָ געדאַרפט געבן — האָב איך אים זיי געגעבן. געטראַכט האָב

איך, געלויבט איז דער וואָס איך האָב נישט די ווערט אָנצורופֿן זײַן הייליקן נאָמען, וואָס ער האָט געשענקט אַזאַ מין איינפֿאַל, אַז איך זאָל זאָגן אַזאַ „שיינעם" ליגן. יעדער איינער ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט אַלץ איינס וואָס פֿאַר אַ ליגן מע זאָגט... אויב עמעצער ווייסט עס נאָך נישט, זאָל ער עס איצט געוואויר ווערן: אויב מע זאָגט שוין יאָ אַמאָל אַ ליגן, זאָל מען זאָגן אַ „שיינעם" ליגן... אייגנטלעך, וועמען האָב איך דען געטון שאָדן מיט מײַן דעמאָלטיקן ליגן? עס איז אפֿילו נישט גע-ווען קיין עבֿירה אויך נישט.

איצט, ווען די בעל-הביתטע האָט מיר געמאַכט אַן אָנבאָט צו בלײַבן בײַ זיי עסן ווײַטער אויף תמיד דעם שבתדיקן „טאָג" האָב איך געפֿונען אַ שעת-הכושר און איך האָב טאַקע אויסגעניצט די געלעגנהייט: איך זאָל אָננעמען בײַ זיי צו עסן מיטוואָך... איך האָב נישט געדאַרפֿט געבן צו פֿיל אויפֿקלערונגען. עס איז גענוג געווען אַז איך האָב געזאָגט, האָט זי תיכף מסכים געווען, ווען איך האָב געזאָגט אַז אין מײַן „לוח" פֿעלט מיר דער „מיטוואָך"... שבת וועל איך אם-ירצה-השם געפֿינען...

הגם, איך מוז דאָ צוגעבן דעם גאַנצן אמת, אַז דאָס איז געווען בלויז פֿאַר מיר אַ לעזונג, אַז איך זאָל קאָנען איבערלאָזן יענעם „מיט-וואָך" וואָס איז מיר געוואָרן אומאָנגענעם. אָבער פֿאַר זיי פֿאַר דער בעל-הביתטע מײַנער, איז דאָס נישט געווען קיין שום „לעזונג", ווײַל ווען מע וועט אין די קומענדיקע פּרײַטיקצונאַכטסן ווידער אויסרופֿן „ווער נעמט אַ בחור אויף שבת?" וועט עס זײַן אומאָנגענעם פֿאַרן בעל-בית, אַז ער זאָל פֿאַרבײַגיין און אים נישט פֿאַרבעטן צו זיך... ער וועט דאָך נישט קאָנען זאָגן קיינעם אַז פֿון איצט אָן האָט ער שוין אַ סטאַבילן בחור, וועמען ער גיט אַ מיטוואָכדיקן „טאָג". ווער פֿרעגט אים דען אויף אַן אויפֿקלער? אָבער דאָס איז שוין נישט מײַן דאגה. איך בין דער-ווײַל צופֿרידן, וואָס איך האָב מיר אויסגעזאָרגט אַ דאגה, איך וועל מער נישט דאַרפֿן אָנקומען צו ווײַזן זיך, איך וועל דאָס אפֿילו מער נישט מודיע זײַן פֿאַר מײַנע געוועזענע בעלי-בתים, אַז איך קום נישט מער צו זיי עסן דעם מיטוואָכדיקן טאָג... זיי וועלן עס שוין מיט דער צײַט געוואויר ווערן.

איך האָב געגעסן דאָרט (לאָמיר אים אָנרופֿן „קאָרנברויט", הגם דער נאָמען איז אַ פֿאַרענדערטער!) עטלעכע זמנים, ביז מיר איז שוין

געווען א בושה זיך צו באגעגענען מיטן מיידל, וועלכע איז געווען פון מיין עלטער, אָבער זייער, זייער, זייער א שיינקייט... ווען זי פלעג פאר־ביי גיין דעם „קורסאָ", וואו די יוגנט פלעגט זיך אדורכשפאצירן דאָס שטעטל יעדן נאָכמיטאָג און אָוונט — האָט זי קוים געקוקט אויף עמעצן, און קוים געענטפערט אויף א גרוס, ווייל זי האָט זיך עס נישט געקאָנט דערלויבן. זי איז געווען צו שיין, אז זי זאָל נישט ארויסרופן ביי די (ווי אזוי זאָל איך זיי אָנרופן?) „כוליגאנישע" ייִנגאטשעס, וועלכע האָבן צו מאָל געמאכט נישט־אָנגענעמע באמערקונגען, הגם זי האָט עס נישט פארדינט... און, וואָס איז דאָ צו רייעדן? מיט וואָס איז זי שולדיק געווען, אז זי איז געווען אזא שיינע, הויכע, נאָר צום פאָטאָגראפירן און ארייַנשטעלן אין א מאָדע־זשורנאל?!

האָב איך געקאָנט ווייטער עסן ביי זיי א „טאָג" און זי באגריסן אויף דער גאס?... איך, א ישיבה־בחורל זאָל באגריסן אזא פרייליַן אויף דער גאס?!... און ווידער נישט זאָגן כאָטש א גוטן טאָג, אויב נישט „קים די האנט!" (בעסער געזאָגט „קעזע טשאָקאָלאָם!"), אָט דאָס קאָן מען דאָך אויך נישט. ווייל וואָס האָט דאָס וואָס זי מיידט אויס די גאס, כדי נישט צו דארפן הערן נישט־העפלעכע באמערקונגען, און מיט מיר, וועלכער עס ביי זייער טיש, פון זייער ברויט און זאלץ, און אָפט מאָל מיט איר צוזאמען ביי איין טיש — און נישט ווילנדיק באגעגענען זיך אונדזערע בליקן, סע בארירן זיך אונדזערע הענט, ווען מע שטרעקט אויס נאָך עפּעס צו נעמען... און אויב נישט ווילנדיק האָבן זיך אונטערן טיש בארירט די קניעס אונדזערע?!...

אמת, איך בין נאָך נישט קיין... בחור. איך בין דערווייל נאָך א ישיבה־בחורל, וואָס איז נישט קיין מענטש, אוודאי נישט קיין „מאנצ־ביל", אָבער די יאָרן שטייען דאָך נישט איין, נאָר קייקלען זיך, און פאלן אוועק מיט דער צייט ווי די בלעטער פון אזא מין אָפּריים־קאלענדער, וואָס ווילנדיק־נישט־ווילנדיק ווערט אויך א בחורל פאמעלעך אן אונ־טערגעוואקסענער, מיט פוכיקע וואָנצעלעך אויף די ליפּן. מע דארף זיך שוין גאָלן די באָרד, אויב מע וויל נישט אויסזען ווי א פליכעוואַ־טער צאפּ... בקיצור, מע ווערט דאָך א שטיקל מאנצביל.

אָט פאר וואָס איך האָב דאָרט אויפגעהערט צו עסן און אריבער־געגאנגען צו דער מענזע, הגם סע האָט עס מיר קיינער נישט אויפגעזאָגט.

# ווי אין דער „היים"

איך האָב פריער געזאָגט, אז איך האָב זיך ממש געשטופּט אז איך זאָל אָנקומען צו יענעם בעל-בית, וועלכן מע האָט אויסגעמיטן. פאר וואָס? ווייל איך בין געווען און בין אויך נישט ווינציקער „דוואקאניק" (אדרבה, היינט בין איך עם פיל האסטיקער. אפילו אוין ווען עם איז מסוכנדיקער פאר מיר, און דאָך טו איך אָפּ צון א שטיקל, אויף וואָס איך האָב נישט קיין שכלדיקע דערקלערונג. אדרבה, דער שכל הישר דיקטירט מיר כמעט אלע מאָל: זיי פירזיכטיק, באגיי נישט א „נאריש-קייט" אויף וואָס דו קאָנסט חרטה האָבן און סע וועט שוין זיין צו שפעט... אנו, וואָס קאָן מען שוין העלפן מיט חרטה, ווען מע טוט אָפּ למשל א „שפיצל" אָדער א דוואקא-שטיקל, פאר וועלכן מע קאָן אפשר באקומען א צווייפלהאפטן שכר בלויז אויף יענער וועלט און א זיכערן עונש אויף דער וועלט?!)... אָבער, ווי געזאָגט, איז דאָס כמעט נישט מיין שולד, ווייל דער שטן צי דער יצר-הרע טרייבט מיך צו דעם. „עפּעס" שטויסט מיך דערצו, פונקט אזוי ווי אנדערע „העלדן" צי אוואנטוריסטן שפּרינ-גען אריין, ווי א קאסקאדאָר, אין א תהום מיט זייער ווינציקע שאנסן אויף ניצול צו ווערן...

האָב איך זיך ווידער געלאָזט שווימען אין „פרייעם" טייך, ווידער האָב איך זיך געלאָזט אומפארזאָרגט, און דעם קומענדיקן שבת בין איך ווידער געשטאנען נעבן גבאי פון דער אלטער „וויזשניצער און אטעניער קלויז" (קיין נייע איז נישט געווען, אָבער מע האט זי אזוי גערופן, ווייל בשכנות האָט זיך אויפגעשטעלט א „נייע וויזשניצער קלויז", אָבער שוין נישט קיין „אטעניער". דאָס הייסט אז זיי האָבן זיך פונאנדערגעטיילט!). אָבער כדי נישט צו ריזיקירן, האָב איך סוגערירט

דעם גבאי, אז איך וואָלט געוואָלט גיין צו... ר׳ זבולונען. דער גבאי האָט מיך אָנגעקוקט מיט א מאָדנע בליק. ער האָט זיך געחידושט וואָס איך זוך מיר דאָס „אומגליק׳ מיט א ליכט... ער האָט דאָך געוואוסט אז אלע בחורימלעך וויכן אוים יענע הויז, אוך נאָר אין א נויט נעמען זיי דאָס אָן.

אָבער ער האָט מיר צוליב געטון. מסתמא האָט ער זיך געטראכט מיט א סאדיש געפיל: לאָמיר אים אָנלערנען דעם דאָזיקן גאיוון, אז ער זאָל זיך נישט שטופּן אליין אין פייער אריין... האָט ער צוגעוואָרט, זוען ר׳ זבולון „גערטנער“ (ער האָט אזוי נישט געהייסן, פארשטייט זיך, נאָר איך האָב בכיוון געענדערט זיין נאָמען!) האָט זיך דערנענטערט, דעמאָלט האָט ער אויסגערופן, גלייך ער וואָלט זיך געוואָנדן דירעקט צו אים: ווער נעמט א בחורל אויף שבת?... פארשטייט זיך, אז דער בכבודיקער ר׳ זבולון האָט נישט געענטפערט גאָרנישט, נאָר מיך אָנגענומען ביי דער האנט און מיך מיטגענומען, ביז מיר זענען ארוים פון דער קלויז, דערנאָך האָט ער מיר אָפּגעלאָזט די האנט און געגאנגען בכבודיק פאָרויס, אָן דעם אז ער זאָל ארויסרעדן איין איינציק וואָרט צו מיר. איך בין געגאנגען נאָך אים, ווי סע גייט א זעלנער נאָך אן אָפי־ציר, מיט א שריט־צוויי הינטער אים, כדי חלילה נישט צו גיין מיט אים האנט־ביי־האנט.

אזוי זענען מיר געגאנגען, פונעם קלויז־געסל אין דער קומענדי־קער גאס אויף לינקס, אויפן זעלביקן וועג ווי פארגאנגענע וואָך צום הער „קאָרנברויט“... אָבער געמאכט נאָך עטלעכע טריט און אָנגעקומען אהיים, צו אים, צום נייעם בעל־בית.

דאָ דארף מען זיך אָפּשטעלן א ביסל און דערציילן עטלעכע ווער־טער וועגן די בעלי־בתים. ניין, דאָ זענען נישטאָ קיין „בעלי־בתים“. עס איז פאראן נאָר איין „בעל־בית“, וועלכער טיילט נישט דאָס בעלי־בתישקייט מיט קיינעם. די בעל־הביתטע קומט נישט אין חשבון. קיינער קומט נישט אין חשבון, נאָר בלויז ער, דער בעל־הבית, וועלכער איז געווען פון זייער א גרויסן ייחוס. זיין נאָמען איז געווען באקאנט פון סי־געט ביז סאטמאר און ביז גרויסוואַרדיין, אין אלע חסידישע קרייזן. ער איז געווען א מיוחס, פון א מיוחסישער מישפּחה, דאָס הייסט שוין

כמעט פון א „גזע", ער האָט געהאַט אין דער יידישער גאַס א וויין-קע־לער. אָבער אַרום אים האָט זיך נישט געפילט קיין ריח פון ווייַן, נאָר אַן אַטמאָספער פון אַן אַדלדיקן גראַף־אָפּשטאַמיקן, מיט אַן אויסזע פון א... וואָלט ער נישט געווען קיין ייד, וואָלט מען אים געקאָנט נע־מען פאַר אַן אוניווערסיטעט-פּראָפעסאָר, פון א צווייטן „איינשטיין" מיט א גאָלדענעם „צוויקער", הגם פון נידעריקן וואוקס, אָבער דאָך גראָד ווי א שטאָלצער בכבודיקער מאַן, וועלכער ווייסט זיין ווערט, ממילא ווייסן דאָס אַלע וואָס קענען אים, און טאַקע דערפאַר געבן זיי אים אָפּ דעם געהעריקן כבוד.

און דער דאָזיקער בכבודיקער בעל-בית, מיט א בכבודיקער האַל־טונג, טוט גאָר נישט, אין ערגעץ נישט, אויך נישט אין דער היים, צווישן זיין אייגן בני-בית, קיין איין באַוועג נישט וואָס זאָל קאָנען חלילה פּוגע-בכבוד זיין פון זיין אַריסטאָקראַטישן אויפפיר. א מלכותדיקן אויפפיר קאָן מען נישט באַקומען פון עמעצן במתנה, אָדער זיך עס ערגעץ קויפן. קיינער און אין ערגעץ פאַרקויפט מען דאָס נישט. מיט דעם דאַרף מען זיין געבוירן, איבערנעמען דאָס בירושה. מסתמא האָט די מוטער זיינע גופא אים דאָס איבערגעגעבן, און מסתמא אויך זיין פאָטער, בירושה, ווי מע זאָגט, א מיוחסתדיקע „גזע", אָדער אויף אַנדע־רע לשונות זאָגט מען „דינאַסטיע" וואָס מע קאָן נישט איינהאַנדלען, ווי מע פלעג אַמאָל זיך קאָנען קויפן אַן אַדלדיקן טיטל פון „גראַף", „באַראָן" אָדער „מאַרקיז". ניין, אַזאַ מין אַדלדיקייט קאָן מען זיך נישט איינהאַנד־לען, מיט דעם מוז מען געבוירן ווערן, אַנדערש איז מען א „געמאַכטע מכשיפה", א נאַרישער סנאָב, אַן אָנגעבלאָזענער „גרויסהאַלטער", וואָס רופט נישט אַרויס קיין כבוד נאָר בלויז לעכערלעכקייט. מיין בעל-בית האָט אַרויסגערופן רעספּעקט, ער איז געווען איינגעהילט מיט א נישט־געזעענעם ייִדענעם בכבודיקן איינהיל, וואָס מע האָט „געמוזט" האַלטן בכבוד — און צו אַלעם ערשט האָט ער עס געטון אַליין. ער האָט זיך גופא רעספּעקטירט און דערמיט אַרויסגערופן רעספּעקט אויך פון די אַנדערע אַז זיי זאָלן אים רעספּעקטירן, ממש בלאָזן אים דאָס פּלאַץ...

אין אָט אַזאַ מין אַטמאָספער בין איך אַריין פון יענעם פרייטיק־צונאַכטס אָן. איך האָב געפילט דאָס שוועבן אין דער לופט נישט בלויז

דאָס שבתדיקע, דאָס שטרענג-חסידישע שבתדיקייט, נאָר אויך דעם יראת-הכבוד ארום דער צענטראַלער פיגור פונעם בעל-הבית מיינעם, כאָטש איך האָב נישט באמערקט קיין אָרעאָל ארום זיין בכבודיקן געזיכט. אדרבה, ער האָט געהאַט אַזאַ קורץ בערדל, א געקרייזלטס, מיט עטלעכע גרויליכע האָר באַצירט, וואָס איז געווען ווי געמאָלן פון דעם באַקאַנטן מאָלער ליליען...

... זענען מיר, הייסט עס, אָנגעקומען אהיים, געזאָגט גוט-שבת. ער האָט גענומען א ספר אין די הענט און זיך אוועקגעזעצט, גלייך מע וואָלט זיך נישט געגרייט צו א שבתדיקער סעודה, נאָר צו א שיעור פון תורה.

אין שטוב איז געווען שטיל, אז מע האָט געקאָנט הערן א פליג זשומזשען. מיר, די מאַנצבילן...

סע זענען געווען דריי זין, אָבער דער עלטסטער זון איז געקומען שפּעטער. דערווייל בין איך געווען דער דריטער „זון", וועלכער האָט נאָך נישט געקאָנט גוט זיין ראָל, ווי אַן אַקטיאָר וועלכער האָט באַקומען נאָר וואָס זיין טייל פון דער פּיעסע, וואָס ער דאַרף שפּילן, אָבער ער האָט נאָך נישט געלייענט זיינע „רעפּליקעס", און קיין סופלער האָט ער אויך נישט.

א „סופלער"? אפשר האָב איך יאָ געהאַט, אָבער איך האָב אים אַנטדעקט א ביסל שפּעטער מיט עטלעכע מינוט. דערווייל איז פאַר מיר געווען פיינלעך. יעדע רגע האָט מיר אויסגעזען צו זיין ממש א שעה.

איך האָב געהאַט א מזל (זאָל מען מיר מוחל זיין, וואָס איך באַניץ אַזאַ מין וואָרט ווי „מזל"! איך האָב שוין אָפּט מאָל געזאָגט, אז איך גלייב בכלל נישט אין קיין „מזל", אָבער דאָך איז גוט אז מע האָט עס... והא-ראייה, איך גופא בין שוין געווען אַזוי פיל מאָל אויף דער שוועל פונעם „תהום" און בין ארוים א גאַנצער, נישט בלויז מיט דער „נשמה" נאָר אויך מיט די „ביינער", איז דאָך א באַווייז... נו, באַקלאָגן זיך אויף מיין מזל קאָן איך נישט. מסתמא האָב איך טאַקע מזל, אָבער שפּילן אויף דער לאָטעריע וואָג איך נישט. איך וויל נישט אויסשטעלן אויפן דאָזיקן נסיון מיין מזל, וואָס האָט מיר תמיד צוגעשפּילט, בפרט ווען איך בין געווען אין אַן עת צרה!) ... האָב איך געהאַט אויך איצט א מזל,

וואָס דער ייִנגסטער זון, קלמן, פֿון מײַן עלטער, איז געווען צוריק מיט א צײַט מײַן חדר-קאָלעג, דערמאָלט ווען איך האָב באַקומען יענע קניפּן פֿאַר נישט קאָנען לייענען די ראָשי-תּיבֿות פֿון „פּרי-מגדים״... איצט בין איך שוין א ישיבֿה בחור, אָבער די לאַנגנסטיקע חברשאַפֿט, וואָס איז נישט געווען אָפּגעקילט, האָט מיר פֿאַרלייכטערט די באַוועגונג... איך האָב געזען אַז אַלע מאַנצבילן האָבן גענומען צו א ספֿר אין די הענט — האָב איך אים געבעטן אַז ער זאָל מיר אויך געבן א ספֿר. נישט קיין חילוק וואָס פֿאַר א ספֿר סע זאָל נישט זײַן, נאָר איך זאָל נישט זיצן בטל ווי א בלינדע אויפֿן ווייבער-שיל...

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אַפֿילו נישט אַרײַנגעקוקט אין יענעם ספֿר. איך האָב עס בלויז געהאַלטן אין די הענט, און אויפֿגעפּאַסט, אַז מע זאָל „מיינען״ (זינט דערמאָלט האָב איך שוין נישט אײַן זאַך געטון מיט אזא מין „כּוונה״ אַז אַנדערע זאָלן „מיינען״, פּאַקטיש האָב איך דאָך געוואָלט טון גאָר עפּעס אַנדערש!). פּאַקטיש בין איך דאָך נישט געקומען אהער לערנען תּורה. דאָס טו איך דאָך איבער און געניג א גאַנצע וואָך. אהער בין איך דאָך געקומען נאָר עסן די שבתדיקע סעודה, אָבער אַז איך האָב מסתמא געדאַרפֿט באַצאָלן א שכר פֿאַרן עסן, האָב איך אויך גענומען א ספֿר אין די הענט...

איך האָב מכלומרשט אַרײַנגעקוקט אין ספֿר, האָב אָבער מער גע-קוקט אַרום מיר צו באַמערקן וואָס און ווי אַזוי סע קומט פֿיר דער צע-רעמאָניאַל. אײַגנטלעך איז דאָך דאָס געווען ווי א הייליקער צערעמאָניאַל, צו וועלכן מע וואָלט געדאַרפֿט האָבן א צערעמאָניאַל-מייסטער, וואָס זאָל אָנזאָגן וואָס מע דאַרף יאָ און וואָס נישט צו טון. איך האָב באַלד באַ-מערקט אַז צווישן אונדז אַלע, איז בלויז דער בעל-בית פֿאַרטיפֿט אין זײַן ספֿר, בעת די צוויי זין טוען כּמעט דאָס זעלביקע ווי איך... זיי קוקן אַרום נישט אַרײַן, אין ספֿר... דער מיטלסטער זון איז אַרום אויף א ווײַלע, אָן דעם אַז ער זאָל מאַכן א רעש, כּדי נישט צו שטערן, ווײַל שטערן האָט געהייסן וואָס איר ווילט, נאָר נישט קיין דרך-ארץ, אויף וואָס די וועלט שטייט (די דאָזיקע וועלט, אין וועלכער איך האָב זיך געפֿונען אין דאָזיקן מאָמענט!). און ווער ווײַל דען אויפֿטרייסלען די יסודות פֿון דער וועלט, אָדער זי כאָטש דערנענטערן צום אומברענגג?

עס איז אריינגעקומען די בעל-הביתטע (זי איז ארוים תיכף נאָך דעם ווי זי האָט אונדז מקבל-פּנים געווען, ווען מיר זענען געקומען פונעם דאַוונען. זי און די טאָכטער, וואָס איז געווען עפּעס גרעסער פון מיר, און צוויי קליינע מיידעלעך, זענען געזעסן אין דער צייט אין דער קיך!), מכלומרשט האָט זי עפּעס געזוכט און איז ווידער ארוים. סע האָט זיך אָבער אָנגעזען אז זי האָט געוואָלט אריינשטעלן א פינ-גער אין ים, כדי צו זען אויב ער איז טיף, צי עס איז נאָך דאָ צו וואַרטן ביזן קידוש מאַכן...

וויפל סע האָט געדויערט דאָס לערנען? וואָס זאָל איך זאָגן איצט, דעמאָלט האָב איך עס נישט געוואוסט. אין די ערשטע מינוטן האָט עס מיר אויסגעוויזן צו זיין אן אייביקייט. עס איז מיר שוין פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט פון צו זיין נייגעריק און טאַקע חרטה געהאַט אויף מיין עקשנות צו קומען אהער אויף שבת... אָבער שפּעטער א ביסל, ווען איך האָב זיך שוין צוגעוויינט, האָב איך שוין געוואוסט אז זומער האָט עס געדויערט א האַלבע שעה און ווינטער האָט עס צו מאָל געקאָנט דויערן אויך מער ווי א שעה... הגם, דער מאָגן האָט געפאָדערט צו עסן, וויל פרייטיק עסט מען בכלל ווייניק.

אין ערגעץ עסט מען נישט צו פיל פרייטיק צום מיטאָג אז מע זאָל זיך קאָנען אין אָוונט דערלויבן „פאַסטן"... בפרט איך, וואָס האָב געגעסן פרייטיק ביי א קמצן... מעגלעך אז ער האָט עס נישט געטון בכיוון, אָבער אזוי איז עס אויסגעקומען (סע זאָל נישט אויסגערעדט זיין, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, איך מיין נישט אים, איך מיין די וואַנט. איך וויל דאָך אים נישט באַרעדן איצט, נאָך אַלעמען. נאָך אַלע-מען!). צו אַלעם ערשט, ווען מיין מוטער האָט מיך צום ערשטן מאָל אריינ-געפירט צו אים, אין זיין געוועלב, מיך פירגעשטעלט און געבעטן ביי אים א „טאָג" פאַר מיר, האָט ער זיך מסתמא געוויצלט און געזאָגט קוקנ-דיק צו מיר, אז איך זאָל קומען צו אים עסן שבעה-עשר בתמוז, אָדער גאָר תשעה-באב... דאָס הייסט, אז אָנשטאָט צו עסן ביי אים א טאָג, האָט ער מיך פאַרבעטן צו אים „פאַסטן" די זומערדיקע תעניתים. ביז צום סוף איז פונעם וויצלען געבליבן אז איך זאָל ביי אים עסן פריי-טיק... פרייטיק עסט מען בלויז צוויי מאָלצייטן, פרישטיק און מיטאָג — אָוונט עסט מען דאָך שוין ביים שבתדיקן בעל-בית...

כדי מע זאָל נישט מיינען, חלילה, אז ער איז געווען א קבצן, וועל איך זאָגן אז ער איז געווען פיל מער פאַרמעגלעך ווי דער בעל-בית פונעם שבתדיקן „טאָג“. ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין קינדער אויך נישט, וואָס זאָלן אים געווען ירשענען... צו וואָס זשע האָט אים געטויגט דאָס פאַרמעגן, אז איך זאָל ביי אים „פאַסטן“ און נישט „עסן“?! ... אויף דעם איז נישטאָ קיין ספּעציעלער תירוץ, פאַר דעם דאָזיקן פאַל. מע מוז דאָס פאַרצייכענען צווישן יענע פאַלן, ווען איינער איז א קמצן, אָן א פאַרוואָס, נאָר סתם אזוי. סע פעלן דען אוים קמצנים אויף דער וועלט, הגם זיי זענען פאַרמעגלעכע? אָדער דווקא ווייל זיי זענען גאָר פאַרמעגלעכע — זענען זיי מער קמצנים און סע ציטערן זיי די הענט ווען זיי דאַרפן ארויסנעמען א גראָשן פון זייער פולער קעשענע אויף צו געבן... ניין, איך האָב נישט קיין אויפקלער אויף דער דאָזיקער דערשיינונג. הגם, איך האָב זיך דערמיט אָפּגעגעבן במשך מיין לעבן, אויף צו דערגיין דעם סוד פון קמצנות. אָט למשל, האָב איך מיט דער צייט זיך דערוואוסט, אז איינער וואָס האָט געלעבט געענגט אין זיין פריער יוגנט, אויפגעוואקסן אין דחקות, דערנאָך איז ער געוואָרן אן עושר, אָט יענער וועט תמיד מורא האָבן אז דאָס קבצנות קאָן זיך פּלוצימדיק אומקערן אין זיין „הויף“ און מחמת דעם וועט ער ציטערן אויסצוגעבן אן איבעריקן אָדער נישט איבעריקן גראָשן. ער האָט פּשוט מורא, אז סע וועט ווערן א לאָך אין זיין קעשענע — און ער האָט מורא פאַר א „לאָך אין קעשענע“... ער איז אלערגיש צו אָרעמשאַפט, אין וועלכער ער איז אפשר אויפגעוואקסן. אזוי למשל בין איך דערגאַנגען צו דער מיינונג, אז געוויינטלעך דאָקטוירים, פונעם פריערדיקן און אויך מיין דור, זענען געוויינטלעך טעלערלעקער, קאַרגע וואָס פאַרגונען זיך נישט פאַר זיך גופא, טאַקע צוליב דער דאָזיקער דערקלערונג: ווער האָט געלערנט מעדיצין דעמאָלט? אָרעמע קינדער, די פאַרמעגלעכע האָבן געלערנט יוריספּרודענץ, זענען געוואָרן אדוואָקאַטן. דאָקטוירים זענען מייגסט געווען אָרעמע קינדער, ביז זיי זענען געוואָרן דאָקטוירים האָבן זיי געלערנט מעדיצין און געגעסן הונגער, ארומגעגאַנגען כמעט באָרוועס, זיך געפּלאָגט דאָ, צי אין איטאַליע, ביז זיי האָבן געענדיקט מיט די סטודענטישע יאָרן, וואָס זענען געווען א קליין, גאָר קליין, פאַר-

געניגן ... נו, איז א וואונדער אז א דאָקטער, ווען ער האָט זיך שוין געזען אין זיין אייגענעם קאבינעט, ווי א דאָקטער (אפשר אן איידעם פון א נגיד, וועלכער האָט זיך געוואָלט איינקויפן א דאָקטער פאר אן איידעם און געגעבן א גרעסערן נדן, כדי צו פארדעקן דעם נישט זייער שיינעם אויסזע פון זיין טאָכטער, אָבער דאָך זאָל זי ווערן א „דאָקטע-רין"?), דעמאָלט איז ער א קמצן און ציטערט אויפן גראָשן?! ... איז אפשר געווען אויך מיין פרייטיקדיקער בעל-בית, און אפילו אויך די בעל-ביתטע פון אָרעמען אָפשטאם און ... מחמת דעם געציטערט אויפן גראָשן?!

מע קאָן אָבער יאָ פרעגן, אויב איך האָב דאָס אַלץ געזען און ווי איך דערציייל האָבן דאָך מיר נישט געמאנגלט קיין „טעג", איז פאר וואָס זשע האָב איך אים נישט איבערגעלאָזט? ווער איך עם אָפקומען מיט אזא נארישן תירוץ, אז דאָס געהער אויך צו מיינע דווקא- און להכ-עיסדיקע-שטיקלעך. איך האָב דאָרט געגעסן ווינציקער ווי סע וואָלט מיר נויטיק געווען, אָבער איך האָב „הנאָה" געהאט (איר הערט א וואָרט, הנאָה!) פון די קריגערייען, וואָס זענען פירגעקומען צווישן בעל-בית און זיין פרוי, פארשטייט זיך, אז אויף אונגעריש (זיי האָבן מיך געהאלטן פאר א נאיוון, אז זיי וועלן רעדן אונגעריש אין דער דריטער פערזאָן צווישן זיך, וועל איך נישט וויסן אז זיי זאָגן זיך אריין אין דער באבעס-באבע אריין!). נאָר איין „אומגליק" איז געווען, וואָס נישט אַלע מאָל האָבן מיר געגעסן דעם מיטאָג צוזאמען, אז איך זאָל קאָנען „הנאָה" האָבן פון די קריגערייען ... אָבער אויך אין אזא פאל האָב איך געהאט „הנאָה", אמת נישט פון די בעלי-בתים, נאָר פון דער קעכין וואָס איז געווען א דינסט א מרשעת, ווי סע וואָלט געפאסט אין אזא הויז ... זי איז דאָך געווען ווי צוגעשניטן לויט דער מאָס צון אזא „גוטער" אטמאָס-פער פון דאָזיקן הויז. וואָס זי זאָל געווען נישט טון, האָט זי זיך באַ-מיט מיר צו טרעטן אויף די הינעראויגן. למשל אויב זי האָט מיר גע-געבן דעם פרייטיק-מיטאָגדיקן גוליאש, האָט זי מיר געגעבן אזעלכע שטיקלעך פלייש, אז איך זאָל בכלל נישט האָבן וואָס צו נעמען אין מויל אריין. זי פלעגט מיר געבן דאָס קעפל פונעם עוף, וואָס אין לייטישע הייזער ווארפט מען עס אוועק אויב נישט פארן קאָכן, איז תיכף נאָכן

אָפּקאָכן. וואָס קאָן מען שוין מישטיינס געזאָגט עסן פון אן עופן קעפל? איז ווי אזוי קאָן זיך אזא יונג שעמעוודיק בחורל, וואָס עסט ביי פרעמדע טישן, און מוז עסן מיט א מעסער און גאָפּל, צו וואָס ער איז נישט זייער צוגעוויינט און האָט נישט געניטקייט, און ווי געזאָגט, מיטן גאָפּל אין דער לינקער האנט ווי אזוי קאָן ער עפּעס טועם זיין פונעם ביסעלע פלייש וואָס איז אויפן גערגעלע? פארשטייט זיך, אז איך בין אוועק פונעם טיש כמעט א הונגעריקער. אָבער, איך האָב נישט געוואָלט אויפגעבן דעם דאָזיקן טאָג, א לענגערע צייט האָב איך דאָרט געגעסן, נאָר צוליב ... יענעם „דווקא-געפיל"׳ וואָס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן בירושה זינט מיין אורעלטער-עלטער זיידע, אברהם אָבינו ... אָבער מיט דער צייט האָב איך געפונען א פּאָרטל ווי אזוי איך זאָל זיך נוקם זיין אויך אין דער דינסט. איך האָב אזוי געטון, אז תמיד, יעדן פרייטיק נאָך מי-טאָג, ווען איך האָב געענדיקט דאָס „עסן" זאָל זי מוזן וואַשן דאָס טיש-טעך ... איך האָב ארויסגעלאָזט דאָס עופענע קעפּעלע, דאָס גערגעלע, צי דעם גאָפּל, וועלכער האָט זיך געבאָדן אין גוליאַשענעם סאָס, אז ער זאָל באמאָלן דאָס טישטעך. קודם האָב איך געזאָגט „אנטשולדיקט, איך בעט אייך" (נישט צו בעטן מחילה, נאָר איר אויפמערקזאם צו מאכן, אז איך האָב איר אָפּגעטון עפּעס א שטיקל!), דערנאָכדעם האָב איך שוין נישט געזאָגט גאָרנישט. זי האָט דאָך שוין באמערקט אז איך טו עס אומיסטן, כדי זי אָנצולערנען אז מיט מיר דארף מען זיך אויפפירן מענטשלעך, נישט ווי מיט א ... הינטל (אין שטוב זענען געווען הינט און קעץ, ווי ביי מישפּחות וואָס האָבן נישט קיין קינדער!). מיטן הינטל האָט מען זיך דאָך בעסער אויפגעפירט ווי מיט מיר.

איך מוז נאָך דאָ צוגעבן עטלעכע ווערטער צום דאָזיקן „פענאָמען". מע וועט זיך דאָך אפשר וואונדערן, וואָס אין אזא הויז איז צופאליק געווען אזא מירשעת פון א קעכין? איז וויל איך זאָגן, אז איך האלט נישט אין קיין צופאליקייטן. מע זאָגט א ווערטל „יעדעם טעפל האָט זיך זיין שטערצל". אלץ האָט איר סיבה, מע דארף נאָר געוואויר ווערן די ריכטיקע סיבה. אמת, נישט אלע מאָל געפינט זיך אוים די סיבה, דע-מאָלט זאָגט מען זיך לייכטער, אז דאָס איז א צופאליקייט. איז וויל איך דאָ זאָגן, אז איך האָב זיך גוט ארייננגעטראכט אין דאָזיקן ענין,

אָבער איך האָב נישט געפונען קיין אנדערע דערקלערונג, ווי דאָס וואָס מע זאָגט אז מיט דער צייט פונעם צוזאמענלעבן פון מאן און פרוי, נע־מען זיי איבער איינער פונעם אנדערן נישט בלויז די טבע, די אויפפי־רונג, די זשעסטן, די באוועגונגען — נאָר אויך די גרימאסן דאָס אויס־זען פון זייער געזיכט, אז מיט דער צייט מיינט מען אז מע האָט צו טון מיט שוועסטער און ברודער. יאָ, יאָ, זיי הייבן אָן ענלען צווישן זיך אויך לויט זייער פיזיאָגנאָמיע, נישט בלויז אין זייער אויפפיר... נו, וואָס איז זיך דאָ צו חידושן, ווען צוויי מענטשן לעבן צוזאמען א לענ־גערע צייט און נעמען איבער איינער פונעם אנדערן אפילו דעם אויסזע?!
אָט די דאָזיקע מיינונג, האָב איך מיר געמאכט אויך וועגן צוזאמענלעבן פון א בעל־בית מיט זיין א דינער. מיט דער צייט נעמט איבער דער די־נער אויך דעם „מאָראלישן אויסזע" פון זיין בעל־בית... אָט ווי אזוי מע קאָן דערקלערן, אז אין א הויז פון אזא קמצן, זאָל זיין אזא קעכין, א מירשעת, וואָס פירט זיך אזוי אויף מיט א ישיבה־בחורל, וואָס עסט דאָ א טאָג, אָבער ער עסט זיך נישט אָן צו דער זעט כמעט קיין מאָל נישט.

נו, קאָן מען זיך דאָך לייכט פאָרשטעלן, אז נאָך אזא פרייטיקדיקן מיטאָג, אז עס איז געקומען אויף דער נאכט, מען איז געקומען פונעם דאווענען — איז מיר נישט געלעגן אין קאָפּ זיך אָפּצוגעבן מיט לערנען תורה... איך האָב געוואָלט עסן, ווייל דער ליידיקער מאָגן האָט עס גע־פאָדערט אָן רחמנות.

טאקע אָט א דאָס איז געווען די סיבה, פאַר וואָס די בחורים האָבן אויסגעמיטן דעם דאָזיקן „טאָג". איך האָב אָבער געמוזט גובר זיין, זיך איינהאלטן און קוקן (אָן דעם אז מע זאָל עס באמערקן!) און שווייגן.

דערנאָך האָט דער בעל־בית געמאכט קידוש. דאָס גאנצע בני־בית האָט אויסגעהערט, ווי מע הערט אויס א מדינה־הימן, אָן דעם אז מע זאָל חלילה מאכן א מינדסטע באוועגונג. פונעם זעלביקן כוס האָבן געטרונקען דער בעל־בית און די בעל־הביתטע און סע האָבן טועם גע־ווען אויך די טעכטער. מיר, די מאנצבילן, האָבן דערנאָכדעם געמאכט קידוש. אָבער נישט ווי ביי אנדערע, באזונדער יעדער איינער, אז איך זאָל דארפן איבערלעבן די עמאָציע, אז איך זאָל זיך נישט פארפלאָנ־

טערן נאָר אַלע פיר (אין צווישן איז אָנגעקומען אויך דער עלטסטער זון!) האָבן מיר געמאַכט קידוש, ווי אין אַלטערטום אַ העלענישער גערעדטער כאָר... אָט דאָס איז געווען פאַר מיר אַ גינציקע המציאה...

עטלעכע ווערטער מוז איך זאָגן וועגן עלטסטן זון. ער איז שוין געווען אַ „מאָדערנער" כמעט אַן „אויסגעלאַסענער"... ער האָט נישט געהאַט קיין פּיאות, דאָס איז נאָך געווען צום דערליידן. דאָס האָט מען אים נאָך געקאָנט מוחל זיין, אָבער ער איז דאָך שוין געווען אַ „מיזרחיסט"... יאָ-יאָ, אין סיגעט, אין יענער צייט, אין אַזאַ הויז איז שוין אַ מיזרחיסט געווען אַ האַלב געשמדטער...

די סעודה איז פֿירגעקומען אין אַ סודותדיקער שטילקייט. יעדער האָט געגעסן אין זיין טעלערל וואָס די בעל-הביתטע האָט צוגעטיילט, אָן רייד, אָן באַמערקן, אָן דעם אַז מע זאָל הערן חלילה אַ קלונג פון אַ לעפל צי פון אַ גאָפּל. מע וואָלט געווען געקאָנט מיינען אַז סע זיצן טויבשטומע אָדער, להבדיל, אַ קאַטוילישער צערעמאָניאַל אין אַ קאַטעדראַלע פאַרן פרייפלען — אָבער, עס איז דאָך געקומען די ריי, נאָך די פיש האָט מען געגעסן די יויך, די שבתדיקע וואָס האָט אַ געוויסן טעם וואָס אַ וואָכנדיקע יויך האָט עס נישט, מעג מען עס קאָכן אין זעלביקן טאָפּ, דאָס זעלביקע פלייש, מיטן זעלביקן גרינצייג אָדער פאַרבראָקעכץ — סע וועט אָבער דאָך פעלן דער שבתדיקער טעם. איז נאָך אַזאַ יויך זינגט דער בעל-הבית „כל מקדש שביעי"... אויפן אַטעניער נוסח, וואָס איז גאָר ווינציק אַנדערש ווי דער וויזשניצער. בלויז אַ געניט אויער פאַר מוזיקאַלישע נואַנסן וואָלט געווען געקאָנט באַמערקן דעם חילוק: קאַ-אַ-ל-לע מעקאַדעשעוויאיאי...

איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טון, זאָל איך מיטהעלפן דעם ניגון, ווי סע וואָלט געפּאַסט פאַר אַ בחורל וואָס האָט אַ קול און אַ נייגונג פאַר חסידישער נגינה צי זאָל איך שווייגן און הערן — אָבער באַלד בין איך געוואויר געוואָרן אַז די ערשטע סטראָפע זינגט דער בעל-הבית אַליין און דערנאָך נעמען איבער די זין, זיי זינגען מיט. האָב איך זיך אריינגעכאַפּט אין געזאַנג, ווי ווען מע כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ פאָרנדיקן וואָגן, און אין איין שמע-ישראל האָב איך שוין אויך מיטגעזונגען, קודם נאָך אומגעוואַגט, אונטער דער נאָז, אַז קוים האָב איך גופא עפּעס גע-

הערט, אָדער ווי מע זאָגט אויפֿן מוזיקאַלישן לשון: „אין סורדינע“. דערנאָכדעם האָב איך זיך שוין געלאָזט הערן, נישט חלילה אז איך זאָל איבערשרייען דעם בעל-הבית. דאָס וואָלט דאָך געווען דאָ אַן עזות, אָבער דאָך האָט מען געקאָנט דערקאָנען מיין קולעכל פֿון צווישן איבעריקן כאָר. און אייגנטלעך האָב איך דאָך דאָס געוואָלט. איך האָב געהאַט א ווילן, אַן אומדערקלערלעכן, אז איך זאָל זיך לאָזן „הערן“. פאַר וואָס? דעמאָלט האָב איך גופא עס נישט געוואוסט און וואָלט געווען עס נישט געקאָנט דערקלערן. אָבער איצט ווייס איך שוין, אז זיגמונד פרויד וואָלט דאָס אויפגעקלערט גאָר פשוט, אז איך האָב מסתמא געוואָלט אז דאָס עלטסטע מיידל, וואָס איז געווען אפשר מיט א יאָר-צוויי גרעסער פון מיר, אָבער א שיינינקע ליאַלקע, סע האָט אויסגעזען אז זי וואָלט געווען פון טייערן פּאָרצעלאַן אָדער גאָר ווייסן קרישטאָל, זאָל הערן...

בקיצור, ביים טיש האָט מען נישט גערעדט. מע האָט נישט געזאָגט קיין תורה, הגם לויט דער שטימונג וואָלט מען זיך געקאָנט אויף דעם דערוואַרטן, נאָר מע האָט געגעסן ווי בגניבה, קיינער זאָל נישט הערן, און אפילו די זמירות זענען אויך געזונגען געוואָרן מיט א צוריקגע-האַלטענעם טאָן, נישט ווי איך בין געווען געוואוינט צו טראַלאַלאַקען אויף דער העכסטער אָקטאַווע...

דער עלטסטער זון האָט נישט מיטגעזונגען. אפשר האָט ער אויך מיטגעברומט, ער איז דאָך שוין געווען א „מאָדערנער“ דאָ אין הויז...

די אנדערע צוויי זין זענען געווען ווינציקער „מאָדערן“ הגם אויך שוין „מאָדערן“... אזוי בין איך אויך געוואָרן א „מאָדערנער“. נאָכן בענטשן מזומן און איך האָב זיך געזעגנט, געזאָגט „גוט-שבת“, האָט מיך באַגלייט ביז ארוים דער יינגסטער זון, קלמן, ער האָט מיר געזאָגט, אז איך „מוז“ נישט גיין אין קלויז דאַווענען. איך קאָן קומען דאַווענען צו דער צעירי אגודת ישראל אין דער יידישער גאַס, אין הויף פונעם סעפינקער סופר, א זייגער אכט אין דער פרי, וועלן מיר דאַווענען צו-זאַמען, ער דאַוונט אויך דאָרט...

אָט דאָס איז געווען די „שטרוי“, וועלכע האָט מיך ממש אָפּגע-ראַטעוועט פון דערטרונקען צו ווערן אין דאָזיקן מאָדנעם שבתדיקן „טאָג“.

איך האָב יענעם שבת פרימאָרגן געדאַוונט ביי דער צעירי אגודת ישראל, וואו איך האָב באַגעגנט מיין יונגן „בעל-בית״. אייגנטלעך האָב איך שוין געדאַוונט אויך פריער אין אַזאַ מנין פון דעם „בחורישן מנין״, אין רבס קלויז, אָבער דאָ איז עס דאַכט זיך געווען היימישער. מע האָט גערעדט צווישן זיך מיטן וואָרט „חבר״, אפילו אויף דער וואַנט איז געווען אַ פּלאַקאַט מיט גרויסע אותיות „חבר אני לכל אשר יראוך״, דאָס הייסט פאַרטייטשט: אַ חבר בין איך מיט אַלע יענע וואָס האָבן מורא פאַר דיר (גאָט) ... (ווײ, ווײ, וויפל גילגולים דאָס דאָזיקע וואָרט „חבר״ וועט אַדורכגיין, וויפל מין פאַרטייטשן סע וועלן אַדורך און מיך מיט־שלעפּן אין געווירבל פון די שטורעמס צו וועלכע איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט אַז אַזוי וועט עס טאַקע מוזן אַדורכגיין איבער מיין גורל!) ...

קלמן איז געווען אַ מין סעקרעטאַר פון דעם פאַראיין, נישט נאָר וואָס ער האָט מיך פּראָטעזשירט און געזען אַז מע זאָל מיך מכבד זיין מיט אַן עליה, נאָר איך האָב שוין געהאַט אַ ריי כיבודים.

די גרעסטע מציאה איז געווען, וואָס נאָכן דאַווענען זענען מיר אַלע דריי, די צוויי ברידער און איך, אַהיימגעקומען, געמאַכט קידוש אָן ספּעציעלע צערעמאָניעס, ווי צווישן זיך, היימיש. מיר האָבן איבער־געכאַפּט, גענעסן די געפילטע פיש מיט אַ נישט זיסן קוכן, ווייל די חלה האָבן מיר דאָך נישט אָנגעהויבן פאַרן בעל-בית. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן „איבערכאַפּן״ האָבן מיר שוין געקאָנט „אַריינקוקן״ אין אַ ספר און וואַרטן געדולדיק ביז דער בעל-הבית וועט קומען פון דער קלויז.

און ווען ער איז שוין יאָ געקומען, האָט מען דען שוין יאָ געגעסן? אויך נישט. אויך ער האָט געמאַכט קידוש, פּונקט ווי מיר, גענעסן אַ ביסל פיש מיט קוכן — און גענומען אַ ספר אין די הענט ...

דאָ דאַרף מען דערמאַנען, אַז די גאַנצע אַוואַנטורע מיינע האָט גענומען אַן אַנדערן גאַנג. עס איז גאָרנישט געשען ווי סע פלעגן דער־ציילן יענע בחורים וואָס האָבן דאָ געגעסן שבת פריער פאַר מיר. פאַר זיי איז עס געווען אַן אָפּקומעניש, ווידער פאַר מיר האָבן זיך געעפנט גאָר אַנדערע דערפרייענדיקע פּערספּעקטיוון. בעת יענע די פירגייער מיינע האָבן זיך געלאַנגווייליקט „קוקנדיק״ אין אַ ספר, וואָס האָט זיי גאָר ווייניק אינטערעסירט, ווייל מיט „אַריינקוקן״ אין אַ ספר זענען

זיי דאָך שוין זאַט געווען פון אַ גאַנצער וואָך — האָב איך „אַריינגעקוקט" נישט ממש אין אַ ספר, נאָר אין אַ ביכל ... און ווי מע קאָן זיך פירשטעלן איז דאָס נישט דאָס זעלביקע ...

דאָ האָב איך יעדן שבת געלייענט, יעדן שבת צווישן דעם קידוש מיט די פיש און דעם טשאָלנט, האָב איך געלייענט דעם פריש אָנגעקו-מענעם „העולם", וואָס איז דעמאָלט דערשינען וועכנטלעך אין לאָנדאָן, אונטער דער רעדאַקציע פון נחום סאָקאָלאָוו. ווען דער בעל-בית פלעג אָנקומען פונעם דאַווענען, האָבן מיר אויפגעביטן דעם העברעאישן זשורנאַל אויף אַ „ספר", וואָס ער האָט נישט קאָנטראָלירט, אפשר האָט ער יאָ געוואוסט וואָס מיר „לערנען" און זיך געמאַכט אַז ער זעט נישט, און אפשר האָט ער נישט געוואוסט אַז דאָס איז אַ באַנד ביאַליק צי דוד פרישמאַן ...

צי איך האָב געקאָנט לייענען העברעאיש? וועל איך אויסזאָגן אַז איך האָב שוין יאָ געקאָנט. צוריק מיט אַ יאָר, ווען איך בין קוים בר-מיצווה געוואָרן ביז איך שוין געוואָרן אַ שטיקל „אפיקורס" און גע-לייענט דעם „הבוקר" ... דאָס האָט מיך מחנך געווען מיין ערשטער און איינציקער חזר-בחור (דערנאָך געלערנט אַליין, אָן אַ חזר-בחור, דערנאָכ-דעם געוואָרן אַליין אַ חזר-בחור, אָבער וועגן דעם וועל איך אוודאי עפּעס דערציילן ווייטער!), דעם באָרשער דיינס אַ זון, מיינער אַ קרוב, וועלכער האָט מיך געהאַלטן פאַר זיינס גלייכן, הגם ער איז געווען עלטער פון מיר מיט גוטע פינעף יאָר. ער האָט מיך אויך אויסגעלערנט שאַך שפּילן, בעת די אַנדערע תּלמידים זיינע האָבן געשלאָפן. ער האָט מיך צוגע-וויינט צו לייענען אַ העברעאיש בוך, אַ ראָמאַן צי שירים, און אַ העברע-אישע צייטונג, וואָס פלעג גיין פון האַנט צו האַנט, אויף אַ פאַרבאָרגענעם אופן.

אָבער אַן „אפיקורס" האָט ער מיך געמאַכט נישט נאָר מיטן לייע-נען העברעאיש, נאָר אויך מיט אַ שמועס, וואָס ער האָט איין מאָל פאַר-פירט מיט מיר, בעת אַ שפּאַציר און מיך געפרעגט וואָס איך ווייס וועגן ... ליימענעם גולם.

— וואָס הייסט, וואָס איך ווייס? — האָב איך געענטפערט מיט אַ קעגנפראַגע — איך ווייס דאָס וואָס יעדער ווייסט, אַז דער פּראַגער רב,

דאכט זיך דער מהר״ל, האָט געמאכט א מענטש פון ליים, וואָס ער האָט אויסגעקנעטן מיט זיינע אייגענע הענט, דערנאָכדעם האָט ער אים אריינגעשטעלט דעם שם-המפורש אונטער דער צונג און ער איז געוואָרן א לעבעדיקער „גולם״, וואָס האָט אויסגעפירט אלע שליחותן וואָס מע האָט אים געהייסן טון...

אויף מיין ענטפער האָט בעריש געשמייכלט איראָניש, אָבער מיט סימפּאטיע, אזוי ווי ווען מען איז מוחל פאר א קינד ווען סע זאָגט א נארישקייט.

ער האָט געשוויגן. מכתמא האָט ער אויך נישט געוואוסט ווי אזוי אָנצוהייבן מיט מיר אָט דעם האקלדיקן שמועס, ווייל, וואָס קאָן מען זאָגן איינעם וואָס נעמט אָן אזא מעשה פאר א הייליקן אמת?

— און אז איך וועל דיר זאָגן — האָט ער אָנגעהויבן מיטן זעלביקן שמייכעלע, אָבער זייער צוריקגעצויגן און אפילו פירזיכטיק, נישט געוואגט — אז די גאנצע מעשה איז נישט מער ווי א „מעשה״, א לעגענדע? ...

— וואָס הייסט א לעגענדע? — האָב איך זיך ווי צעשריגן — די וועלט איז דען משוגע?! די גאנצע וועלט ווייסט דאָך דאָס, אז דער מהר״ל האָט געמאכט דעם גולם... האָט איר דאָך מיר געגעבן יענע וואָך צו לייענען די מעשה מיטן גולם און מיטן מהרלס טאָכטער, וואָס סע האָט געשריבן דוד פרישמאַן?! ...

— אוודאי האָב איך דיר געגעבן — האָט ער ווייטער געזאָגט, אָבער זיין שמייכעלע איז פאמעלעך פארשוואונדן, און ער האָט שוין אָנגעהויבן רעדן גאנץ ערנסט — איך האָב טאקע געוואָלט אז דו זאָלסט געוואויר ווערן אז די גאנצע מעשה איז נישט מער ווי א לעגענדע, אָדער ווי א משל, און אז דער גרויסער שרייבער דוד פרישמאַן האָט אויף דעם סמך געשילדערט דעם געראנגל צווישן ליבע און אבסטינענץ, צווישן פאסטן און הנאה האָבן, צווישן גייסטיקייט און מאטעריאליסטישקייט, צווישן חלומותדיק און ממשותדיק לעבן, צווישן תעניתים און סעודות...

איך האָב אונטערבראָכן בעריש, ווייל סע האָט זיך מיר געדאכט אז ער פארשוועכט מיר מיין אמונה:

— וואָס הייסט, די וועלט איז דען משוגע — האָב איך זיך ווידער צעשריגן — מע קאָן דאָך גיין קיין פּראג און ארויפקריכן אויפן בוידעם פון דער אַלטער שיל, וועט מען דאָך געפינען דעם גולם שוין אָן דעם רוח-חיים, ווייל דער מהרל הקדוש האָט ארויסגענומען פון אונטער זיין צונג דעם שם-המפורש?!...

— מעשיות, לעגענדעס... עס איז נישטאָ אויף קיין שום בוידעם אויף דער וועלט קיין שום גולם נישט — אַלץ איז בלויז אַ מעשה. אמת, אַ שיינע מעשה, אַ סימבאָלישע, מיט רמזים, אָבער דאָך נישט מער ווי אַ מעשה... איבעריקנס — האָט ער מיך געוואָלט בארואיקן — דאָס האָט גאָרנישט צו טון מיט אונדזער אמונה... מע קאָן זיין אַ רעליגיעזער ייד, אָפּהיטן אַלע מיצוות און דאָך נישט זיין קיין חסיד-שוטה, און גלייבן אין אַזעלכע „מעשיות" אַז זיי זענען רעאַלע...

— ווי אַזוי זשע זאָגט מען אין דאַווענען יעדן פרימאָרגן דעם אני-מאמין? — האָב איך געפרעגט, נישט אויף דעם וואָס ער האָט מיר איצט געזאָגט בנוגע דעם גולם, נאָר נאָך מער אויף דעם וואָס איך האָב אָנגע-הויבן טראַכטן, מחשבות וואָס ער האָט ביי מיר ארויסגערופן דורך אַסאָ-ציאַציעס מיט דוד פרישמאַן, מיטן לייענען העברעאישע צייטונגען, מיט דער „התיקווה", ווייל איך האָב דאָך דאָס אויסגעמישט און פארבונדן אין איין איינציקן קניפּל, אין איין בשותפותדיקן ענין.

— נו, דעם אני-מאמין דאַרף מען טאַקע זאָגן — האָט אויך ער געענטפערט נישט אויף מיין ארויסגעזאָגטער פראַגע, נאָר מער נאָך אויף מיינע נישט ארויסגעזאָגטע געדאַנקען, אָבער וועלכע ער האָט דער-ראָטן, ווייל אהין האָט ער דאָך אייגנטלעך געוואָלט דערגיין מיט מיר — מע דאַרף גלייבן אין ביאת-המשיח, הגם ער פארשפעטיקט, אָבער וואַרטן אים, אָט דאָס דאַרף מען טון אַנדערש... נישט דאָ דאַרף מען אים וואַרטן, נאָר דאָרט, אין לאַנד פון די אָבות...

ווי איר זעט, האָב איך געהאַט צו טון מיט איינעם וואָס איז לאָ-עלינו געווען געכאַפּט אין דער „מעשה". ער איז געווען אַ באַהאַלטענער ציו-ניסט. איך זאָג באַהאַלטענער, ווייל אין דער עפנטלעכקייט האָט ער דאָך אויך נישט געוואַגט דאָס ארויסצוזאָגן. עס איז נישט אָנגעשטאַנען

נישט פאר אים, ווי אן אָנגעזעענער חזר-בחור, ווי א דיינס א זון, צו זיין א ציוניסט, און „אפיקורס‟, דאָס הייסט א „מיזרחיסט‟...

איך האָב זיך אָבער דעמאָלט געהאלטן פעסט אין מיין אמונה, אז א ציוניסט איז גלייך מיט א כופר-בעיקר. איך האָב דאָך איצט געהערט מיט מיינע אייגענע אויערן אז ער גלייבט אפילו נישט אין ליימענעם גולם?!...

אָבער זיך צו באקענען מיט דער צעירי אגודת ישראל, וואָס האָט באקעמפט דעם ציוניזם, אָט דאָס יאָ. דאָס איז געווען פאר מיר ניחא... בין איך געוואָרן א געטרייער לייענער פונעם ווארשעווער „דאָס יודישע טאָגבלאט‟, געלייענט די ארטיקלען פון אינטערנאציאָנאלער פאָליטיק געשריבן פון העשל קלעפפיש, די לידער פון שמואל נאדלער און ישראל עמיאָט — און שבת, יאָ, שבת האָב איך געלייענט דעם ציוניסטישן „העולם‟. איך האָב געלייענט מיט אזא פליים, מיט וועלכער איך האָב געלערנט גמרא-תוספות. פון אלף ביז תאָוו. והאָ-ראייה, איך געדענק נאָך היינט, אז אויף דער אויסערלעכער הילע, וואָס איז געווען גע-ווינטלעך פון דין פלום-פאפיר פון מאראנצן קאָליר, איז געווען ערגעץ פארשטופט א צוויי-שורהדיקע מודעה: „פון וואנען ווייסטו אז די מו-דעות פון „העולם‟ ווערן געלייענט? ווייל אויך דו האָסט געלייענט דעם דאָזיקן אנאָנס‟... דער געדאנק האָט מיר געפעלן. עס איז א לאָגישע עדותשאפט, האָב איך עס פארגעדענקט ביזן היינטיקן טאָג.

סע האָבן מיך פארכאפט די פעליטאָנען פון אונטערן שטריך, מיט די קלענערע אותיותלעך, וואָס זענען געווען באפעפערט און באווירצט מיט ווערטלעך פון גמרא און מדרש, אויסדרוקן וואָס סע האָט זיי נישט געקאָנט פארשטיין סיי ווער, נאָר איינער ווי איך, וואָס האָט געלערנט אביי-ורבא...

פארשטייט זיך, אז איך האָב זיך שוין נישט באגניגט מיטן בלויזן „ארייננקוקן‟ אין א „ספר‟ כדי דער בעל-הבית זאָל דאָס זען. איך האָב עס שוין נישט געטון לכבוד אים, נאָר ממש לכבוד מיר... לכבוד מיין נשמה וועגן, אויך נאָך דער סעודה, נאָכן בענטשן מזומן...

און ווען עס איז געקומען שלוש-סעודות, האָב איך געזאָגט קלמנען:

— אנו, טו א פרעג — האָב איך אים א וואונק געטון מיטן אייגל — די מוטער צי אפילו דעם פאָטער, צי איך קאָן קומען אויך קומענדיקן שבת אהער עסן, און נישט דארפן ווארטן אויף „ווער נעמט א בחור אויף שבת"?!

ער האָט טאקע תיכף געפרעגט און האָט מיר איבערגעגעבן זייער הסכמה.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער מישפּחה „גערטנער" ווען א בחורל האָט זיך מיטן גוטן ווילן געבעטן צו בלייבן ביי זיי אויף תמיד צו עסן „שבת".

איך האָב דאָרט נישט געגעסן איין זמן צי צוויי, נאָר בין דאָרט געבליבן ביז איבער די ישיבה יאָרן. דאָס הייסט, אז איך האָב שוין חד־שים נישט געלערנט אין דער ישיבה, אָבער ביי זיי אויף שבת בין איך ווייטער געבליבן, ווייל איך האָב זיך דאָרט געפילט „ווי אין דער היים".

אגב, וועל איך נאָך דערציילן וועגן דעם אויך ווייטער.

# אומהיימלעך קאָן איך נישט לעבן

ווי אזוי עס איז געקומען דער געדאנק פאר מיין פאָטער אז ער זאָל מיך שיקן לערנען קיין דראגאָמירעשט, ווייס איך נישט, אָדער איך געדענק עס שוין היינט נישט אזוי גוט. סע דאכט זיך, אז מצדן דראגאָמירעשטער רב האָט עמעצער מיט אים גערעדט וועגן דעם, צי מיין בעל־בית פונעם שבתדיקן טאָג, וועלכער איז געווען א גאָר נאָענטער קרוב מיטן דראגאָמירעשטער רב האָט אים געגעבן די דאָזיקע עצה, בכל־אופן, ווי סע זאָל נישט געווען זיין, האָט ער מיר געזאָגט אז איך בין פארבעטן קיין דראגאָמירעשט, דאָרט צו לערנען אין דער ישיבה.

דראגאָמירעשט, ווי א יישוב, איז נישט געווען פאר מיר מערער ווי א באגריף, אן אבסטראקטער. אָבער דראגאָמירעשטער יידן האָב איך גוט געקאָנט. זיי האָבן מיט זיך פירגעשטעלט א באזונדערטקייט, צוליב זייער מלאָכה ... אויב מע האָט געזען ביי אונדז אדורכפאָרן א בויד, אָנגעלאָדן מיט דראניצעס, געטריבן פון א ייד מיט א הדרת־פנימדיקער באָרד, באָרד־און־פיאות, האָט מען שוין געוואוסט אז דאָס איז א דראגאָמירעשטער ייד, א תלמיד־חכם, וועלכער חזרט איבער, מורמלענדיק, גמרא, משניות, אָדער לכל־הפּחות זאָגט ער תהילים אויסנווייניק ... דאָס איז נישט געווען קיין פּשוטער בעל־עגלה, וואָס ווייכט נישט מער ווי זיינע פערד ... דראגאָמירעשטער יידן האָבן געהאט א שם. דראגאָמירעשט גופא איז געווען א סינאָנים מיט ייִדישקייט, גמראשאפט, חסידישקייט ...

דראגאָמירעשט איז א שטעטל, פארוואָרפן צווישן די מאראמאָרעשער קארפּאטישע בערג, צו וועלכן מע קאָן אָנקומען בלויז מיט א פערד־געשפּאן. קיין באן פאָרט דאָרט נישט אדורך. וואָס זאָל איך געווען וויסן

פון פריער? אמת, דאָס האָט געהאט א שם מיט א ישיבה, אין וועלכער בחורים האָבן געלערנט תורה. אמת, עס איז נישט געווען קיין גאָר צוצי־ענדיקער שם, אָבער דאָך א מקום תורה. אוודאי האָט געהאט א גרעסערן שם די ישיבה פון „דעווישעוועס", פון וואו מע האָט זיך געקאָנט דער־ווארטן א דיפּלאָם אויף רבנות, א הורמינא, אָדער ווי מע זאָגט, התרת־הוראה. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז סע האָט זיך שוין א ביסל באנאליזירט, ווייל „צו פיל" האָבן באקומען דאָרטן התרת־הוראה... אמת, קיין רבנים זענען פון דאָרטן נישט ארוים, ווייל וואו וואָלט מען געקאָנט נעמען אזוי פיל רבנים־פּאָסטנס? איז אָבער דאָך געווען צוצי־עוודיק אזא מין דיפּלאָם, ווי למשל ביי אנדערע א „דאָקטאָר" טיטל. מיט אזא מין התרת־הוראה־דיפּלאָם האָט מען געקאָנט ווערן אן איידעם ביי א גביר, וועלכער האָט זיך געוואָלט „איינהאנדלען" א... גן־איידעם.

פארשטייט זיך, אז א דראגאָמירעשטער ישיבה האָט נישט געהאט פאר מיר אזא צוציעוודיקע קראפט, אָבער דאָך איז עס עפּעס נייס, און דער מענטש האָט תמיד אזא שוואכקייט, א מין נייגעריקייט, צו זען, צו איבערלעבן עפּעס נייס, א ניי אָרטשאפט, א נייע סביבה, א ניי לעבן, וואָס זאָל אויפמונטערן דאָס לאנגוויילי קע מאָנאָטאָנקייט אין וועלכן מען עסט זיך אויף די „טעג"...

מיר האָט מען „צוגעזאָגט" גאָלדענע בערג, אז איך וועל האָבן א גוטע דירה, א גוטע מענגזע, אין וועלכער איך וועל עסן, איך וועל האָבן א צאָל תלמידים וועלכע וועלן מיר צאָלן שכר־לימוד אז איך זאָל האָבן אויף טאשן־געלט, בעסער געזאָגט, אויף צו קויפן א מלבוש, א נייע פּאָר הויזן...

האָב איך טאקע געפאָלגט מיין פאָטערס עצה און אוועקגעשריבן א פּאָסט־קארטל קיין דראגאָמירעשט גלייך צום מרא־דאתרא, אז היות ווי אזוי־און־אזוי האָב איך געטאָן טון הערן, און כדי מקיים צו זיין כי־בוד־אָב, וועלכער איז ביי דער דעה אז איך זאָל פאָרן צו דער ישיבה, וואָס זיין תורהדיקער כבוד טוט אָנפירן מיט רום און לויב לכבוד התורה און איינצופלאנצן יידישקייט אין די יונגע הערצער פון די תלמידים, בעט איך מחילה פאר דער טירחא, אז ער זאָל מוחל זיין מיר מודיע זיין,

דורך זיין גבאי, אויב איך קאָן קומען און טאקע דאָרט געפינען אזוי ווי מע זאָגט מיר צו...

פארשטייט זיך, אז מיין בריוול איז געווען א שיין מליצהדיק לשון־קודש בריוול, מיט ציטאטן פון אלעם וואָס איך האָב ביז דעמאָלט געהאַט געלערנט כדי צו „ווייזן" אז איך בין א לערנער (זאָל מען מיר מוחל זיין אז איך וועל דערמאנען נישט מיט קיין גאווה־געפיל, חלילה, איך קאָן שווערן אז איך טו עס נישט צוליב אליינבארימעריי, אויך נישט היינט, ווען איך האָב נאָך אלץ די דאָזיקע שוואכקייט פאר ציטאטן, אמת, נישט אלע מאָל פון ראשונים נאָר אויך צו מאָל פון „אחרונים" ווי להבדיל קארל מארקס, לענין, און אמאָל אויך פון סטאלין, י"ש, אָ־דער אן אנדערער גדול, וואָס האָט „אָנגעמאכט" ווערק אויף צו קלייבן ציטאטן. דאָס טו איך נישט אלע מאָל צוליב „ארויסווייזן" אז איך בין א וואוילער לערנער. הגם מע מעג דאָס טון. אדרבה, לויט א מימרא אין דער גמרא, איז מען אפילו מחויב צו זאָגן אויף אן אָרט וואו מען איז נישט באקאנט, אז מען איז א לערנער ... כדי מע זאָל געבן כבוד? און פאר וואָס נישט?! מע גיט דען דעם כבוד פאר מיר, פאר מיין ווייניקייט, וואָס היינט בין איך נאָך דאָ און מאָרגן ווער ווייסט ווען, אל תפתח פה לשטן, שוין אויף יענער וועלט? — מע גיט דאָך אָפּ דעם כבוד פאר דער תורה, און ווען סע האנדלט זיך וועגן כבוד־התורה, איז ווי באוואוסט, טאָר קיינער נישט מוחל זיין אויף איר כבוד!). האָב איך געוואָלט ווייזן פאר מיין קומענדיקן ראָש־הישיבה, אז איך האָב וואָס צו ווייזן, אז איך בין טאקע דאָס אָדער אזעלכער אָדער דער וועגן וועמען ער האָט געהערט, און מחמת דעם האָט ער מיך פארבעטן צון אים... און אחוץ דעם, אחוץ אליינבארימעריי, קאָן איך זאָגן אז איך באניץ די ציטאטן אויך פון מיין הנאָה וועגן. דאָס איז געוואָרן אזא מין ליידנשאפט, ווי להבדיל די משקה ביי א שיכור, אָדער קאָרטן ביי קאָרטן־שפּילער... איך גופא האָב הנאָה ווען סע געלינגט מיר צונויפצופּאָרן א „גוט־וואָרט", א חכ־מהלע, פון לויטער ציטאטן...

נאָך א וואָך צייט האָב איך באקומען תשובה. יאָ, עס איז טאקע אלעם אזוי ווי מע האָט מיר צוגעזאָגט בעל־פּה, איצט האָב איך שוין אויך א געשריבענע הבטחה. יאָ, ער איז מיר אויך מבטיח אז איך וועל

מיך גוט געפינען אין זיין „שאָטן‘‘ און האָפט צו זיין ליבן נאָמען, אז איך וועל ביישטייערן מרביץ תורה צו זיין בישראל... יאָ, איך וועל האָבן א גוטע מענזע און אויך תלמידים, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעזאָגט טייל אז זיי קומען ווידער און טייל אז זיי קומען צום ערשטן מאָל, וועל איך זיין דער בעסטער חזר-בחור ביי אים, מיט פרנסה בריווח. יאָ-יאָ, אזוי איז טאקע געווען געשריבן, „פרנסה בהרחבה‘‘...

דאָס איז נישט קיין קלייניקייט פאר אזא בחור. פרנסה בריווח? ווער האָט אין מאראמאָרעש פרנסה בריווח, ווער האָט אין ק‘‘ק דראגאָמירעשט פרנסה בריווח?! איז דארף מען עס נישט נעמען וואָרט-ווערטלעך, אזוי ווי עס איז דאָ געשריבן, נאָר מע דארף עס נעמען מער „מעטאפאָריש‘‘. מע דארף געדענקען די פראָפאָרצן. אָבער א צוזאָג איז עס דאָך.

אגב, וועל איך דערמאנען דאָ, אז איך בין שוין געווען פון פריער א ביסל א שטיקל „פארדינער‘‘, אויף עטלעכע וואָכן איז מיין שוואָגער קראנק געוואָרן, נישט פאר קיינעם געדאכט, האָב איך אים געהאלטן זיין אָרט, כדי די תלמידים זאָלן נישט ארומגיין בטל... די בעלי-בתים האָבן מיך געקאָנט. דער רב איז געווען ביי דער זעלביקער מיינונג און האָט מסכים געווען אז ביז וואָס וועט, זאָל איך לערנען מיטן שוואָגערס תלמידים. אָבער וועגן דעם וועל איך מסתמא דערציילן שפעטער, ווי אזוי איך בין כאָטש אויף א שטיקל צייט געווען א מלמד אָן מיין ווילן. אמת, נישט אין דער שטאָט סיגעט נאָר א קלענער שטעטל פון מאראמאָרעש, אָבער וועגן דעם, ווי געזאָגט, א ביסל שפעטער.

מיט אזא מין תשובה, פול מיט צוזאָגן פון „פרנסה בריווח‘‘ האָב איך זיך נאָך סוכות געלאָזט אין וועג אריין. בין איך געפאָרן מיט א בויד, וואָס האָט אויסגעזען פונקט אזוי ווי מע קאָן זען אויף די דעקלעך פון די אלטע אויסגאבעס פון מענדעלע מוכר-ספרים ווערק, אפילו אויך יענעם ייד וואָס טרייבט אונטער די פערדלעך מיט א נעבעכדיק בייטשל, אויף יענעם געמעל ביי מענדעלען, אויך נאָכגייענדיק צו פוס נאָך דער בויד. דער חילוק איז נאָר, וואָס דאָרט, ביי מענדעלעס ווערק, רעגנט נישט...

בין איך געפאָרן א גאנצן נאָכמיטאָג, אויפן נישט ברוקירטן געגנטלעכן שליאך, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן די מאראמאָרעשער באוואלדעוועטע בערג. דאָס הייסט אז סע האָבן זיך אויסגעטרייסלט די געדערים זיצנדיק אין דער בויד און די געהירן אין קאָפּ, ביז ... מען איז דערפאָרן — קיין דראגאָמירעשט?! חלילה, וואָס איילט איר אייך? אזוי גיך ווילט איר אָנקומען קיין דראגאָמירעשט, מיט וואָס, מיט אן אויטאָמאָביל? מע פאָרט דאָך מיט א בויד, א שווערע סקריפּנדיקע בויד, איבערגעדעקט מיט א טאגן, צי מיט א צעריסענער דעק, געמאכט פון צעריסענע לײלעכער, ווי אָפּגעניצטע טליתים, נאָך ווע͏לכע סע הענגען נאָך צויטן ווי ציצית, וואָס וואָלט געדארפט — אָבער דאָך נישט געשיצט פונעם רעגנדל וואָס האָט אָנגעהויבן טריפן, קודם פויל טראָפּן נאָך טראָפּן, דערנאָכדעם האָט עס געגאָסן ווי פון ציבערס, אזוי ווי סע רעגנט אין סיי וועלכער בארגיקער געגנט נישט בלויז אין מאראמאָרעש הארבסט צייט, נאָך סוכות ... זענען מיר דערפאָרן קוים ביז סטרימטערע. דאָ האָט דער בעל-עגלה זיך אָפּגעשטעלט. קודם האָט ער אויפגעהערט באָמבלען זײן לערנען תורה, אָדער תהילים זאָגן, ווײל א מאראמאָרעשער יידישער בעל-עגלה פארלירט נישט אזא טייערע צייט מיט דברים-בטלים, נאָר איז עוסק אין לערנען תורה, אויסנווייניק, אונטערטרייבנדיק מיט דער בייטש די פוילע מאָגערע און אויסגעהונגערטע פערדלעך ... האָט ער, הייסט עס, מפסיק געווען פון זײן לערנען, אָפּגעשטעלט די פערד, און אָנגעקלאפּט אין א פענצטער:

— העי, עפנט די טיר! — האָט ער באפוילן, גלייך ער וואָלט אָנגעקומען צו זיך אהיים — איך האָב געברענגט געסט ...

— ווער איז? — האָט מען געפרעגט פון אינעווייניק, און מע האָט נישט געקאָנט דערקאָנען אויב עס איז א מענעריש צי א פרויען קול — איך קאָנט נישט לאָזן שלאָפן די „וועלט" און וועקט אויף צו חצות שלעפעריקע מידע מענטשן?!

— דאָס בין איך — האָט דער בעל-עגלה געענטפערט — פראָים!

די טיר האָט זיך שפּעטער מיט עטלעכע מינוט געעפנט און סע האָט זיך באוויזן א פרוי, איינגעהילט מיט א גרויסער שאל, איבער דעם שלאָףהעמד:

— קומט אריין, וועט איר אייך אָנוואַרעמען — האָט זי שוין גע־זאָגט מכנים־אורחימדיק. זי האָט דאָך געזען אז אין דרויסן ליאַפּעט א גאָס־רעגן — די פערד טרייבט אריין אין שטאָל...

הייסט עס, אז דאָ איז נישט קיין צופאַליק הייזל, נאָר א מין גאָס־פּעדע, וואו דער בעל־עגלה ווייסט שוין אז אין אזא פאַל קאָן מען דאָ איבערנעכטיקן, עפּעס נעמען אין מויל אריין און גאַנץ פרי פאָרן ווייטער...

הונגעריק בין איך אויך געווען, ווי די איבעריקע רייזנדיקע, אָבער איך וועל אויסזאָגן דעם אמת, איך בין מער געווען מיד, שלעפעריק, ווי הונגעריק. איך האָב געפּרוּווט עסן פון די טשיפּקעלעך מיט פּאַ־סאָליעס, וואָס מע האָט אונדז געגעבן, אָבער איך האָב עס איבערגעלאָזט (מע האָט עס נישט ארויסגעשיט. מע האָט עס צוריק אריינגעשיט אין טאָפּ, סע וועט זיין גוט פאַר אנדערע, אפשר מער הונגעריקע ווי מיר זענען!). איך האָב זיך אויסגעשטרעקט אויפן דיל, אונטערגעלייגט א פּויסט, אָנשטאָט א קישן, און גענומען שלאָפן כאָטש אזוי פיל וויפל עס איז נאָך איבערגעבליבן ביזן ווייטער פאָרן.

וויפל מיר זענען שוין אָפּגעפאָרן און וויפל עס איז נאָך איבער־געבליבן ווייטער צו פאָרן כדי אָנצוקומען קיין קהילה־קדושה דראַגאָ־מירעשט, דאָס האָב איך דאָך נישט געוואוסט. איך בין קיין מאָל נישט געווען אין דאָזיקן העק, וואוהין אפילו קיין באַן קומט נישט אָן... אפילו היינט, נאָך דעם ווי איך בין שוין „אויסגעווען א וועלט", ווייס איך נאָך אלץ נישט ווי אזוי מע פלאָנטערט זיך אוים צווישן יענע בערג פון דער דאָזיקער באַרגיקער געגנט, וואָס וועט מסתמא קיין מאָל נישט האָבן די זכיה צו האָבן א באַן, ווי אנדערע שטעטלעך האָבן א צוגאַנג.

אין דער פרי, דאָס הייסט, איידער סע האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט אונדז דער בעל־עגלה ארויסגעטריבן פון אונדזער געלעגער. ער מוז ווייטער פאָרן, ווייטער, ער מוז אָנקומען אהיים, דאָרט וועט ער דאווענען...

זענען מיר געפאָרן.

ארום אזייגער צען פאַר מיטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין דראַגאָ־מירעשט. האָב איך גענומען דאָס — נישט רענצל. קיין רענצל האָב איך נאָך נישט געהאַט דעמאָלט, איך האָב נישט פאַרמאָגט אזא טייערן חפץ,

פונקט אזוי ווי קיין שום ישיבה-בחור מיינס גלייבן האָט אזעלעכס נישט געהאט. איך האָב געהאט א קופערטל. דאָס הייסט א הילצערן קעסטל, ווי א רעקרוט וואָס גייט אין מיליטער-דינסט, וואָס דאָס קעסטל אליין רייסט אראָפּ די הענט פון דער אייגענער משא, בפרט אז מע האָט נאָך א ביסל וועש, תפילין, עטלעכע ספרים, באַרשטן אויף צו פּוצן די שיך, די קליידער, עפּעס געבעקס וואָס די מאמע האָט מיטגעגעבן, כדי מע זאָל נישט פארשמאכט ווערן אונטערוועגנס... בין איך גלייך געגאנגען צום מרא-דאתרא. וואוהין דען זאָל איך גיין?

טרעפט זיך, מעשה שטן, איז דער רב נישט אין דער היים. ער איז געפאָרן קיין דעווישעוועס... אָבער די רביצן ווייסט פון מיר, ווייסט פון מיין אָנקומען. איז זאָל איך מוחל זיין א דאוון טון אָפּ — אזוי האָט זי טאַקע געזאָגט — און איבערכאַפּן אַן איבערבייסן, טרינקען א קאווע מיט מילעך... דערנאָך וועל איך גיין צום גבאי פון דער ישיבה, ר׳ זכריה דאכט זיך, דאָרט וועל איך שלאָפן און עסן ביז סע וועט זיך עפענען די מענזע...

האָב איך געטון ווי אזוי די רביצן האָט מיר געהייסן. איך האָב זיך געשטעלט דאווענען, נאָר כלעבן ווי סע האָט זיך צו מיר גאָרנישט געגלוסט צו זאָגן די געוויינטלעכע שחרית-תפילות. דערזעענדיק זיך אליין צווישן פיר ווענט פונעם בית-המדרש, וואָס אַן אמת איז עס געווען אויסגעצירט מיט געמעלן און „מיזרח-טאָוולען", אָבער ביי מיר אויף דער נשמה איז געווען „אָנגעמאָלן" א זייער נישט היימלעך בילד... עס איז מיר געקומען צו וויינען. נו, האָב איך זיך טאַקע אויסגעוויינט, צווישן די פיר ווענט, אָבער לייכטער איז מיר נישט געוואָרן.

איך וועל מודה זיין, אז פון תמיד האָב איך געפילט א מורא צו זיין אליין צווישן פיר ווענט. נישט דווקא ביי נאכט, פון דעם קאָן קיין רייד נישט זיין. אָבער אפילו ביי טאָג, האָב איך אויך נישט געקאָנט זיצן אליין אין א צימער, בפרט א בית-המדרש, אין וועלכן סע ווימלט מיט נשמות אין אלע ווינקלען, און פאר וואָס נישט אויך מיט שדים און רו-חות, וואָס זענען ארוים אויף געיעג און ווילן כאַפּן עלנטע נשמות, עלנ-טע, איבערגעשראָקענע, ווי איך בין עס איצט... סע האָט זיך מיר אויס-געדאכט אז איך בין נישט אליין דאָ, צווישן די פיר ווענט, הגם איך

האָב קיינעם נישט געזען. נו, וואָלט מען זיך געקאָנט וואונדערן, אז אויב איך האָב געהאט דאָס געפיל אז איך בין נישט אליין. איז דאָך טאקע גוט, וואָס זשע דאַרף איך מורא האָבן, ווען איך בין נישט אליין? איז אָבער די מעשה דאָס וואָס איך בין אליין, נאָר סע דאכט זיך מיר אויס אז איך בין נישט אליין ... ווער זשע איז נאָך דאָ אחוץ מיר, דאָ? פאר וואָס באווייזט ער זיך נישט דער „עמעצער" וואָס איז דווקא יאָ דאָ נעבן מיר, הינטער מיר, און באהאלט זיך אויס אז איך זאָל אים נישט זען? ... אָט פאר וואָס איך בין געווען אזוי דערשלאָגן, אז איך האָב נישט געקאָנט זיך איינשטילן פון מיין געוויין.

שטעלט אייך פיר, איך בין געפאָרן קנאפע פיר און צוואָנציק שעה, בין שוין ענדלעך אָנגעקומען — און דאָך שוין דערפאָרן ... האָב איך נישט געפונען קיינעם דאָ. דער רב איז נישט אין דער היים. אָבער ווי סע ווייזט אויס, איז נאָך קיין איין תלמיד נישט אָנגעפאָרן, איז מיט וועמען זאָל איך רעדן א וואָרט?!

האָב איך צוריק צוזאמענגעוויקלט די תפילין, געטרונקען די קאווע, אָן דעם אז איך זאָל פארבייסן מיט ברויט, און אוועק צו ר' זכריהן ... איך בין דאָך שוין נייגעריק געווען צו זען ... וואָס אייגנטלעך איך האָב געוואָלט זען, ווייס איך נישט. מע האָט דאָך מיר שוין געזאָגט, אז לעת-עתה איז נאָך נישטאָ גאָרנישט וואָס צו זען.

— א גוטן טאָג — האָב איך געזאָגט דער יידינע, וואָס איז געווען אין הויז, וואָס מע האָט מיר געוויזן אז סע וואוינט ר' זכריה — איך בין געקומען ... די רביצן האָט מיך געשיקט צון אייך, אז איך זאָל דאָ וואוינען ביז ...

— יאָ, יאָ — האָט זי מיך אונטערבראָכן מיין היקענדיקע מעשה — מאכט אייך קעמאָד ... לייגט אוועק דאָס קעסטל, מאכט אייך באקוועם. לייגט אייך צו א ביסל אויפן באנקבעטל ביז מיין מאן וועט אהיימקומען ... ער קומט שפעטער ... האָט איר שוין איבערגעביסן?

— יאָ, איך האָב איבערגעביסן ביי דער רביצן — האָב איך גיך געענטפערט, כדי מע זאָל מיר חלילה נישט הייסן ווידער אמאָל דאווע-נען און עסן. איך וויל ליבער מיך „צולייגן" ...

ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען כמעט נאָך מיטאָג. דאָס הייסט אז בסך-הכל האָב איך געשלאָפן א דריי שעה. דאָס איז גע־נוג ווען מען איז אין א ניי מקום און מע ווייסט נישט וואָס סע וואַרט דיך. די נייגעריקייט לאָזט דען שלאָפן מער?

איצט איז שוין ר׳ זכריה געווען אין דער היים. ער האָט געוואוסט מיין גאנצע „געשיכטע״. ער האָט אפילו געלייענט אויך מיין פּאָסט-קארטל צום רב, און אפשר אויך דעם ענטפער פונעם רב צו מיר. אלנפאלס האָט ער געוואוסט מיר צו באשטעטיקן, אויך אָן מיין פראגע, אז אלץ וועט זיין בסדר גמור. איך וועל האָבן תלמידים, זיי זענען נאָך לעת-עתה נישטאָ, אָבער גאָנץ זיכער וועלן זיי קומען...

האָט מען מיר געגעבן צו עסן „וואַרעמעס״, דאָס הייסט מיטאָג. מסתמא האָט מען מיר געוואָלט מאכן א לאקעטקע, מע זאָל מיך גוט מקבל-פּנים זיין, ווי א חשובן גאסט, האָט די בעל-הביתטע געמאכט כרעמזלעך... אוודאי וואָלט מען געדארפט מאכן א יויך מיט לאָקשן (אזוי האָט זי טאקע געזאָגט!), אָבער וואו געפינט מען פלייש? דאָ גע־פינט מען פלייש בלויז אויף שבת...

האָב איך גענומען עסן, קודם א זופּ קארטאָפל, וואָס זענען נישט געווען אונטערגעשלאָגן, ווי מיין מוטער, זכרונה לברכה, פלעג מאכן מיט א ביסעלע סמעטענע, אז עס איז געווען א מחייה צו עסן... די דאָ־זיקע קארטאָפל זענען אויך געווען „אונטערגעשלאָגן״ אָבער אָנשטאָט סמעטענע האָט מען געניצט בוימל. נו, מעגלעך אז א הונגעריקער וואָלט זיך אויך מיט דעם צופרידן געשטעלט. בין איך אָבער נישט געווען הונגעריק, הגם איך האָב כמעט גאָרנישט געגעסן שוין העכער פיר און צוואנציק שעה. איך בין געווען מער שלעפעריק ווי הונגעריק און נאָך מער נייגעריק צו זען, וואָס סע וועט זיין מיט מיין „מזל״...

וואָס נוגע די כרעמזלעך, דארף איך צוגעבן, אז כרעמזלעך האָב איך תמיד ליב געהאט. אויך היינט, ווען איך וויל מיר לאָזן וואוילגיין, וואַרט איך נישט סע זאָל קומען פּסח, נאָר שייל מיר אליין אָן קארטאָפל, רייב זיי אָפּ אויפן רייבאייזן און באַק מיר אָפּ עטלעכע כרעמזלעך, אין וועלכע איך לייג אריין איין אָדער גאָר צוויי אייער, א ביסל זאלץ, א ביסל פּעפּער און — עס געשמאַק.

די דאָזיקע כרעמזלעך זענען געווען אויסגעמישט מיט מעל, דאָס הייסט, אז עס איז געווען מער פּאַפּשויען מעל ווי קארטאָפל, הגם קאַר-טאָפל זענען פיל ביליקער, אָבער דאָס מעל דאַרף מען נישט שיילן און רייבן אויפן רייבאייזן...

נו, האָב איך טאקע געוואָלט עסן, ווייל סוף-כל-סוף האָב איך דאָך איצט שוין געפילט אויך הונגער. האָב איך אָבער נישט געקאָנט עסן, ווייל... אויף די כרעמזלעך האָט די בעל-הביתטע ארויפגעגאָסן א ביסל בוימל... רויעם בוימל, כדי סע זאָל זיין געשמאקער.

מעגלעך אז עמעצן שמעקט אזא מאכל, מיר איינעם נישט. עס איז ווי איבלדיק צו עסן כרעמזלעך וואָס זענען באשמאָלצן מיט רויעם בוימל. סע האָט קיין טעם, בעסער געזאָגט, קיין יידישן טעם און קיין יידישן ריח.

זאָל מען מיר מוחל זיין וואָס איך בארעד יענע בעל-הביתטע. מעגלעך גאָר אז די כרעמזלעך זענען טאקע יאָ גוט געווען, נאָר איך... גיין, מפונק בין איך קיין מאָל נישט געווען ביים עסן. ראשית האָב איך נישט געקאָנט זיין קיין מפונק אפילו ווען איך וואָלט געווען יאָ געוואָלט, ווייל איך האָב זיך דאָך נישט געקאָנט קלייבן אין די עסנס ווען איך בין אויפגעוואקסן ביי פרעמדע טישן. שנית, וואָלט איך יאָ געווען א מפונק, וואָלט איך געווען נישט איבערגעלעבט ביז היינט. פיל פון מיינע חברים, וועלכע זענען יאָ געווען מפונקים, האָבן נישט איבערגעלעבט. איך ווייס נישט אויב ווען זיי וואָלטן נישט געווען קיין מפונקים וואָלטן זיי יאָ געקאָנט איבערלעבן. יעדער האָט זיך דאָך זיין מזל, אָבער איך מיין, אז א צאָל פון זיי, פון וועלכע איך האָב געקאָנט, וואָלטן געווען יאָ געקאָנט איבערלעבן, ווען זיי וואָלטן געווען געוויינט געווען צו ן א הארט, געהארטעוועט לעבן און נישט געווען אזעלכע איבערקלייבער... ווייל איך זאָגן, אז עס איז מעגלעך אז מיר האָט נישט געשמעקט דאָס עסן, אפשר ווייל מיין געמיט איז געווען קאלעמוטנע, אומהיימלעך. א-ליין, אָן א חבר, אין א פרעמדן יישוב...

בין איך ארוים אויף דער גאַס, א קוק טון אהין, אהער... ווי אזוי סע זעט אוים דאָס דאָזיקע שטעטל, אזוי ווי די מרגלים זענען אמאָל געגאנגען אויסקוקן דאָס צוגעזאָגטע לאנד.

האָב איך נישט געפונען גאָרנישט. גאָרנישט וואָס זאָל געווען מיך אינטערעסירן. אַלץ איז געווען מאָנאָטאָן, לאַנגווייליק, פרעמד. אפילו א לייטישער הונט האָט נישט געבילט... די מענטשן זענען געזעסן אויף די פּריספּעס, געקייט שמועסעכצער, ביז סע האָט אָנגעהויבן צו קאַ־פּען א רעגנדל, און אָסיענדיקס, א דינס, קאַפּ־קאַפּ...

און ווי באוואוסט, אז הארבסט צייט איז נישט שווער אז סע זאָל זיך קוים באווייזן דער ערשטער טראָפּן רעגן, די איבעריקע וועלן שוין נאָכקומען. שווערער איז אז סע זאָל אויפהערן רעגענען.

האָב איך זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף א פור, וואָס זאָל פאָרן צוריק, קיין סיגעט...

אויפן היינטיקן לשון וואָלט מען מיך באַשולדיקט אין דעזערטירן, אנטלויפן פון שוועריקייטן, וואָס איז אין די היינטיקע צייטן א חטא... דעמאָלט האָב איך אָבער נישט געוואוסט פון אזעלכע חטאים. דעמאָלט האָב איך געוואוסט פון דער גמראדיקער עצה, אז אויב עמעצן גייט נישט גוט אויף איין אָרט, זאָל ער גיין אויף אַן אנדערן... איך האָב דאָך געמאכט א מקח־טעות, איך בין אריין אין א גאָר נישט אָנגענעמען עסק. איך בין אריינגעפאַלן אין א העק, וואו אפילו קיין וואָקזאַל פון א באַן איז נישטאָ.

...א יישוב אָן א וואָקזאַל?

ווער סע קאָן נישט דאָס קליינשטעטלדיקע לעבן, וואו דער וואָקזאַל איז כמעט דער הויפּט צענטער און הויפּט פאַרווײַלערישקייט פונעם דאָרטיקן לעבן, וועט עס בשום נישט פארשטיין. יענער ווייסט דאָך נישט וואָס סע הייסט ארויסגיין צום וואָקזאַל, זען פרעמדע מענטשן... ניין, נישט „פרעמדע" נאָר נייע. נייע מענטשן, נייע צורות, וואָס קומען אָן אין שטעטל, אָדער לכל־הפחות פאָרן זיי אדורך... דערווייל האָט זיך די באַן אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, די נייע מענטשן קוקן דורך די פענצטער — האָבן אריינגעברענגט אין שטעטל עפּעס „נײַס"... אמת, די באַן פייפט אוים און לאָזט זיך פאַמעלעך אין איר ווייטערדיקן וועג, פירט אוועק מיט זיך די מענטשן אויך, וועלכע האָבן דאָ נישט איבער־געלאָזט מער ווי א „בליק" אָדער אפילו א שמייכל — קאָן מען אָבער וואר־טן אויפן אָנקומען פון דער קומענדיקער באַן, מיט ווידער „נײַע", ווי־

דער נייערע דורכפאָרנדיקע מענטשן, מיט נייע „בליקן'' און אפשר אויך „שמייכלען''...

אָבער — ווען עס איז בכלל נישטאָ קיין וואָקזאַל?!

איז דאָ נישטאָ קיין וואָקזאַל און קיין באַן פאָרט דאָ נישט אַדורך, און קיין מאָל, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט, קיין מאָל הערט מען נישט קיין פייף פון אַ באַן, וואָס זאָל אויפמונטערן דאָס קליינשטעטלדיקע מאָנאָטאָנקייט... איז נישטאָ קיין באַן אפילו אויף צו פאָרן צוריק קיין סיגעט. אויב איך וויל דווקא איצט יאָ צוריק פאָרן קיין סיגעט, דאַרף איך מיר אליין זוכן אַזאַ בעל-עגלה, וואָס וויל מאַכן אַזאַ וועג, אויב אפילו מע באַצאָלט אים. אָבער קאָן איך דען באַצאָלן אַליין אַזאַ הוצאה, ווי צו פאָרן קיין סיגעט?

לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז עס איז פאַראַן אַ פּאָרל, אַ חתן-כלה, וואָס וויל אויך פאָרן קיין סיגעט, זיי זאָלן קויפן „זאַכן'' צו זייער חתונה, איז אויב איך פאַרשטיי זיך מיט זיי איין, איז קאָן מען פאָרן.

האָב איך געזוכט דעם חתן — האָט ער געזאָגט אַז יאָ, ער איז טאַקע גרייט צו פאָרן, אָבער די כלה, זעט איר — מיט די ווייבער איז נישט אַזוי לייכט. ביי זיי גייט עס נישט שנעל, ווי סע רעדט זיך.

גיי איך אַוועק צו דער כלה, רעד איר איין, רעד איר אויס, ביז זי איז ענדלעך אויך מסכים און — אין עטלעכע מינוט אַרום פאָרט זי אויך... פאַרשטייט זיך, אַז די ווייבערישע „עטלעכע מינוט'' האָבן גע-דויערט עטלעכע שעה, אָבער דער באַשלוס צו פאָרן איז גענומען און מסתמא וועט מען אויך פאָרן.

באַצאָלן דעם בעל-עגלה, באַצאָלן מיר בשותפות. דאָס הייסט, אַז איך איינער באַצאָל וויפל דער חתן מיט דער כלה באַצאָלן צוזאַמען... נו, מאַכט מען צו מאָל אויך אַ שלעכט געשעפט. מע קאָן דען אַלע מאָל אַרויס מיט ריווח? איך בין דאָך דער וואָס „אייל'' זיך, נישט זיי. זיי האָבן דאָך צייט חתונה צו האָבן... סע קומען דען די „דריי וואָכן'', די ספירה-טעג, אַז מע זאָל נישט טאָרן שטעלן אַ חופה?!...

האָב איך געזאָגט ר' זכריהן, אַז איך פאָר צוריק... איך וועל אם ירצה השם קומען שפּעטער מיט אַ וואָך, ווען סע וועלן שוין זיין דאָ אויך

אנדערע תלמידים... אָבער ער האָט שוין געוואוסט, אז אויב איך פּאַר איצט וועל איך דאָס דאָזיקע לאנגווייליקע דראנגאָמירעשט מיט זיינע אָרעמע תלמידי חכמים מער נישט זען...

אויפן וועג צוריק האָב איך געהאט „מחלוקות" מיטן פּאָרל... דער חתן האָט געטענהט אז איך זאָל זיי געבן מיין שירעם (דאָס האָב איך דאָך נישט געדארפט זאָגן אז אחוצן קעסטל האָב איך אויך געהאט מיט מיר א שירעם. וועלכער ישיבה-בחור לאָזט זיך ארוים אין א וועג, אפילו אין דער גאס, אָן א שירעם?). איך האָב געטענהט, אז לא-די וואָס איך זאָל האלב פון די הוצאות, ווען איך וואָלט על-פּי יושר געדארפט צאָלן בלויז איין דריטל, זאָל איך אים נאָך געבן דעם שירעם אויך?!...

דער בעל-עגלה, ווי א בעל-עגלה א וויצלער, האָט געוואָלט מאכן א פּשר:

— גיט אוועק די כלה, וועט איר באקומען דעם שירעם...

קודם בין איך רויט געוואָרן פאר בושה פון אָט דעם דאָזיקן חמור-אייזלדיקן וויץ, אָבער דערנאָכדעם האָב איך זיך צוגעוויינט צו דער שטימונג, און טאקע געפּאָדערט:

— נו, יאָ, ווילט איר מאכן א טויש: גיט מיר די כלה, וועל איך אייך געבן דעם שירעם...ביידע אין איינעם איז ביי קיינעם. אָבער זעט איר, דער שירעם איז גוט בלויז ווען סע רעגנט...

איך גופא האָב זיך געוואונדערט אויף מיינע רייד. אין מיין לעבן האָב איך נאָך אזוי נישט גערעדט. אָבער ווי סע ווייזט אויס, בין איך געווען א גליקלעכער, וואָס איך בין ניצול געוואָרן פון אזוי פיל איבער-לעבענישן, פון אזא טרויעריקן קאפּיטל, ווי די רייזעקיין דראנגאָמירעשט, און אין אזא געהויבענער שטימונג, האָב איך שוין נישט געוואוסט וואָס מע מעג זיך דערלויבן רעדן און וואָס נישט.

בין איך געפאָרן ווידער אמאָל איבער פיר און צוואנציק שעה. דאָס מאָל שוין צוריקצוועגס, קיין סיגעט.

... ווען מיין פאָטער האָט מיך דערזען מיטן קופערטל אין די הענט, האָט ער זיך דערפרייט, גלייך איך וואָלט טאקע געקומען פונעם מילי-טער-דינסט. ער האָט מיך ארומגעהאלדזט...

ער האָט מיך נישט געפרעגט, פאר וואָס איך בין צוריק געקומען. ער האָט זיך נאָר באקלאָגט, וואָס וועט ער זאָגן, ווען דער דראגאָמירעש־טער רב וועט אים פרעגן: היתכן?...

ערשט דעם אנדערן טאָג האָב איך אים אויפגעקלערט פאר וואָס איך בין דאָרט נישט געבליבן, אז איך האָב נישט געקאָנט בייקומען דאָס עלנטקייט. אויב ער מיינט אז... קאָן איך צוריק פאָרן.

ער האָט געשמייכלט. ער האָט דאָך געוואוסט, אז אויב איין מאָל שוין געוועזן און צוריק געקומען, איז עס שוין א פארפאלענע זאך, אָבער ער האָט געשמייכלט, און גאָרנישט געזאָגט, ער האָט פארשטאנען אז איך זאָג עס צוליב כיבוד־אָב...

# מלמד אויף א ווייל

ווי איך האָב פריער שוין דערמאנט, האָב איך געמוזט ממלא-מקום זיין אויף עטלעכע וואָכן, ווען מיין שוואָגער איז נישט פאר קיינעם גע-דאכט אוועקגעפאלן קראנק כמעט סוף זמן. און כדי די תלמידים זאָלן נישט ארומגיין בטל, האָב איך מיט דער הסכמה פון די בעלי-בתים און מיין רבי, דער ראש-הישיבה, געלערנט מיט די קינדער...

דאָס איז געשען נישט אין סיגעט, נאָר אין א קלענער שטעטל פון מאראמאָרעש. פאר וואָס שטרייך איך עס אונטער? ווייל עס איז נישט דאָס זעלביקע. אין סיגעט גופא וואָלט איך עס נישט געקאָנט טון, אז איך זאָל „באהערשן" תלמידים פון מיין עלטער, נישט אז איך זאָל מיט זיי לערנען, נאָר זיי צו „באהערשן" אז זיי זאָלן האָבן דרך-ארץ פאר מיר, אז איך זאָל האָבן א גענוגנדיקע אויטאָריטעט, וואָס איז זייער וויכטיק פאר סיי וועלכן לערער, וואָס ווייל נישט אז זיינע תלמידים זאָלן אים אונטערלייגן אונטערן געזעס, אויף זיין בענקל, צוועקעס, קלעפעדיק פאפיר, מיט וואָס מע כאפט פליגן, צי סיי וואָס פאר א לאָס, אז ער זאָל זיך מער נישט קאָנען אויפהייבן פונעם אָרט...

וועלכן מלמד האָט מען דען נישט אָפגעטון אזעלכע שפיצלעך? און נישט נאָר א יידישן בטלנישן מלמד, נאָר סיי וועלכן „לערער", אין די מלוכהשע שולן?!

נו, וועל איך עס זאָגן אז פאר מיין פאָטער האָט מען אזעלכע „שפי-צלעך" נישט אָפגעטון. ער האָט יאָ געהאט אויטאָריטעט. מע האָט זיך נישט דערלויבט צו מאכן מיט אים אזעלכע שפאסן, וואָס זענען איינג-טלעך קיין שפאסן נישט געווען, נאָר פשוטע נקמה-שטיקלעך, אָפצוטון דעם לערער להכעיסדיקע צרות, אז ער זאָל וויסן אז פאר א שלעכטער

באַטע צי פֿאַר סיי וועלכער שטראָף, קאָן מען אויך אים באַשטראָפֿן...

ביי מיין פֿאָטער איז עס נישט געווען דער פֿאַל. ער איז געווען א שטרענגער און גלייכצייטיק א פריינדלעכער חבר פֿאַר זיינע תּלמידים. ער האָט געהאַט א רוט, א רימען, וועלכן ער האָט אָפֿט באַניצט, אָבער דאָס איז נישט געווען מיט קיין שינאה, ווי ביי אַנדערע לערער. והראָיה, אַז סע זענען געווען פֿאַלן ווען תּלמידים, שוין אונטערגעוואַקסענע, אפֿילו שוין חתונה־געהאַטע, זענען געקומען צו אונדז אין געסטעריי, וויזיטירן זייער געוועזענעם „רבי", אים קושן די האַנט, פֿון יראת־הכבוד הגם זיי זענען שוין, ווי געזאָגט, געווען זעלבשטענדיקע, געהאַט אַן אייגענע מישפּחה.

איין מאָל איז צו אונדז געקומען, אָדער בעסער געזאָגט „אַראָפּ־געפֿאַלן", איינער, א געוועזענער תּלמיד זיינער, וועלכער איז שוין גע־ווען א הויכער, פֿיל העכער פֿונעם פֿאָטער, הגם אויך מיין פֿאָטער איז געווען א הויכער (מע האָט אים אויך גערופֿן ביי א צונאָמען: דער לאַנ־גער!), איז ער געקומען ספּעציעל אין וויזיט, אָבער אַרויסגענומען פֿון דער טאַש א ראָלעטקע־מעטער, אָפּגעמאָסטן די הייך און די ברייט פֿון די פֿענצטער, אָן דעם אַז ער זאָל געווען עפּעס זאָגן... שפּעטער מיט צוויי וואָכן זענען אָנגעקומען מיט דער פּאָסט פּאַרטיקע ראָלעטן פֿון דינע הילצערנע שטעקלעך ווי די שוועבעלעך, איינגעוועבטע אין זיי־דענע פֿעדעם. זיי האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין אונדזערע פֿענצטער, ווי צוגעשניטן.

קוים האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער געוועזענער תּלמיד איז איצט א רייזנדער ביי א פֿירמע וואָס מאַכט אַזעלכע פֿענצטער־ראָלעטן...

איך האָב דאָס אונטערגעשטראָכן, כּדי מע זאָל פֿאַרשטיין, אַז מיין אויפֿגאַבע איז נישט געווען קיין לייכטע. איך האָב טאַקע געהאַט די בייטיקע קענטעענישן כּדי צו קאָנען „באַהערשן" גייסטיק די תּלמידים. איך האָב דאָך אויך אַזוי געטון ווי מיין פֿאָטער האָט זיך נוהג געווען. מוצאי־שבת האָב איך מיר פֿירגעלערנט דעם שיעור וואָס איך האָב גע־דאַרפֿט אָנהייבן זונטיק פֿרי, פֿאַר דער קומענדיקער וואָך. ער האָט קיין מאָל זיך נישט אַריינגעלאָזט אין א נייער וואָך, אָן דעם אַז ער זאָל גע־ווען צוגרייטן און פֿאַר זיך גופֿא פֿירלערנען, הגם ער איז געווען א בקי

און געקאָנט לערנען פיל העכער פון דער נייטיקער מדריגה פון זיינע תּלמידים, אָבער א פּרינציפּ איז געבליבן ביי אים „פּרינציפּ‟ ... א מלמד וועלכער רעספּעקטירט זיך, און וויל אז מע זאָל אים אויך רעספּעקטירן, יענער לערנט זיך פּוּר דעם שיעור גמרא און תּוספות כדי נישט צו בלאָנדזשען כאָטש אויף איין רגע („ווי א בלינד פערד אין א בלאָטע!‟ פלעגט ער זאָגן!), ווייל די תּלמידים קאָנען עס באמערקן. ווער סע האָט א ביסעלע דערפאַרונג אין פּעדאַגאָגיק ווייסט אָפּצושאַצן אזא זאך. תּלמידים, יונגטלעכע אָדער כמעט קינדער ווי יונג זיי זאָלן נישט זיין, זענען זייער אויפמערקזאם אויף זייער לערער. ער וועט עס אפילו נישט אנען ווי אזוי מע קוקט אים נאָך, ווי אזוי מע לויערט אויף אים, סיי אויף זיינע קענטעניש, סיי אויף זיינע פּערזענלעכע מעלות צי חסרונות. און אויב איינער האָט אמאָל זיך טועה געווען, וועט ער זיך שוין נישט קאָנען אָפּוואשן און ריינוואשן מיט קיין שום רעכטפאַרטיקונגען. אויב אזא לערער האָט איין מאָל זיך טועה געווען, יענער וועט שוין קיין אויטאָריטעט נישט האָבן, און ווי געזאָגט, א לערער אָן אויטאָריטעט — איז שוין בעסער אז ער זאָל זיך נעמען צון אן אנדערער מלאָכה ... וועט מען מיר מוחל זיין, אז איך וועל אריבערשפּרונגען א צען יאָר, און וועל דערמאנען א שפּעטערן „פאַל‟, ווען איך בין שוין געווען אן אנדער מין „מלמד‟, בעת איך האָב געהאלטן א „לעקציע‟, דאָס מאָל שוין נישט אין קיין חדר, נישט פאר יידישע יינגלעך, נאָר פאר פּאָליטישע טוער ... האָב איך גערעדט, ווי געוויינטלעך מע האָט דעמאָלט גערעדט, וועגן דעמאָקראַטיע, קעגן פאשיזם, וועגן דעם מלך, וועלכער האָט נאָך געקיניגט לויטן ווילן פון גאָט, וועגן דער בילכערער „רעפּובליק‟ איבער א קיניגרייך ... בקיצור עס איז געווען תּיכף נאָך דער (מיר זאָגן „שואה‟, אנדערע זאָגן:) צווייטער וועלט מילחמה. ווען די וויכוחים זענען געווען כמעט „בלוטיקע‟ און אזא איינער ווי איך, א ייד, וועלכער האָט גערעדט רומעניש מיט אן אונגערישן אקצענט, אונגעריש מיט א רוסישן אקצענט, און אויך רוסיש מיט א יידישן אקצענט — נאר אויך דאָס יידישע לשון מיט אָפּטע מאראמאָרעשער דייטשמעריזמען ... אז איך האָב געהאלטן אזעלכע דרשות, זענען זיי פון מיין זייט געווען פאר יענער צייט געוואגטע, און נישט מיט צו פיל זיכערקייט, נאָר געפילט דעם

באָדן וואַקלענדיק אונטער די פיס. והאָ-ראייה, סע האָט זיך געפונען „איינער“ וואָס זאָל פּרואוון מיך „אַריבערלייגן איבער דער קניע“ מיט זיין פראַגע:

— צי ווייסט איר וואָס דער געוועזענער הער מיניסטער-פּרעזידענט האָט געשריבן אין אַ בריוו צו זיין מאַיעסטעט דעם מלך? ...

אַלע מיינע צוהערער זענען געבליבן געפּלעפּט מיט די געעפנטע מיילער, פאַרחידושט — אָט האָט מען אים, דאָס הייסט מיך, געכאַפּט ביי דער האַנט. איך וועל נישט וויסן וואָס סע האָט „געשריבן“ דער מי-ניסטער ... נו, אַזאַ איינער איז דאָך פּשוט אַן עם-האָרץ, און אַן עם-הארץ וויל אונדז לערנען פּאָליטיק, וואָס סע הייסט „דעמאָקראַטיע“ וואָס סע הייסט „רעפּובליק“, אַז אפילו דאָס וואָס סע האָט געשריבן דער מיניסטער-פּרעזידענט, אפילו דאָס ווייסט ער אויך נישט ...

גלייבט מיר, איך בין עס מודה אויפריכטיק. איך האָב טאַקע דע-מאָלט נאָך נישט געוואוסט וועגן וואָס סע האַנדלט זיך. איך האָב נישט געוואוסט וועגן וואָס אַ „מעסאַזש“ אָדער „בריוו“ סע וויל וויסן מיין פּראָוואָקאַטאָרישער פרעגער. איין זאַך האָב איך אָבער יאָ געוואוסט, אַז איצט, אין דעם מאָמענט, ווערט דעצידירט דער גורל מיינער. אויב איך וועל איצט נישט „וויסן“ וואָס צו ענטפערן, אָט דעם „פּראָוואָקאַ-טאָר“ און אפשר אויך אַנטיסעמיט, דעמאָלט קאָן איך זיך אָפּזאָגן פון נאָך אַמאָל זיך צו שטעלן דרשענען פאַר אָט די פּשוטע, ערלעכע, אפשר אויך נאַיווע צוהערער מיינע, וואָס איצט שלינגען זיי מיינע ווערטער מיט ערלעכער דורשטיקייט, ווייל איך רעד צו זייער נשמה, אָן פּליטער-לעך, נאָר מיט אויפריכטיקער באַשיידענער איבערגעגעבנקייט, ווי מע זאָגט, ווערטער וואָס קומען אַרויס פונעם הארץ און גייען אַריין אין הארץ ... בלויז איין פראַקציע פון אַ סעקונדע האָט זיך געוויקלט פאַר מיינע אויגן דער „פילם“, ווי אַזוי וועל איך אויסזען, נאָך אָט דעם אינ-צידענט? מיט וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך זיך נאָך קאָנען שטעלן האַלטן אַ לעקציע פאַר אָט די מענטשן, וועלכע זענען איצט אין גאַנצן אויף מיין זייט, אָבער אָט, אין דער דאָזיקער סעקונדע קאָן איך זיי פאַרלירן אויף מיין גאַנץ לעבן.

אין דאָזיקן מאָמענט האָב איך פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דעם תּלמודישן זאָג: זאָלסט וויסן וואָס צו ענטפערן פאַר אַן אפּיקורס... דאָ האָב איך נאָר געדאַרפט פּאַראַפראַזירן און זאָגן וואָס צו ענטפערן פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר... אויף אַ קלאָץ־קשיא — גיט מען אַ קלאָץ־ענטפער.

האָב איך זיך אויסגעדרייט מיט העזה צום פּראָוואָקאַטאָרישן פרעגער, און אים אַ שמיץ געטון אין פּנים אַריין, ווי מע וואַרפט איינעם אַ נאַסע שמאַטע:

— צי ווייסט דער חשובֿער פרעגער — איך האָב איראָניש אונטער־געשטראָכן דאָס וואָרט „חשובֿער פרעגער‟ אָדער „אינטערפּעלירער‟ — וואָס זיין מאַיעסטעט דער מלך האָט געענטפערט פאַרן געוועזענעם מיניסטער־פּרעזידענט?! ...

ווי נאָר איך האָב אים אַ שליידער געטון מיין חוצפּה מיט דער דאָ־זיקער קעגן־פראַגע, האָב איך פאָרגעזעצט מיין לעקציע, גלייך דער גאַנ־צער אינצידענט וואָלט געווען גאָרנישט פאָרגעקומען, און עס איז בכלל גאָרנישט געשען. און באַוואוסט איז, אַז מע האַלט פאַר נישט פאָרגע־קומען אַ געווים געשעעניש, אין אַזאַ פאַל, איז עס טאַקע נישט פאָרגע־קומען, און מע דאַרף זיך פון דעם נישט מאַכן קיין צימעס... אָבער אויף די פּנימער פון מיינע צוהערער, וועלכע זענען געווען אויף מיין צד, זיי זענען דאָך געווען כּמעט פאַרזאָרגט מער פון מיר, ווען זיי האָבן דערהערט די פּראָוואָקאַטאָרישע פראַגע, איז אויף זייערע פּנימער גע־וואָרן אויסגעשפּרייט אַ שמייכל, אַ מין זיגערישער שמייכל, ווי איינער רעדט: אָט, דער לעקטאָר ווייסט פיל מער פונעם „פרעגער‟... נישט נאָר דעם „בריוו צו זיין מאַיעסטעט‟ נאָר אויך דעם ענטפער!... אָט דאָס איז געווען אַ זיג איבער אַ קעגנער, וועלכער האָט געגעבן אַ פויסט נישט שפּאָרטמעניש, ווי מע זאָגט אין באָקס, אונטער דעם גאַרטל... האָב איך אים באַזיגט און מיין „אויטאָריטעט‟ האָט נישט געליטן.

דאָס איז געווען שפּעטער מיט אַ צען יאָר. דאָס הייסט, אַז נישט נאָר בין איך געווען „קליגער‟ נאָר מיט מער דערפאַרונג און געוואוסט אַז מע קאָן זיך „אַרויסדרייען‟ פון אַן ענטפער וואָס מע ווייסט אים נישט צו געבן, און דאָך צו זיין דער זיגער.

איצט, ווען איך בין געווען אין א מצב צו זיין א שטעלפארטרעטער פון א מלמד אין אן עלטער, וואָס איז געווען כמעט דער זעלביקער מיט זיינע תלמידים און דאָס זענען נישט קיין ישיבה-בחורים, וועמעס חזר-בחור איך זאָל זיין, וועלכע לעבן אונטער א השגחה פון א ראָש-הישיבה, פון א רב — נאָר איך גופא דאַרף זיין זייער לערער, אָבער אויך „זשאַנ-דארם", אָט דאָס איז שוין א ביסל שווערער.

יאָ, נאָך איין חסרון האָב איך געהאט: בעת דער געוועזענער מלמד האָט מסתמא ווי אלע מלמדים, זיך געקאָנט באַניצן מיט א רוט אָדער א רימען, אָט דאָס קאָן איך נישט. נישט ווייל אין בין חלילה אזא „צדיק", נאָר פשוט ווייל אויב איך וועל בלויז פרואוון עמעצן צו שלאָגן, וועט זיך אויסלאָזן, גאַנץ זיכער, אז איך וועל ארויסגיין דער געשלאָגענער...

איז האָב איך געמוזט געפינען אזא מעטאָד, וואָס זאָל זיין מער מיט גוטן ווי מיט ארויפגעצוואונגענער דיסציפלין. מיט גוטן אָבער דאָך שטרענג. עס איז שווער? יאָ, עס איז טאַקע שווער, אָבער איך האָב מיר אָפגעגעבן חשבון אז אזוי מוז איך מיך מיט זיי באַגיין אויב איך וויל פארענדיקן דעם זמן, פון וועלכן עס איז נאָך איבערגעבליבן א פיר-פינעף וואָכן.

אָבער אזוי ווי איך דערצייל דאָ נישט וועגן מיינע פּאדאגאָגישע פעיקייטן אָדער גאָר אפילו דערפאָלגן, איך דערצייל דאָך מיינסט וועגן מיינע „טעג" וואָס איך האָב מיר „אויפגעגעסן", איז וועל איך זאָגן, אז די „טעג" זענען איצט נישט געווען קיין באשטימטע, דאָ זאָל איך עסן זונטיק און דאָרט מאָנטיק, ווייל בעלי-בתים האָב איך דאָך געהאט מער ווי זיבן, וויפל „טעג" סע זענען פאראן אין איין וואָך — איז האָב איך געגעסן לויט א „גראפיק", ביי יעדן בעל-הבית א טאָג, וועגן וועלכן ער איז געוואָרן פארשטענדיקט דורך מיר, דורך זיין זינדל, מיין תלמיד. דאָס הייסט, אז היינט האָב איך אָנגעזאָגט, אז קומענדיקע וואָך אין דעם און דעם טאָג וועל איך עסן ביי אייך...

איז אָבער געשען אין א טאָג אן אינצידענט (וואָלט דען דאָס לעבן בכלל געהאט עפּעס א טעם, ווען סע זאָל „אין א טאָג" נישט געשען קיין שום אינצידענטן?!). איך האָב אָנגעזאָגט אז... ניין, נישט קומענדיקן שבת, נאָר דעם אנדערן, נאָכן קומענדיקן שבת, כדי מע זאָל צייט האָבן

זיך צוגרייטן, האָב איך אָנגעזאָגט אז איך וועל עסן, לויט סע קומט די ריי ביי א בעל־בית, לאָמיר אים אָנרופן ר' שמעיא.

... גייט נישט אדורך קיין צען מינוט, ווי איך האָב אָנגעזאָגט די אָ פריילעכע בשורה, אז איך בין דער גאַסט אויף שבת פון יענעם ר' שמעיא, און איך דערזע מיך מיט אן איבערפאַל:

— וואָס מיינסטו? — האָט ער זיך צעשריגן אויף מיר, גלייך ער וואָלט גערעדט מיט, נישט א „רבי'', נאָר א האַלץ־העקער — איך וועל מיך לאָזן באַליידיקן פון א שנעק? ...

איך האָב מער נישט געהערט וואָס ער האָט צוזאַמענגערעדט אין זיין רוגזה. איך האָב דאָך געהאַט פאַר מיר נישט קיין מיושבדיקן מענטש, נאָר אן אויפגערייצטן רינד, ווען ער זעט א רויט טיכל. ער האָט דאָך שוין נישט געוואוסט וואָס ער רעדט, ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּקילן.

אָבער אז ער האָט געזען אז איך ענטפער גאָרנישט, אז איך בין רויט געוואָרן ווי א בערעק, אָבער איך האַלט זיך איין אים נישט אקעגנצורעדן, האָט ער געביטן דעם טאָן.

איינגנטלעך, וואָס האָב איך אים געהאַט וואָס צו זאָגן? אז איך האָב נישט געטון עפּעס אנדערש ווי רעספּעקטירט דעם געפּלאַנירטן „טאָג'', אז עס איז געקומען זיין ריי. אדרבה, זאָל ער אויסרעכענען וויפל טעג סע זענען אדורך זינט סע האָט געגעסן ביי אים דער געוועזענער מלמד. וועמעס אָרט איך בין ממלא, וועט ער דאָך ... אָבער איך האָב געשוויגן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אריין אין די רייד פון א גראָבן יינג, וועלכער זאָגט מיר „דו'', ווי קיינער רעדט מיט מיר נישט דאָ, ער זאָגט מיר נישט אנדערש ווי „שנעק'' און נאָך אין אָנוועזנקייט פון די תלמידים ... דאָס איז דאָך שוין א גראָבער יינג, וואָס ווייסט נישט צו האַלטן בכבוד א תלמיד־חכם אויך ווען ער איז יונג ווי איך אין מיינע יאָרן. האָב איך געשוויגן און אים געקוקט גלייך אין די אויגן, אז ער זאָל זען, אז נישט איך דאַרף מיך שעמען, נאָר ער ...

אָבער ער האָט זיך באַלד אָפּגעקילט און מיר געזאָגט, שוין מיט אן איבערבעטערישן טאָן, אז ער האָט גערעדט מיט אן אנדערן בעל־בית, מיט איינעם ר' אייזיק, איז ביי אים וועל איך עסן קומענדיקן שבת ...

... לאָזט זיך אוים א מעשה, אז ביי אים האָב איך געגעסן דעם קו־מעדיקן זונטיק, מע האָט מיך זייער שיין אויפגענומען (ער האָט גע־האַט א טאָכטער, א קאַנדידאַטין א כלה צו ווערן!), אדרבה ואדרבה...

איי, מע האָט מיך נישט געוואָלט אויפנעמען אויף שבת? איז דאָס געווען, ווי איך בין עם שפּעטער געוואויר געוואָרן, ווייל ער האָט מורא געהאַט צו האָבן ביי זיין טיש, אויף שבת, איינעם וואָס קאָן אים כאַפּן אין גרייזן סיי ביים קידוש און סיי ביי די זמירות, און דאָס קאָן אפשר שאַדן טון צום קומענדיקן שידוך.

האָב איך געגעסן שבת ביי ר' אייזיקן, וועלכער האָט אָנגענומען באהבה אז ער זאָל „ראַטעווען'' יענעם וואָס האָט זיך נישט געוואָלט שטעלן אין סכנה מיט זיינע „אומקענטעניש''. דאָ, ביי ר' אייזיקן, האָב איך זיך גוט געפילט. עס איז געווען א בעל־בתישער ייד, א שטיקל לערנער, וואָס האָט פאַרשטאַנען אן עסק. ער האָט געהאַט אויך קינדער געראָטענע, נאָר... איינער פון זיינע זין האָט „שטודירט'' אין בערלין (נישט „געלערנט'' נאָר שטודירט!). אמת, בלויז איין זמן האָט ער דאָרט געלערנט, דאַכט זיך אין א ראַבינער־סעמינאַר, אָבער אז דאָרט איז געקומען צו דער מאַכט יענער ברוינער מנוול, האָט זיין זון זיך צוריק געקערט קיין מאַראַמאָרעש, אָבער ער האָט מער שוין נישט „געקאָנט'' רעדן קיין יידיש, נאָר... דייטש.

אָבער וועגן דעם וועל איך דערציילן א זייער אומאָנגענעמען עפּי־זאָד א ביסל שפּעטער. איצט וועל איך דערציילן ווי אזוי איך האָב מיר געגעסן די „טעג'' און שיער־שיער מיר נישט פאַרלאָרן דעם „קאָפּ'', ווייל ווי יונג איך זאָל געווען נישט זיין, האָט מען מיך שיער נישט פאַר־שדכנט... און נישט סיי וואָס פאַר א שידוך, נאָר א מיוחס, שיער בין איך געוואָרן ביים שוחט אן איידעם.

געשען איז עס אזוי. איינער פון מיינע תלמידים, אמת נישט קיין נאַר, אָבער — א ביסל א צו גרויסער חכם. און באוואוסט איז, אז וואָס „צו'' איז איבעריק. דאָס הייסט אז צו גרויסער חכם איז אויך נישט גוט צו זיין... האָט ער אָבער יאָ געפּרואווט זיין א גרעסערער קענער פון מיר. איין מאָל, ביי מיין א פירלערנען דעם שיעור, טאַקע אין א זונטיקדיקן פאַרמיטאָג. האָט ער מיך אָפּגעשטעלט מיט א קשיא און דערנאָכדעם

ווידערשפעניקט, אז עס איז נישט אזוי ווי אזוי איך זאָג, אז עס איז אזוי ווי אזוי ער זאָגט, ביז מיר האָבן ביידע שוין נישט גערעדט נאָר געשריגן... אמת, איך בין אויך באנאנגען נישט קיין קליין נארישקייט. שרייען דארף מען נישט. אדרבה, אויב דו האָסט רעכט, איז געגוג צו רעדן געלאסן, ווייל וואָס מער געלאסענער סע רעדט א מענטש, וואָס שטילער ער רעדט, אלץ בעסער ווערן אויסגעהערט זיינע רייד. זאָגט דאָך שלמה המלך אין משלי, דאכט זיך, אז „די רייד פון א חכם ווערן געהערט אין דער שטיל". האָב איך זיך ארויסגעוויזן פאר א נישט־חכם, און זיך ארייגעלאָזט אין א וויכוח וואָס האָט מיר קיין כבוד נישט געבראכט. שטעלט אייך פיר, אז פאר א דריי צענדליק תלמידים, ווען דער „רבי" זייערער איז נישט פיל עלטער פון זיי, באהערשט ער זיך נישט און שרייט. וואָס ער שרייט איז דאָך נישט וויכטיק, עס איז גע־נוג אז ער שרייט, ווייל ער וויל „איבערשרייען" א תלמיד. איז עס נישט קיין שטות?! ... האָב איך שוין נישט געקאָנט פארענדיקן דעם „וויכוח", האָב איך דערקלערט: גייט עסן מיטאָג...

פארשטייט זיך, אז דאָס איז נישט קיין לעזונג פאר א וויכוח, אָבער געענדיקט האָב איך דערוויל מיטן געשרייערײ.

מיך האָט עס געגרימט אין די געדערים. אָבער אויך דער תלמיד האָט זיך נישט געלאָזט. ער איז, ווייזט אויס, נישט געגאנגען אהיים עסן מיטאָג, נאָר אריבערגעגאנגען צום שוחט, ער איז דאָך לויט זיין פונקציע געווען אָדער געדארפט זיין דער גרעסטער קענער פון יענעם שטעטל, און האָט אים פירגעלייגט אונדזער וויכוח. וואָס דער שוחט האָט יאָ געזאָגט אָדער וואָס ער האָט אים נישט געזאָגט, דאָס וויים איך נישט. איין זאַך וויים איך אָבער יאָ, אז דער תלמיד איז געקומען נאָך מיטאָג אין חדר אריין און האָט מער נישט געשטעלט קיין שום קשיות נישט. הגם איך האָב געוואָלט אז ער זאָל עס יאָ שטעלן. איצט בין איך דאָך שוין געווען בעסער צוגעגרייט אים אויפצוקלערן אָן דעם אז איך זאָל דארפן שרייען, נאָר פשוט אים איבערצייגן ווי אזוי איך בין גערעכט, מערער ווי איך האָב עס געקאָנט טון פאר מיטאָג. האָט ער אָבער נישט געפרעגט. האָב איך געעפנט די דיסקוסיע און געהייסן דווקא אים איבער־חזרן דעם שיעור... צו מיין איבערראשונג, האָט ער איצט נישט ווּסנדיק

געמאכט זיך, און געזאָגט אזוי ווי איך האָב אים געזאָגט פאר מיטאָג, נישט אזוי ווי ער האָט עס געהאלטן שטאָל און אייזן, אז ער איז גע-רעכט ... האָב איך געשוויגן, נישט געוואָלט עפענען די „וואונד" בפרט אין דער אַנוועזנקייט פון די איבעריקע תלמידים, אָבער ווען סע האָט זיך געענדיקט דער טאָג און אלע תלמידים זאָלן זיך צעגיין, האָב איך אים אויפגעהאלטן כדי צו רעדן מיט אים צווישן פיר אויגן ... ערשט דעמאָלט האָט ער מיר אויפריכטיק געזאָגט, אז ער איז געווען ביים שוחט, וועלכער איז זיין א פעטער. ער האָט אים געזאָגט וועגן אונדזער וויכוח און יענער האָט מיר געגעבן גערעכט. אדרבה, ער האָט אים אָפּגעשגצט אז ער איז אן עזות-פנים, אפילו ווען ער זאָל געווען זיין גערעכט, האָט ער אויך נישט גענדארפט מיר אקעגנגרעדן אין דער אַנוועזנקייט פון די איבעריקע תלמידים.

אזוי האָט ער מיר אויפריכטיק דערציילט מיט אלע איינצלהייטן און אויך דאָס, אז ער איז מחויב מיך צו בעטן מחילה פארן גאנצן חדר ...

איך האָב אים געזאָגט, אז איך בין אים מוחל, אדרבה, איך האָב אים געלויבט אז ער איז אן אויפריכטיקער און מיר אלעם דערציילט מיט אן אָפן הארץ און דאָס איז שוין גענוג. וואָס שייך די איבעריקע תלמידים, האָב איך אים געזאָגט, דאָס וועט זיי איבערגיין. זיי וועלן זען אז איך בין אן ערנסטער מענטש, נישט דורך זיין מחילה בעטן, נאָר דורך מיין אויפפיר.

מיט דעם האָט זיך דער סיכסוך צווישן אונדז געענדיקט. סע האָט זיך אָבער נאָך נישט געענדיקט דער „סיכסוך" מיטן שוחט ... ער האָט מיך פארבעטן צום אים אהיים, אונטערן אויסרייד צו טרינקען ביי אים א טיי. אָבער איך האָב באלד פארשטאנען אז נישט דאָס איז ער אויסן ... איבעריקנס האָט ער עס טאקע געזאָגט גאנץ אָפן, און דאָס איז פאר מיר געווען מער פיינלעך. ווייל, שטעלט אייך פיר, אז א ייד, א חשובער ייד, א שוחט אין א שטעטל, נידערט אראָפּ א מדריגה, טרעט אויף זיין אייגענעם כבוד, כדי זיך (ווי אזוי זאָל איך זאָגן?!) דערנידעריקן און זיך אַנביטן, בעסער געזאָגט, אָנביטן זיין טאָכטער, וועלכע איז נאָך נישט קיין „מויד" אין די יאָרן, נאָר א יינגעטשקע, אין מיינע יאָרן ...

— איר ווייסט? — זאָגט ער מיר, רעדנדיק פֿאַמעלעך, בכבודיק, גלייך ער וואָלט געשלייפֿט דעם חלף אויפֿן ספּעציעלן שאַרפֿשטיינדל, אפשר אויך שעמעוודיק, אָבער ער „אירצט" מיך — איך וואָלט אייך געוואָלט אָנטראָגן א שידוך... איך וועל אייך זאָגן גאַנץ אָפֿן, סע וואָלט מיר געווען אָנגענעם צו וויסן אז איר וועט אם-ירצה-השם ווערן מיין איידעם...

פֿאַרשטייט זיך, אז דאָס איז געווען פֿאַר מיר אַן איבעראַשונג. אויף אַלעמען האָב איך זיך געקאָנט ריכטן, נאָר אויף דעם איינעם נישט. איך האָב געמיינט אז ער וויל מיט מיר פֿאַרפֿירן א שמועס אין שייכות מיטן וויכוח, וואָס איך האָב געהאַט מיט יענעם תּלמיד, וואָס האָט ביי אים געוואָלט געפֿינען זיין „רעכט", לאָזט זיך אויס א מעשה, אז ער וויל מיך נאָר נעמען פֿאַר אַן איידעם און טאַקע דאָ-אָ מאַכן מיך, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, פֿאַר א שוחט און דיין...

אנו, וואָס קאָן מען ענטפֿערן אויף אַזא פּירלייג, וואָס איז מיר נישט צום האַרץ און אויך נישט צום שכל?!... יאָ קאָן איך נישט זאָגן, הגם איך האָב געקאָנט זיין טאָכטער, זי איז געווען א יפֿהפֿיה, אָבער... בין איך דען געווען גרייט דעמאָלט חתונה צו האָבן ווען איך בין קוים זעכצן יאָר אַלט?! ביי מיר אין קאָפּ האָבן זיך דעמאָלט געבאָמבלט גאָר אַנדערע פּלענער וועגן מיין צוקונפֿט. איך האָב זיך דעמאָלט ארומגעטראָגן מיט חלומות, פּלענער, צו ווערן א... וואָס? איך האָב עס נאָך אויף קלאָר אַליין נישט געוואוסט. אָבער בכל אופן נישט קיין שוחט. האָב איך דאָך נישט געקאָנט זאָגן „יאָ". ווידער צו זאָגן „ניין", וועמען? א בכבודיקן ייד, דירעקט אין פּנים אריין?!... כלעבן עס איז מיר געקומען איינ-צוזינקען פֿאַר בושה, ווען די ערד וואָלט זיך פֿאַר מיר געעפֿנט. בין איך געבליבן עטלעכע סעקונדעס פֿאַרטראַכט, אָבער דער מוח האָט געאַרבעט מיט א געשווינדיקייט, געוויקלט דעם „פֿילם" פֿון דעם ענין אויף אַלע זייטן, כדי צו וויסן ווי אַזוי ארויסצוגיין פֿון אַזא אומהיימלעכן און אומ-אָנגענעמען ענין, סע זאָל זיין בכבודיק מער פֿאַר אים ווי פֿאַר מיר. ביז איך האָב געפֿונען:

— מהע, עס איז פֿאַר מיר א כבוד — האָב איך גערעדט געיישובט, געצויגן די ווערטער כדי צו געווינען צייט, צו געפֿינען די פּאַסיקע רייד — דאָס וואָס איר... אָבער — האָב איך אריינגעשטעלט דעם שמד-

שטיק אין דער יראה, ווי מע זאָגט זיך א ווערטל — בין איך נאָך נישט ביי די „שמונה-עשרי לחופה‘‘... איבעריקנס, בין איך ביי דער מיינונג, אז דאָס וואָלט מען געדאַרפט ליבער איבערשמועסן מיט מיין פאָטער, זאָל לעבן... ווייל, כיבוד-אָב, מהע... איר פארשטייט?

אוודאי האָט ער פארשטאנען. איך מיין אז ער האָט זייער גוט פאר-שטאנען, ווייל ער איז דאָך געווען א ייד א תלמיד-חכם, טאקע דווקא פאַר דעם, וואָס ער האָט געזען פאר זיך אזא „לערנער‘‘ ווי איך בין, האָט ער דאָך טאקע זיך דערנידעריקט און גערעדט מיט מיר דירעקט, נישט געלאָזט זיך באדינען מיט א שדכן. אוודאי האָט ער פארשטאנען פון מיינע רייד אז דאָס איז נישט מער ווי אן אויסרייד, ווי מע זאָגט, א תירוץ פאר די קאטשקעס...

ווידער איך, האָב דען געהאט אין דער מחשבה אפילו זיך דעמאָלט ארײנצולאָזן אין א שידוך? — איך האָב דעמאָלט מיר געמאכט פלענער ווי אזוי זיך צו „פארפולקאָמען‘‘ זיך משתלם צו זיין און ווערן א... איך האָב אליין נאָך נישט געוואוסט אויף קלאָר, וואָס איך דארף ווערן, אלנפאלס האָב איך געחלומט צו ווערן „עפּעס‘‘ אָדער „עמעצער‘‘, אפילו גאָר איבערצומאכן די וועלט, אזוי ווי יעדער יונגטלעכער, אין יענער צייט, אין מיין עלטער, האָט דעמאָלט געחלומט.

אזוי האָב איך מיר אָפּגעגעסן אויך אזעלכע „טעג‘‘, א צייט פון פיר-פינעף וואָכן, ווי א שטעלפארטרעטער פון א מלמד.

וויפל מלאָכות האָב איך דען נישט אויסגעפּרואווט במשך מיין לעבן?!... איז האָב איך געהאט אויך די דאָזיקע דערפארונג.

... יאָ, לאָמיר נישט פארגעסן, אז פריער האָב איך צוגעזאָגט צו דערציילן זייער א פיינלעכן פּאר מיר עפּיזאָד, אין שייכות מיט יענעם יוגנטלעכן, וועלכער האָט „שטודירט‘‘ דייטש און פארגעסן במשך איין איינציקן זמן צו רעדן יידיש.

... שפּעטער מיט העכער דרייסיק יאָר, בעת איך האָב באזוכט יש-ראל, בין איך געווען אין רחובות אין א קאָנפעקציע-געוועלב, אָנגעקוקט מיט מיין א מאראמאָרעשער מיטבירגער די אויסגעשטעלטע פרויען-קליידער. ער האָט געוואָלט קויפן א מתנה פאר זיין פרוי, לזכר זיין וויזיט

אין ישראל. האָבן מיר גערעדט צווישן זיך רומעניש, כדי די מיידלעך, די פּאַרקויפערינס זאָלן אונדז נישט פאַרשטיין. לאָזט זיך אויס, אַז די בעל־הביתטע פונעם געוועלב איז פאַרשטענדיקט געוואָרן, אַז סע זענען געקומען „רומענישע קונים"... קומט זי צו אונדז און איז אונדז מקבל־פּנים:

— פון וואַנען זענט איר? — פרעגט זי מיט אַ מאַראַמאָרעשן יידיש.

— איך בין פון סיגעט, איך הייס „אַזוי" — ענטפערט מיין בן־עיר פאַר אונדז ביידע — און ער הייסט „אַנדערש" און איז פון בוקאַרעשט...

— „אַנדערש"? — זאָגט זי מיט אַן איראָנישן שמייכל — ער איז פון בוקאַרעשט?! איך קאָן אים פון סיגעט...

— ווער זענט איר? — ווער איך שוין ניינעריק — הייסט עס אַז איך דאַרף אויך אייך קענען...

— אַוודאי קענט איר מיך, איר האָט געקאָנט אַוודאי אויך מיין ברודער... ער האָט „שטודירט" אין דייטשלאַנד...

— יענער, וואָס האָט פאַרגעסן צו רעדן יידיש? — האָב איך זי אונטערבראָכן, אָן מיין ווילן.

— יאָ, טאַקע יענער, וועמען איר האָט „געמסרט"...

איר הערט? ווען סע זאָל זיך געווען דעמאָלט עפענען די ערד, טאַקע די הייליקע ישראל־ערד, ווען זי זאָל זיך געווען עפענען, אַזוי ווי זי האָט זיך געעפנט צוריק מיט טויזנטער יאָרן און איינגעשלונגען קורחן, וואָלט איך געווען פרייוויליק דאָרט אריין נישט פאַר בושה, ווייל... בושה איז דאָך נישט שייך צו זאָגן. גלייבט מיר, איך האָב אין מיין לעבן קיינעם נישט געמסרט, שוין אָפּגערעדט במזיד, נאָר אפילו נישט בשוגג. אדרבה, פיל פון מיינע היינטיקע חברים אָדער סתם מיטבירגער זאָגן עס גענוג אָפט, אַז זיי זענען מיך מקנא וואָס איך האָב געהאַט דאָס מזל, יאָ, דאָס באַזונדערע מזל, וואָס אין יענע צייטן, ווען מענטשן (און אויך יידן, אָדער בפרט יידן, זענען אויך געווען אַזעלכע מענטשן און) האָבן געמסרט זייערע אייגענע... בין איך גאָר דעמאָלט נישט געווען קיין „ייד" צווישן „יידן", נאָר געטראָגן אַ מיליטערישן מונדיר... און איצט, דאָ, אין הייליקן לאַנד, שליידערט מען מיר אין פּנים אַזאַ אָנגענעמען קאָמפּלימענט, אַז נישט מער און נישט ווינציקער ווי אַז איך האָב גע־

פארט איר ברודער, וועלכער איז שוין נישטאָ. ער איז אומגעקומען אין אוישוויץ... זי איינע איז געבליבן פון איר גאנצער מישפּחה...

נו, שטעלט אייך פיר אין וואָס פאר א מצב איך האָב זיך געפונען. עס איז כלעבן כדאי געווען צו קומען צו פליען ביז קיין ישראל, כדי איך זאָל געוואויר ווערן אז איך בין א „מסור", האָב געמסרט א ייד...

ווייזט אוים אז זי האָט באמערקט אז סע האָט ביי מיר אָפּגענומען דאָס לשון, ווייל איך האָב נישט געפונען דאָס וואָרט וואָס צו זאָגן, מיט וואָס זיך ריינצוואַשן פון אזא מין הארבן בילבול — האָט זי פירגע־זעצט שוין מיט א שמייכל:

— נו, וואָס? — האָט זי געזאָגט צו מיין בן־עיר — ער מאכט זיך אז ער האָט פארגעסן, אז ער האָט פארמסרט מיין ברודער... ער האָט אויסגעזאָגט פאר מיין טאטע, אז ער איז געווען אין שטראנד, באָדן זיך צוזאמען מיט מיידלעך...

— איך האָב אים פארמסרט פאר אייער פאָטער?! ... — מער האָב איך נישט געקאָנט ארויסרעדן. איך האָב צוריק באקומען דאָס לשון, ווען איך האָב געהערט וועגן וואָס פאר א „מסירה" סע האנדלט זיך. אָבער דאָך איז דער „שאָק" געווען אזוי גרוים, אז איך בין פון דאָרט נישט ארוים אומגעקויפט. איך האָב דאָרט געקויפט א קלייד פאר מיין פרוי, נישט ער האָט געקויפט, מיין בן־עיר, פאר זיין פרוי, הגם ער האָט ביי זיך געהאט געלט און נישט איך. האָט ער עס מיר אויסגעבאָרגט, ווייל איך האָב נישט געקאָנט ארויסגיין פון יענעם געוועלב אומגעקויפט...

שטעלט אייך, איך בעט אייך, אין מיין לאגע: מע זאָגט אייך אין פנים אריין אזא קאָמפּלימענט ווי „מסור"... אפילו ווען עס איז געווען אין שפּאס, האָב איך עס נישט געקאָנט אראָפּשלונגען אזוי גלאטיק.

איך בין געווען דאָרט, אין יענעם געוועלב, אויך דעם צווייטן טאָג, אויך שפּעטער מיט צוויי יאָר, אויך שפּעטער מיט פיר יאָר... איך האָב נישט געקאָנט אראָפּשלונגען די „מסירה", ביז מיר זענען גאָר דער־נאנגען אז מיר זענען קרובים. אמת, נישט אזעלכע נאָענטע, אָבער דאָך קרובים...

אמת, דער דאָזיקער עפּיזאָד קער נישט אהער, אָבער איך האָב אים נישט געקאָנט אויסמיידן און אים נישט דערמאנען, ווען עס איז געקומען צו רייד...

זאָל גאָט שומר ומציל זיין, חלילה, פון א שקר־בילבול...

# פון דער אגודה צו די לינקע

הגם איך בין נאָך געווען יונג אין די יאָרן און אויך קליינוואוקסיק, כמעט אונטער דער נאָרמאַלער הייך פאַר מיין עלטער, בין איך אָבער שוין געווען א „דערוואקסענער״. איך האָב שוין געהאט תלמידים, ווי געזאָגט, פון מיין עלטער און אויך אפילו עלטערע פון מיר. דאָס הייסט אז איך בין שוין געווען א חזר-בחור, געהאט עטלעכע תלמידים. א צייט האָב איך געהאט גאנצע פינעף, וואָס האָט איבערגעשטיגן די געוויינט-לעכע צאָל. ראשית ווייל איך האָב שוין געהאט א גוטן שם, און צווייטנס האָט מיך אויך דער ראָש-הישיבה פאַוואָריזירט און מיר צוגענאַרייעט תלמידים.

ער האָט עס מיר געוואָלט געבן דעם שכר, אָדער אנטשעדיקונג, ווייל ער האָט געוואוסט אז איך בין געווען פארבעטן קיין דראגאָמירעשט, אין דער דאָרטיקער ישיבה, אָבער איך בין דאָרט נישט פארבליבן און געקומען צוריק קיין סיגעט. אָבער וועגן דעם האָב איך דאָך שוין עפּעס דערציילט פריער, אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. איצט וועל איך ממשיך זיין מיט מיין עסן די „טעג״, וואָס איך האָב שוין נישט „געגעסן״...

אין מיין מעמד האָב איך שוין געגעסן אין דער מענזע. א חזר-בחור עסט שוין נישט קיין טעג. נישט ווייל ער האָט שוין הכנסות (מישטיינס געזאָגט!), נאָר ווייל סע פּאַסט נישט, ווען ער האָט שוין א רעכט צו עסן אין דער מענזע און האָט שוין אויך א ביסל געלט אויף צו צאָלן דעם בייטראָג. אָבער דעם „שבת״, ווי געזאָגט, האָב איך נישט פארלאָזט.

איך בין שוין געווען פארמחותנט דורך דער אגודה מיט דער מיש-פּחה „גערטנער״, בפרט מיט קלמנען — און מיט נאָך „עמעצן״...

דאָרט, ביי דער אגודה, זענען מיר שוין געווען א הייפל בחורימלעך, וואָס האָבן נאָך געלערנט אין דער ישיבה, אָדער זענען שוין ארוים פון דער ישיבה, אָבער דעם דף־היומי האָט מען דאָך געלערנט טעגלעך. בחורים, ווי אין דער וויזשניצער קלויז די דערוואקסענע, האָבן גע־לערנט ערלעך און פרום דעם דף־היומי, וואָס סע האָט איינגעפירט דער לובלינער פארשמטער מהר"ם שפירא, ווי א סאָלידארישער אקט צווישן אלע תורה־לערנער און געוואָרן א לאָזונג פאר דער אָרטאָדאָקסישער באוועגונג פון פוילן, און פון דאָרט איז עס אריבערגעגאנגען קיין רו־מעניע, ווי אויף דער גאנצער וועלט. עס איז נישט וויכטיק איצט צו געבן פארשטיין די וויכטיקייט פאר יונגע לייט, ווי איך בין דעמאָלט געווען, צו האָבן א געפיל פון זיין א חלק פון א קאָלעקטיוו, וואָס זעצט זיך אוועק אין זעלביקן טאָג, אפשר אויך אין דער זעלביקער שעה, אין אלע עקן פון דער וועלט צו לערנען דעם זעלביקן שיעור אין דער זעל־ביקער מסכתא פון תלמוד־בבלי. ווער סע פארשטייט עס נישט, אָן מערע־רע ארגומענטן, איז דאכט זיך איבעריק עס אויפצוקלערן. אויך דאָ איז גילטיק, אָדער מע דארף נישט אָדער סע העלפט נישט.

אָבער, ביי דער זעלביקער אגודת ישראל, האָט מען אויך אויסער דעם דף־היומי אויסער דעם טעגלעכן „דאָס יודישע טאָגבלאט", וואָס איז געקומען מיט דער פּאָסט, זענען געקומען פונעם זעלביקן פוילן, אמת נישט מיט דער פּאָסט, נאָר דורך דער אריבערגעשמוגלטער גרענעץ פון דער שכנותדיקער טשעכאָסלאָוואקיי, בראָשורן פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק", וואָס האָט אויפגעקלערט אזעלכע ישיבה־בחורימלעך און זיי געפירט אויף א נייעם דרך — פון דער אגודה צו דער פּועלי אגודת ישראל, פון ר' איטשע מאיר לעווין צו בנימין מינץ, פון רעכטס צו לינקס און דערנאָכדעם צו „גאָר" לינקס...

זענען מיר געווען גרופּקעלעך בחורימלעך, וואָס האָבן טאקע נאָך געטראָגן געקרייזלטע פּיאות, ווער לענגערע, נאָכהענגענדיקע און ווער שוין הינטערן אויער, א ביסל אויסבאהאלטן; ווער מיט א טוכענעם הוט און ווער נאָך מיט א סאמעטענעם הוט, אָבער אלע זענען מיר שוין געווען „אויפגעקלערטע", געשריבן בגניבה, ווער העברעישע און ווער יידישע לידער...

מיר האָבן נישט געלעבט מיט די רעאלע „טעג“, נישט מיט דער ממשותדיקער וואָכנדיקער וועלט, נאָר מיט א מין של-מעלהדיקן אויסגעחלומטן „מאָרגן“, ווייל קיין „היינט“, און אפילו נישט קיין גאָר צוזאָגנדיקע פערספעקטיוון פארן „מאָרגן“ האָבן מיר נישט אָנגעזען אויף אונדזער פארוואָלקנטן און פארנעפּלטן בארגיקן האָריזאָנט. איז האָבן מיר געמוזט זוכן אן אנדערן וועג, אפשר א מער צוזאָגנדיקן...

מיט דעם דאָזיקן גלויבן האָבן מיר זיך געלאָזט ווארטן אויף משיחן, ווי אלע גוטע און פרומע לייט אין סיגעט-מאראמאָרעש האָבן געגלייבט, אָבער אויך די אגודהניקעס האָבן אָרגאניזירט א הכשרה, צוגעגרייט יונגעלייט עולה צו זיין אין הייליקן לאנד, כדי צו קעמפן קעגן די אפּיקורסישע ציוניסטן, אָבער דאָך „דאָרט“... איין חילוק איז נאָר געווען, וואָס ביי דער מיזרחי זענען געווען אויך מיידלעך אין אזא הכשרה, בעת ביי אונדזער „פאראיין“ זענען קיין מיידלעך נישט צוגעלאָזט געוואָרן. סע זאָל נישט זיין קיין תערובות, טמא, פסול, טריפה, כלאים, שעטנז — כמעט ווי געשמד... שפּעטער האָט מען געמאכט אויך ביי דער אגודה הכשרות אויך פאר מיידלעך, באזונדער, אָבער אין טשערנאָוויץ, נישט אין סיגעט.

גאנץ זיכער וועט מען פון מיר לאכן, אז איך וועל דערציילן ווי נאַיוו איך בין דעמאָלט געווען, אָבער למען-האמת מוז איך עס טון: איך האָב באגעגנט איין מאָל א געוועזענעם ישיבה-קאָלעג, אָבער איצט האָט ער שוין נישט אויסגעזען ווי סע דארף אויסזען א ישיבה-בחור, נאָר ווי איינער וואָס איז ארוים לתרבות-רעה... ער האָט נאָך געהאט די זעלביקע פּיאות, אָבער שוין פארקניפּט ווי אין א שפּראָץ פון א הערנדל נאָענט פאר די שלייפן, וואָס איז נאָך גילטיק געווען פאר דערוואַקסענע ישיבה-בחורים, אָבער ער האָט שוין געטראָגן קורצע הייזלעך, פון כאקי-קאָליר און מיט באָקאנטשן, שיך, מיט צוועקעס... ווייי-וויי, וואָס פארא א בושה עס איז געווען פאר מיר, ווען איך האָב אים געזען אין קליינעם פּלאַץ, נעבן תלמוד-תורה בית-המדרש, ער איז געשטאנען פאר א קופּקעלע גרינצייג, וואָס ער האָט פארקויפט פאר די סיגעטער בעלי-ביתטעס, וועלכע האָבן געקויפט פארבראָקעכץ צו די שבתדיקע יויכן... אָבער דאָס גרינצייג האָבן זיי, די מיזרחיסטישע חלוצים אליין

געפלאנצט, געגראָבן, געפּאָלעט און ארומגעגראָבן און אויפגעוואקסן ביז זיי האָבן געהאט וואָס צו פארקויפן, די פרוכטן פון זייער אייגענער יידישער פראצע... טייל פרויען האָבן זיך אפילו נישט געוואָלט אָפּשטעלן, האָבן נישט געוואָלט רעדן אפילו מיט אזעלכע „אויסגעלאסענע" יונגעלייט, וואָס טראָגן קורצע הייזלעך. אָבער סע זענען געווען אויך אזעלכע פרויען, וואָס האָבן דווקא געוואָלט קויפן ביי זיי, איידער ביי א נישט-יידישער פויערטע. סע האָט ביי זיי געהייסן ווי ווען מע וואָלט געקויפט אן אתרוג דווקא פון ארץ-ישראל, נישט פון גריכנלאנד צי פון אן אנדערער מדינה... איך האָב אלץ זייער גוט פארשטאנען. איך האָב אים אפילו א ביסעלע אויך מקנא געווען, אָבער איך האָב נאָך נישט געקאָנט „אַראָפּשלונגען" און שלום מאכן, אים מוחל זיין די קורצע הייזלעך, וואָס איז א חילול-השם פאר א בן-תורה... ווען מיין פאָטער וואָלט מיך געווען דעמאָלט געזען מיט אזעלכע קורצע הייזלעך, מיין איך, אז ער וואָלט קריעה געשניטן, זיך געזעצט שבעה...

אגב, איז געווען אין יענע צייטן אזא פאל. אמת, נישט ביי אונדז. ביי אונדז איז עס נישט דערגאנגען אזוי ווייט. אָבער אין פוילן, וואָס איז געווען נאָענט פאר אונדז, אויב נישט ממש געאָגראפיש, איז כאָטש גייסטיק איז עס געווען פאר אונדז ווי א שכנותדיק שטעטל. יאָ, דאָרט איז געשען אין יענער צייט אזא מעשה, מיט אונדזער ליבלינג-פּאָעט שמואל נאדלער... מיר האָבן זיך נאָך נישט גוט אָפּגעקילט פונעם התלהבות לייענענדיק זיינע שיינע לידער אונטערן טיטל „בעל-שם-טוב סימפאָניע", וואָס מיר האָבן געקאָנט כמעט אויסנווייניק, איז געקומען אזא בליציקע שטורעמדיקע „קאטאסטראָפאלע" ידיעה, אז ער איז ארויס לתרבות-רעה...

איך געדענק נאָך היינט, און אויב עמעצער האָט נאָך יענעם באנד לידער, מיט זיינע פראכטיקע לירישע פערזן, וואָס האָבן אים געברענגט גרויס אָנזען איבער דער גאנצער יידישער וועלט, אויך נישט צווישן די רעליגיעזע לייענער זיינע, געדענק איך ווי היינט, ווי ער שילדערט אין די פערזן אז ער איז געווען אין מיקווה און ארויפגעלייגט די האנט אויפן קאָפּ, כדי נישט צו זיין בגילוי-ראָש, און ער האָט געשעפּטשעט א תפילה: שמואל בן שרה לבריאת הגוף ולרפואת-הנפש... הייסט עס,

אז ער האָט זיך שוין פון לאַנג געראַנגלט מיט זיין נשמה און — איצט דערציילן שוין יידישע צייטונגען פון פוילן און ארץ-ישראל אז ער איז געווען אויף אן אסיפה, זאָל געווען האלטן א לעקציע, אָבער אָנשטאָט זיך אויפצופירן ווי סע פאסט פאר אן אגודהניק און אָרטאָדאָקסישן באַרימטן פּאָעט, איז ער ארויף אויף דער בינע, זיך אויסגעטון דעם הוט, געטרונקען דעמאָנסטראטיוו א גלאָז וואסער (אָן א ברכה און אין הוילן קאָפּ!) און אָנגיזהויבן רעדן ... ער האָט בלויז „אָנגעהויבן״. מער האָט ער שוין נישט געקאָנט. מע האָט אים שוין נישט געלאָזט. זיין ברודער, דאַכט זיך אז דער ריישער רב, איז ארויף אויף דער טריבונע, געשניטן קריעה און טאַקע דאָרט זיך געזעצט אויפן דיל שבעה ... איך האָב געלייענט מיט מיינע אויגן אין ארץ-ישראלדיקן „הארץ״, דאַכט זיך, אן ארטיקל אונטערן טיטל „האחר שבאגודה״, דער אגודהשער „אחר״, דאָס הייסט דער אפיקורס, וואָס איז ארויס און געוואָרן א „לינקער״ ...

נו, יאָ. מיר האָבן גוט פארשטאַנען אז ער איז געוואָרן א לינקער. מיר זענען נישט געווען זייער ווייט פון אים. מיר זענען דאָך שוין אויך געווען פון דער „פּועלי אגודת ישראל״, אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט פארשטיין, צו וואָס האָט אים געטויגט דער גאַנצער ספּעקטאַקל מיט דער אסיפה, אז סע זאָלן זיך דאָרט פארזאמלען טאַקע אגודהניקעס און דאָרט צו מאַכן אזא דעמאָנסטראטיוון זשעסט?! ... צו וואָס האָט אים געטויגט די דעמאָנסטראציע?! ... איך וועל מודה זיין, אז אויך היינט, נאָך אזוי פיל יאָרן, נאָך דעם ווי סע האָבן אָפּגערונען אזוי פיל וואסערן (און נישט ווינציקער בלוט!), פארשטיי איך עס נישט און בין אויך נישט מסכים מיט דעם. צו וואָס האָט אים געטויגט דער רעש? ... איך האָב עס פאראורטיילט, פונקט אזוי ווי איך פאראורטייל פון תמיד אָן יענע שקצישע שטיק, וואָס האָבן קיינעם קיין ניצן נישט געבראַכט, ווען „לינקע״ פלעגן דעמאָנסטראטיוו עסן „חזיר״ אין סאמע יום-כיפור און געמיינט אז דערמיט טוען זיי א טובה דער רעוואָלוציע, דעם פּראָלעטאַריאַט און דער רוח ווייסט וועמען ...

נו, האָבן מיר באַקומען א מיאוסן „פּאטש״ פון שמואל נאַדלער. מיר האָבן אים געשאצט פאר זיינע הערלעכע שירים, פאר זיין הויך אינטערעסאנטער און קינסטלעריש רעאליזירטער נאָוועלע, דערשינען אין

יענעם אגודהשן טאָגבלאט, דאכט זיך אז אונטערן טיטל „דער זילבער־נער פוקס", אויב דער זכרון נארט מיך נישט אָפּ. אָבער ער האָט אָנגע־וואוירן זיין כבוד ביי אונדז, צוליב דעם רעש וואָס ער האָט געמאכט ארום זיך, צוליב דעם אומאָנגענעמען ריח וואָס ער האָט פארשפרייט ארום זיך, ווי א טכויר אין א הינער־שטייג...

ווען איך האָב זיך דערוואוסט, נאָך דער שואה, אז ער איז עס דער, וועלכער איז געווען דער רעדאקטאָר פון פאריזער „נייע פרעסע" און איז אומגעקומען אין קאמף קעגן די פאשיסטן, אז דער געסטאפּאָ האָט אים דערשאָסן, שוין אונטערן נאָמען „מוניע נאדלער" — האָב איך אלץ נאָך געטראכט צו זיינע אמאָליקע פערזן, וואָס ער האט „צעטרענצלט" אונטערן טיטל „בעשט־סימפאָניע", אין וועלכע ער האָט זיך אמאָל געבעטן אין א מיקווהדיקער תפילה אויף רפואת־הנפש... יאָ, ער האָט נישט געקאָנט פארשווייגן אז ער ראנגלט זיך מיט זיין נפש און האָט פארענ־דיקט אויפן עשאפאָט...

נו, איז צוליב דעם זאָלן מיר נישט גיין „לינקס"? צוליב דעם זאָלן מיר נישט לייענען קיין לינקע ליטעראטור, ווייל איינער איז באגאנגען א שקאָציש שטיקל, וואָס האָט קיין גוטס פאר קיינעם נישט גורם געווען, אפילו נישט פאר דער סיגעטער לינקער באוועגונג?!

אזוי האָב איך זיך געראנגלט, צוזאמען מיט מיינע חברים ביי דער אגודה, אין אלע זעקס טעג פון דער וואָך, אָבער שבת האָב איך געלעבט אין דער אטמאָספער צווישן דעם מיזרחישן עלטסטן זון פון מיין בעל־הבית, וועלכער האָט אונדז פארזאָרגט מיט העברעישער ליטעראטור (אפשר אויך פון ישראל ווייסעם ביבליאָטעק?), און דער אגודהשער יידישער אָרטאָדאָקסישער ליטעראטור. דעמאָלט האָבן מיר זיך געבוקט צו די „טעאָרעטיקער" הרב יעקב ראָזענהיים (וועגן וועלכן מע פלעגט שעפטשען בכוד, אז ער איז בכלל קיין „הרב" נישט!), ד"ר יצחק ברייער, ד"ר נתן בירנבוים און אנדערע קלינגענדיקע נעמען און ווינציקער קלינג־ענדיקע, אָבער דאָך האָבן זיי געהאט א השפעה אויף אונדז.

אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר זיך שוין אָנגעהויבן בוקן צו אנדערע „טעאָרעטיקער", וואָס זענען דערגאנגען צו אונדז, אויף אומוועגן, און דערפירט ביז צו ווערן ארעסטירט ערב דעם ערשטן מאי, דעם זי־

בעטן נאָוועמבער און אנדערע אזעלכע געלעגנהייטן, וועגן וועלכע איך וועל מסתמא דערציילן אן אנדערט מאָל.

איצט וועל איך פאַרענדיקן מיין „עסן טעג" מיט מיין שבת, אין וועלכן איך האָב זיך געלאָזט צוזאמען מיט מיין געוועזענעם חבר „קלמן", אָבער אים איבערגעלאָזט און זיך שוין געחברט מיט אנדערע, וואָס לעבן שוין היינט נישט, און טייל, דאכט זיך, אז בלויז איין איינציקער פון זיי לעבט נאָך יאָ, ער זאָל לעבן און געזונט זיין — אָבער ער וויל זיך אפילו נישט דערמאנען, אז דעמאָלט האָט ער אָנגעפירט דאָס גאנצע „לינקע" קרייזל אין סאַמע הארץ פון דער אגודה... אפילו זיין נאָמען וויל איך נישט אָנרופן, כדי אים נישט צו פארשאפן קיין שברי-לב... נעבן זיין נבואהשן נאָמען קאָן איך נאָך צוגעבן א פסעוודאָנים „קרייז" (ער האָט דאָך אָנגעפירט מיטן „קרייזל"!)...

אזוי האָב איך מיר „אויפגעגעסן" מיינע טעג, פון די ווינציק פריי-לעכע יאָרן, ביי פרעמדע טישן, ביי פרעמדע „אידעאָלאָגן", אויפן וועג צו פרעמדע „געטער" אָבער אין א היימישער סביבה, א יידישער, וואָס איז חרוב געמאכט געוואָרן דורך רוצחים.

צום סוף וועל איך צוגעבן בלויז בדרך אגב, ווייל וועגן אזעלכע זאכן רעדט מען דאָך נישט בפרהסיא, אז איך בין נישט ווייניק געווען פארליבט אין בעל-בית טעכטערל, וועלכע האָט געטראָגן א שיינעם נאָמען פון א נביאה. זי גופא איז אויך געווען מיט איר אויסזע ווי א נביאהטע. ווי געזאָגט, ווי א קרישטאָלענע, אדער כאָטש א פאָרצעלא-נענע איידלע כלי, אין וועלכער מע שטעלט אריין קנאָספן, זיי זאָלן אויפ-בליען און באשיינען די אטמאָספער פון א מנוחהדיקער וואוינונג... צי זי האָט געוואוסט וועגן מיינע נישט ארויסגעזאָגטע געפילן צו איר, דאָס וויים איך נישט. איך האָב דאָך עס איר קיין מאָל נישט געגעבן אפילו אָנצוהערן, אָבער דאָך פון צייט צו צייט האָב איך דאָך דאָס נישט געקאָנט אויסבאהאלטן כאָטש מיט א בליק, מיט א וואונק, אויב נישט מיט קיין ווערטער איז מיט אן אָנטייט?! צי זי האָט געוואוסט צי נישט — אָבער איך בין זיכער ביי מיר (מעגלעך אז איך בין זיך טועה, ווי אלע פארליב-טע זענען זיך טועה. אפשר איז גאָר בכלל דער באגריף „ליבע" נישט מער ווי אן אָפּנארערישער „טעות", אין וועלכן מע פאלט אריין לייכט

און מע קאָן זייער שווער אַרויסקריכן אָן דעם אַז מע זאָל נישט פאַרוואונ-
דיקט ווערן, ווער מער דראַמאַטיש און ווער מער לעבערלעך. ווער סע
ליידט ווינציקער און ווער סע מאַכט זיך דערפון אַ לעטניק?!) .. יאָ,
איך בין זיכער ביי מיר, אויך היינט, אַז אויך זי איז נישט געווען כאָטש
גלייכגילטיק צו מיר, אַזוי ווי זי האָט עס נישט אַרויסגעוויזן, שווייגנ-
דיק, פאַרשווייגנדיק, נישט-אַרויסווייזנדיק אַזעלכע געפילן, וואָס מע
האָט נישט געקאָנט אַרויסווייזן צוליב מערערליי טעמים, סיי צוליב דער
סביבה, סיי צוליב מיין אָרעמען שטאַנד וואָס האָט נישט געקאָנט קאָמ-
פּענסירט ווערן דורך מיינע קענטעניש, אַפילו נישט דורך די שיינע
פערזן, וואָס זי האָט מיר גאַנץ אָפן געלויבט, ווען איך האָב זיי איר
געווידמעט ...

והשנית, צוריק געשמועסט, ווי אַזוי וואָלט איך געקאָנט אַפילו
טראַכטן צון אַזאַ מיוחסתדיקער מישפּחה ווי עס איז געווען די מישפּחה
„גערטנער"?! ... דאָס האָב איך דאָך אַפילו חלומען נישט געטאָרט.
ווער, איך, איינער וואָס טראָגט זיך שוין אַרום מיט אַזעלכע טריפהנע
אידייען פון פראָלעטאַרישקייט?! ...

... האָב איך געמוזט צוקוקן, שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, ווי זי
האָט חתונה געהאַט ... ניין, מע האָט זי חתונה געמאַכט, ווי כמעט אַלע
סיגעטער יידישע מיידלעך פון אַזעלכע מישפּחות, מיט איינעם „קליין",
וואָס איז אויך געווען אַן אגודהניק, אמת אַ מאָדערנערער, אָבער אַ פאַר-
מעגלעכער, נישט קיין גאָר גרויסער נגיד, אָבער דאָך האָט מען אים נישט
געדאַרפט געבן קיין נדן. ער האָט נישט געהאַט קיין פּרעטענציעס דערצו
אויף צו באַקומען אויך נדן נעבן אַזאַ שיינער מיוחסתדיקער יידישער טאָכ-
טער. ער האָט זיך באַגניגט מיט דער פאָרצעלאַנענער ליאַלקע, די שיינ-
קייט, וועגן וועלכער איך האָב נישט זעלטן געחלומט, ווי וועגן דער שיר-
השירימדיקער שולמית, אויך שפּעטער, נאָכן עסן מיין „טאָג" ביי זיי ...

אפשר האָט זי, אויך נאָך דעם ווי זי האָט חתונה געהאַט מיט אים,
מיטן באַברילטן יונגנמאַן, אויך נאָך פון מאָל צו מאָל אַ טראַכט געטון
צו מיר, צום בחור וואָס האָט געגעסן ביי זיי „שבתדיק", צו מיינע שיר-
השירימדיקע פערזן, וואָס איך האָב איר געשריבן אין מאָדערנעם העב-
רעיש, וואָס האָבן זי נישט געקאָנט לאָזן גלייכגילטיק, קאַלטגילטיק,

נאָר האָבן אָנגעוואָרעמט אויך איר דערשטיקטע חסידישע פאַנטאַזיע, שפּעטער מיט יאָרן, כדי צו פאַרגרינגערן איר עול פונעם וואָכנדיקן לעבן אָדער גאָר צוזאַמענלעבן?!...

... וואָס איז געבליבן פון אָט די אַלע אַזעלכע מחשבות און געפילן און חלומות, נאָך דער וויסטער שואה?...

האָב איך עס דערמאַנט צום גוטן, ווי אַלע, ביי וועלכע איך האָב געגעסן צון אַ טאָג, יעדער ווי ער האָט עס פאַרדינט ביי מיר. און אפשר האָבן זיי מערער פאַרדינט, נאָר מיין „פּען" איז אָרעם און קאָן נישט צאָלן מערער, ווי לויט די באַגרענעצטע יכולתן?!...

איז פון מיר אַזוי פיל — ווי מע זאָגט אַ ווערטל — און פון גאָט זאָל זיין מערער!...

# „המשך קומט"

ווי מע האָט שוין געקאָנט באַמערקן, פאַרענדיק איך כמעט קיין מאָל נישט מיין א דערציילונג מיטן באַנאַלן, אָבער דאָך „קלאַסישן" וואָרט ענדע צי סוף. ראשית, ווייל יעדער זעט אז די מעשה איז נישט פאַרענדיקט (לויט מיין מיינונג איז קיין שום מעשה אויף דער וועלט נישט געענצלעך פאַרענדיקט סיידן מיטן טויט, נישט פונעם „פאַרשוין" וועגן וועלכן סע ווערט דערציילט, נאָר פונעם מחבר גופא. בלויז אין דעם פאַל קאָן מען שוין נישט דערוואַרטן אויף א „המשך קומט"!). כדאי צו דערמאָנען, אז איך בין נישט דער איינציקער, וועלכער לאָזט איבער א מעשה אין סאַמע מיטן דערציילן, ווי מיט א כיוון, און פאַרענדיקט נישט, הגם דער המשך איז אויף דער צונג און מע קאָן זייער לייכט פיר־זעצן אליין די מעשה און דערגיין צום סוף, אויך אָנעם מחבר. יאָ, איין מאָל האָב איך טאַקע ממש געוואָלט נעמען אזא דערציילונג, אמת, א שיינע דערציילונג, א פאַרכאַפּנדיקע, מיט שפּאַנונג ווי פון א ראָמאַן אין המשכים, אָבער זי איז געוואָרן איבערגעריסן — אָן א סוף... האָב איך זי געוואָלט „ענדיקן" און פאַרעפנטלעכן בלויז דעם המשך, דעם סוף פון יענער דערציילונג... והשנית, אפשר טו איך עס אויך מיט א כיוון, פּונקט אזוי ווי עס איז פריער דערציילט געוואָרן, אז דער רבי האָט „אָנגעהויבן" שרייבן א ספר־תורה, נישט צוליב עפּעס אנדערש ווי אז סע זאָל זיין א סגולה, אז דער רבי זאָל לעבן און זוכה זיין „פאַרענ־דיקן" דאָס שרייבן... אָט אזוי ווילט זיך מיר אויך „פאַרזיכערן", שול־דיק צו בלייבן כדי זוכה זיין דערלעבן צו פאַרענדיקן די אָנגעהויבענע דערציילונג.

מע קאָן דען לאָזן די „חשובע לייענער" מיט א מעשה אָן א „סוף"?!

ווינטש איך מיר אָן: הלוואי, זוכה זיין דערלעבן אָנוצשרייבן דעם המשך...

# און די גלעקער האָבן געקלונגען...

... און די גלעקער האָבן געקלונגען: דאנג, דאנג, דאנג ... דינג, דינג, דינג ... דינגידינגידאנג, דינגידינגידאנג ...

יאָ, דאָס מאָל דארף מען דערמאנען נישט בלויז וועגן די יידישע בתי-מדרשים פון די מאראמאָרעשער יישובים, אין וועלכע סע האָבן אמאָל אָפּגעהילכט די דבקותדיקע ניגונים פון א וויגנדיקן גמרא-לערנער, צי פון לכל-הפחות א פארצרהטן תהילים-זאָגער — ווייל די דאָזיקע מעלאָדיעס האָבן זיך דאָך אָנגעשלאָגן אין די ווענט און קוים-קוים אריבער ארוים, דורך די פענצטער, אין די שכנותדיקע נאָענטקייטן און זענען זיך צערונען אין חלל, צי גאָר ארויף צום כסא-הכבוד, וואוהין זיי זענען געריכט געוואָרן, אז זיי זאָלן אָנשלאָגן און בעטן רחמים, אָדער זיין סתם א הלל, א לויב-געזאנג פאר זיין ליבן נאָמען, פארן בורא-עולם, וואָס זאָל זיך איינפלעכטן אין מלאכים-כאָר, וועלכער זינגט די בענקלעכע שירה ...

יאָ, דאָס מאָל ווילט זיך פארצייכענען אויך די קולות פון גלעקער, וועלכע האָבן זיך צעקלונגען פון סאמע העכסטן טורעמל, פון די קלויס-טערס וואָס זענען געווײנטלעך געווען די העכסטע בנינים אין סאמע קלענסטן יישוב, א מין שפיצעכיק טורעמל, א הילצערנס, וואו סע איז געווען אויפגעהאָנגען נישט איין גלאָק, נאָר דריי-פיר, לויט דעם שטאנד פון די קריסטלעכע מנדבים.

עס איז נישט געווען קיין איין יישוב אין מאראמאָרעש, אין וועלכן סע זאָל נישט זיין כאָטש איין קלויסטערל, געווײנטלעך א פראוואָסלאוו-נער, אָדער ווי סע זאָגט זיך אויף רומעניש: אָן אָרטאָדאָקסישער קלוי-

סטער, וואָס האָט צעלאָזט דעם געקלאַנג פון זיינע גלעקער: דינגי-דאנג ... דינגידאנג ...

נאָך אין די קינדער-יאָרן האָט מען שוין געקאָנט דעם באַטייט פו-נעם קלינגען. מע האָט שוין געוואוסט „ארויסצוטייטשן'' די סיבה פונעם גלעקערגעקלינגעריי, לויט דער צאָל גלעקער, לויטן סדר פון קלינגען וכדומה.

אשטייגער, אין דער פרי, בערך זיבן אזייגער, האָט דער קלויסטער געקלונגען. דעמאָלט האָט מען שוין געוואוסט אז דער גלח ריכט אָפּ דאָרט די מאָליטוועס „אוטרעניא'', דאָס הייסט ווי להבריל שחרית. עטלעכע אַלטע פויערטעס בוקן זיך און צלמען זיך, אויב נישט דווקא אינעווייניק, טוען זיי עס פון דרויסן, פארן ארייגאנג אין קלויסטער, אז מע האָט עס געקאָנט זען.

סע האָט געקלונגען אויך מיטאָגצייט, בערך א זייגער צוועלעף. דאָס איז שוין געווען אָן געפּרייפּלעכץ, נאָר סתם, כדי די דאָרפסלייט זאָלן וויסן אז עס איז האַלבער טאָג, מע דאַרף האָדעווען די בהמות, טייל קאָנען זיך אָפּרוען א ביסל פון זייער פעלדארבעט, ווען די זון זאָגט דאָס נישט אָן צוליב דער פארוואָלקנטקייט, און עסן וואַרעמעס ...

פונקט אזוי האָט געקלונגען אָוונטצייט, זיבן אזייגער, נישט צו-ליב קלויסטערישע אינטערעסן, ווי צוליב אָנצוזאָגן די שעה, פונקט ווי מיטאָגצייט. אָבער דאָס מאָל, אין דער אָוונטיקער שעה, האָבן אויך די קינדער געוואוסט, בפרט ווינטער, אז מע וועט שוין אהיימלאָזן די תלמידים פונעם חדר. מע לערנט דאָך נאָר ביז אזייגער זיבן. אָבער אזוי ווי א זייגער איז דאָרט געווען א זעלטענע זאך, האָט דער מלמד און אויך די תלמידים שוין געוואוסט אז אויב סע קלינגט אין קלויסטער, דאַרף מען צומאכן די דעקלעך פון די חומשים אָדער גאָר גמרות, א קוש טון און לויפן אהיים עסן וועטשערע ...

סע האָט געקלונגען כדי אָנצוזאָגן די שעה, פרימאָרגן, מיטאָג און אָוונט.

אָט דאָס מין געקלינגעריי איז געווען א שטענדיקע מאָנאָטאָנע מוזיק, וואָס האָט שוין נישט ארויסגערופן קיין אינטערעס, ווייל עס איז

דאָך שוין אריין אין טאָגטעגלעכן דערפערישן, טיילוויז אויך שטעטערישן, לעבן.

סע זענען אָבער אויך געווען פאלן, ווען דאָס געקלינגעריי האָט אָנגעזאָגט נישט קיין געוויינטלעכע טאָגטעגלעכקייטן, וואָס זענען דער־מאנט געוואָרן און אויך נישט קיין זונטיקדיק אָדער חגאותדיק געקלאנג, וואָס קאָן אויך פארערבנט ווערן פאר געוויינטלעכע.

דער קלויסטער־געקלאנג האָט אויך אָנגעזאָגט מיט א מין טרויעריקן אָבלדיקן קלינגעריי, אז איינער פון דער קריסטלעכער געמיינדע האָט צוגעמאכט די אויגן אויף תמיד, איז קלינגט מען דריי טעג, צו צוויי־דריי מאָל אין טאָג. ביז צו זיין לוויה. די מענטשן האָבן שוין דערקאָנט נאָכן געקלאנג, אז עס איז א טרויעריקע בשורה. איז אז מע האָט דערהערט דאָס מין געקלאנג, האָט מען זיך שוין געפרעגט: „ווער"?...

ווי אזוי מע האָט עס דערקאָנט? לויטן נוסח. למשל, אין א קליינעם יישוב, וואו סע זענען נישט געווען מער ווי צוויי גלעקער. איינער א בא־ריטאָן, און דאָס צווייטע א דין גלעקעלע, אפשר קאָן מען עס אָנרופן א סאָפּראנדל. האָט מען געקלונגען פאר דער שעה, איז עס געגאנגען קודם עטלעכע מאָל מיטן גרויסן גלאָק, דערנאָכדעם האָט מען פירגע־זעצט מיטן הוילן: דינג, דינג, דינג ... עטלעכע מינוט אזוי, מיטן קליי־נעם גלעקל, מע האָט שוין נישט געהערט מער ווי דעם דינעם אָפּקלאנג, וואָס האָט זיך פארשפרייט אין די בערג און פארשוואונדן.

ביי אן אָנזאָגן פון אן אבילות האָבן זיך צעקלונגען ביידע גלעקער מיט א מאָל (שפעטער, ווען מע האָט געקויפט א דריטן גלאָק, האָבן זיך צעקלונגען אלע דריי גלעקער מיט א מאָל).

דאָס איז געווען א טרויעריקער ניגון. דאָס געקלינגעריי האָט אָנגע־זאָגט אז דער טויט איז נישט ווייט. ערגעץ אין א פויערישער כאטע ... אָדער, אז דאָס זעלביקע געקלאנג דויערט מערער צייט, איז האָט מען שוין געוואוסט, אז אָט איצט גייט טאקע די לוויה. קלינגט עס ביז מע וועט דערגיין פונעם אָנהייב ביזן סוף. פונעם ענדיקן דאָס געפרייפלעכע אין דער היים, ביזן ענדיקן דעם גאנג, דעם לעצטן ביזן צווינטער ... איז עס געווען טרויעריק.

געווען נאָך דרייערליי מינים געקלאַנג: צו אַלאַרמירן דעם עולם, צו לעשן א שריפה און אָנצוזאָגן אַן אומגליק, א מילחמה, אָדער א פּאַר־פּלייט, א מבול. אין אָט די אַלע דרייערליי פאַלן האָבן די מענטשן שוין געוואוסט, אז מע דאַרף עפּעס אונטערנעמען טון: מע דאַרף נעמען אין די הענט עמערס וואַסער און לעשן די שריפה; מע דאַרף גיין ראַטעווען מענטשלעך האָב אָדער לעבנס פונעם פאַרפּלייץ, וואָס געפינען זיך אין סכנה; אָדער מע דאַרף אַנטלויפן אין די בערג, דאָס הייסט מאַכן פּליטה, אויב סע קומען חיילות, צי סתם רויבער...

געווען אָבער נאָך איין מין קלינגען, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַן אומגליק, אָבער פאַר די מענטשן איז נישט איבערגעבליבן צו טון גאָרנישט, סיידן זיך איבערצוצלמען: דאָס איז געווען א באַזונדער מין קלינגען: דאַנג, דאַנג, דאַנג — דינג, דינג, דינג... צו דריי קלונג מיטן גרויסן גלאָק, דערנאָכדעם צו דריי קלונג מיטן קלענערן גלעקל. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אזוי עטלעכע מאָל, דערנאָך האָבן זיי זיך ביידע צוזאַמען צעקלונגען, מוראדיק, אָבער זייער א קורצע צייט. דערנאָכדעם האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט די דריי קלונג מיטן גרויסן, דערנאָך די דריי קלונג פונעם קלענערן גלאָק...

אזא מין געקלאַנג האָט געוויינטלעך אָנגעזאָגט א שטורעם. מחמת בעת דעם דאָזיקן אָנזאָג פלעגט מען א קוק טון צום הימל, האָט מען גע־זען אז א סטאַדע וואָלקנס יאָגן אָן, ווי א טשערעדע שוואַרצע, טונקל־גרויע שאָף, האָט עס זיך געלייגט ווי א טרויער און א שרעק אויף דער נשמה, ווייל מורא פאַר נאַטור־כוחות זענען אויפן דאָרפישן יישוב פיל פחדימדיק, און זענען גורם צו לויפן אַרוים אין פעלד, פאַרנעמען די בהמות, וואָס געפינען זיך ערגעץ נאָענט אויף דער פּאַשע, און מע האָט נאָך אפשר צייט זיי אַריינצונעמען אונטער א דאַך, א שטאַל, א שייער, זיי צו פאַרהיטן פונעם אָנקומענדיקן שטורעם, וואָס קאָן זיין באַגלייט פון א גרויסן שאָדנמאַכנדיקן האָגל...

פאַר וואָס מע קלינגט?

כדי צו פאַרטרייבן די וואָלקנס, אז דער שטורעם זאָל אויסמיידן דעם יישוב. צו מאָל איז עס טאַקע אזוי געשען. די וואָלקנס זענען זיך

צעגאַנגנען ווי אַן אַלט געוועב, וואָס פּעדעמט זיך אויס, צערייסט זיך — און דער הימל האָט זיך ווידער אויסגעלייטערט.

מע קאָן עס אַפילו איצט נישט זאָגן צי עס איז אַן אָבערגלויבן, צי אפשר איז עס טאַקע אַ פיזישע סיבה, אַז דער געקלאַנג זאָל פונאַנדערטרייבן די וואָלקנס, דורך די וויבראַציעס אין טיפן חלל, אין הימלען... בכל-אופן איז דאָס מין געקלינגערײ געווען מוראַדיק. אפשר אַז אויך צוליב דעם, וואָס תמיד איז עס געווען באַגלייט מיט אַ טונקל ווערן, צו מאָל אין סאַמע מיטן טאָג, ווען די שווערע וואָלקנס, טונקלע, האָבן פאַרדעקט דעם הימל און באַהאַלטן די זון הינטער שוואַרצע קאָלדרעס פון וואַטע... אין אַזאַ צייט האָבן די קראָען זיך געדרייט אין אַ געשוועב, אַ ווילדן, קראַקענדיק... די הינט האָבן געבילט, פילנדיק אַ מורא, וואָס דער מענטש פילט זי נאָך נישט.

דאָס איז אַ מוראַדיקער געקלאַנג. עס איז פיל טרויעריקער ווי ווען מע קלינגט צון אַ לוויה, צי ווען מע רופט דעם עולם לעשן אַ שריפה.

ווילט זיך אָבער איצט דערמאַנען נאָך איין געקלאַנג... וועלכן מען איז נאָך אַפילו היינט נישט אין שטאַנד „אויסצוטייטשן'' זיין באַטייט.

ווען מע האָט „אויסגעליידיקט'' אין אָנהייב זומער פונעם יאָר פיר־אונפערציק די יידישע געטאָס, און מע האָט די שוין פאַרפייניקטע יידישע פרויען, זקנים און קינדער געפירט צו די טויטנבאַנען, וואָס האָבן געפירט גלייך קיין „אוישוויץ'' — האָבן די קלויסטער-גלעקער פון טייל יישובים אין מאַראַמאָרעש זיך צעקלונגען: קלינג-קלאַנג...

נו, פאַרשטייט זיך, אַז די קלויסטער-גלעקער צעקלינגען זיך נישט פון זיך, נאָר עמעצער, צו מאָל דער אונטערהינקענדיקער קלינגער גופא, האָט זיך געזאָלט אַרויפדראַפּען אויף די שמאָלע הילצערנע טרעפּלעך צי אויף דער לייטער און געצויגן די שטריק פון די גלעקער, צו מאָל האָט האָט עס געטון אַן אַנדערער, נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער „קלינגער'', וועלכער האָט באַגלייט דעם לעצטן וועג פון די היימישע שכנים, מיט וועלכע מע האָט אָפּגעלעבט אַ דורותדיק לעבן צוזאַמען, אין פרידן און צו מאָל ווינציקער פרידן, אָבער — צוזאַמען...

איצט, אונטערן דאָזיקן גלאָקן־געקלאַנג, שלעפּן זיך קוים די אומ־גליקלעכע פאַרפּייניקטע יידן, וואָס מע פירט צו דער עקידה, אונטערן אונטערטרייבן פון די פאַשיסטישע אונגערישע זשאַנדאַרמען, מיט די מוראדיקע מלאך־המוותדיקע צורות זייערע, מיט שוואַרצע היטן, מיט העגערנע פעדערן, וועלכע שטויסן אונטער אין די ריפּן מיט די ביקסן, און טרייבן, ווי מע טרייבט בה... ניין. בהמות טרייבט מען מיט מער רחמנות...

און די גלעקער קלינגען, קלינגען, קלינגען: גדינג, גדאַנג — גדינג־גדאַנג.

וואָס וויל אָנזאָגן דער געקלאַנג?

דער הימל איז נישט פאַרוואָלקנט, ממילא וועט קיין שטורעם נישט אָנקומען; קיין שריפה זעט זיך נישט אָן אין ערגעץ. נו, איז וואָס? פאַר וואָס זאָל זיך אַלאַרמירן דער יישוב?!

מילחמה? נו, יאָ, מילחמה איז טאַקע שוין יאָ, עטלעכע יאָר אַזוי. פאַר וואָס זשע קלינגט מען ערשט איצט, היינט?

וואָס זשע זאָגט אָן דאָס געקלינגעריי? צי אפשר איז עס גאָר א פרייַ־לעכער חגאדיקער געקלאַנג?...

אויפן היינטיקן טאָג ווייסט מען עס נישט. מע האָט עס נישט פון וועמען צו פרעגן, אז ער זאָל עס אפשר אויפקלערן און מע זאָל פּרוּוון אים גלייבן אז ער זאָגט דעם אמתדיקן מיין פון יענעם קלויסטער־געקלינ־געריי...

איז ווען מע הערט נאָך היינט, פיר צענדליקער יאָר נאָכן דאָזיקן מוראדיקן געשעעניש, קלינגען א קלויסטער־גלאָק — „דערזעט" מען יענע בילד פאַר די יידישע אויגן: א שורה קרבנות שלעפּן זיך מיט פּעק־לעך און פּיצינקע קינדערלעך אויף די הענט, געטריבן פון רוצחים, מיט ווילדע געשרייען און מוראדיקע קרעכצן און יאָמערן, וואָס ווערט פאַרטייבט פון קלויסטערישע גלעקער־געקלינגעריי... גדינגי־דאַנג... גדאַנגי־דינג...

פאַר וואָס האָבן אײַנגעטלעך געקלונגען די גלעקער ?

קלאַנג — קלינגט, קלינג-קלאַנגט ...
פאַר גרויס שמחה דעם יויזל מ׳דאַנקט?
מורמלט א גלח א קלויסטער-ליד;
קיין אוישוויץ וואָגלט דער ייד ...

קלאַנג-קלינגט, קלינגט-קלאַנג;
„המן‘‘ איז ארוים אויף „מרדכי‘‘ געפאַנג.
בעת יעקב שלעפּט זיין גלות-זעקל,
קלינגט גאָר פריידיק עשיום טמא גלעקל ...

קלאַנג-קלינגט, קלינגט-קלאַנגט ...
וועלט-מוח איז חולה, טיף פאַרקראַנקט;
קלינגט עס טויב אין „בלינדע‘‘ אויערן,
כדי ס׳זאָל קיינעם חלילה פאַרטרויערן?

קלינג-קלאַנג, קלאַנג-קלינגט ...
אין קלויסטערס גאָר מ׳זינגט?!
טייטשט כאָטש ווי אזוי איר ווילט:
עשיו גלאָצט מיט שטאַרן גלייכגילט?!

קלאַנג-קלינג, קלינג-קלאַנג ...
וועמען קאָן זיין פריילעך אזא געזאַנג?
קלינגט מען אפשר אין די אויערן,
כדי אויף גזילה צו גיין לויערן?!

קלאַנג-קלינג, קלינג-קלאַנג ...
ס׳מוטשעט א גאָר פיינלעכער געדאַנק:
מ׳פירט בני-יעקב צו דער בן-יחיד-עקידה,
עשיו באַוויינט נישט אזא שווערע אבידה?!

ס'טוט קיינעם, קיינעם נישט באנג,
אז „אָדם"'ען באזינגט האָט די „שלאַנג"?
אין קלויסטערס קלינגט „קין",
„הבלס" קרעכצן איבערצושרייען?!

ס'קלינגט „קין" מיט די גלעקער,
אז פארשלאָפן האָט „הבלס" וועקער...
שטויסט א געפיל א רחמנות-געדראַנג,
שפּראָצט נאָך ערגעץ א נחמה-זאנג?!

איז אין מאראמאָרעשער דאָרפישן קלויסטער,
אויך דער יויזל אפשר אָן אויפגעברויזטער?!
אוי, וואו זענען מוטער-רחלס קלאָגענישן
און ירמיה הנביאס טרייסט-צוזאָגענישן?!

קלינג-קלאַנגט, קלאַנג-קלינגט...
אפשר גאָר דאָך א טרייסט ס'ברינגט?
ס'איז נאָך נישט דער לעצטער גאַנג;
דאָס וועט נישט מער דויערן לאַנג?!

ס'איז נאָך נישט „קינס" נצחון,
„הבל" האָט נאָך נישט פארלוירן זיין בטחון.
„יעקב" זיין בטחון נאָר נישט אויפגעגעבן,
„ישראל" וועט מוזן פון דאָס ניי אויפלעבן...

„יעקב" איז תמיד אין זיין עתיד געבליבן,
אז „עשיו" וועט נישט רצחענען אייביק.
ס'וועלן קלויסטער-גלעקער טויב פארשטומט ווערן,
ס'וועט יידישער המשך קיין מאָל נישט אויפהערן!...

# הערט: א ראָמאַן־מעשה

## א „גערא̇טענער" שידוך

... יאָ, מענטשן, דערשיינונגען צי געשעענישן, סיי זיי באלאנגען צון א יחיד סיי צון א ציבור, זענען נישט אלע גלייך נישט צווישן זיך און אוודאי נישט אין פארגלייך מיט אנדערע, קוים זענען זיי גלייך מיט זיך גופא ... מחמת דעם קאָן מען אפילו נישט פרואוון זיי צו מעסטן אלע מיט איין און דער זעלביקער מאָס, פונקט אזוי ווי מע קאָן נישט אומעטום און אלץ וועגן מיט דער זעלביקער וואָג, בפרט מיט די זעלביקע געוויכט־שטיינער.

אויך דאָס אָפּשאצן פון די מענטשן און זייערע מעשים, די געשעעניש אָדער דערשיינונגען, איז באלאנגען קודם־כל אין דער צייט, אינעם אָרט, אין דער סביבה און (פאר וואָס נישט?) אויך אינעם מענטשן וועלכער וועגט אָדער מעסט אָדער שאצט אָפּ זייער ווערט, זייער וואָגיקייט און אויך זייער וויכטיקייט צי אפילו ניצלעכקייט.

אין טאקע דווקא מחמת דעם מעג מען זאָגן טאקע שוין ביים אָנהייב, אָדער גאָר א ביסל נאָך פריערער פונעם אָנהייב, נאָך איידער סע ווערט דערציילט וועגן א מאָדנעם שידוך, אז קיין מאָל און קיינער טאָר זיך נישט דערלויבן צו משפּטן זיינע מיטמענטשן בכלל און בפרט די עלטערן (וועלכע ווילן תמיד פארזיכערן זייערע קינדער מיט א ביסעלע וואוילטאָג שוין אויף דער וועלט און אויך מיט א שטיקעלע חלק עולם־הבא אויף יענער וועלט, הגם נישט אלע מאָל וייסן זיי עס געגוי ווי אזוי דאָס צו טון, און טאקע מחמת דעם געלינגט עס זיי נישט תמיד!), מע קאָן זיך נישט נעמען דאָס רעכט צו פארמשפּטן אויך די קינדער (וועלכע האָבן נישט אלע מאָל געוואָלט זיך צוהערן צו די מוסר־רייד פון זייערע

עלטערן, ווייל זיי האָבן זיי געהאַלטן פאַר נישט גענוג „מאָדערנע" אָדער נאָך פאַר נישט גענוג „אויפגעקלערטע"!) — אדרבה, פאַר וואָס זאָל מען זיך טאַקע נישט באַמיִען צו זוכן און ממילא אויך צו געפינען א זכות פאַר זיי אַלע, פאַר יעדן — פאַר וואָס?! ...

# 1

א

... עס איז געווען פשוט לעכערלעך. אַנדערש קאָן מען עס נישט אָנרופן, ווי לעכערלעך. און ווי באַוואוסט איז דאָס צו מאָל נאָך פיינלעכער ווי פיינלעך. עס איז פאַר איר געווען, ווי מע זאָגט, ווי צו זיצן אויף געהאַקטע וואונדן, צו וואַרטן און צו וואַרטן און זיך נישט צו דערוואַרטן. וואָס קאָן זיין פיינלעכער ווי ווען א מיידל, און דערצו נאָך א גאָר שיין יונג מיידל, וועלכע האָט אַלץ וואָס קאָן לאָקן א מאַנצביל, וועלכע קאָן אָנצינדן די בלוטן אין די אָדערן פון סיי וועמען וואָס באַגעגנט זי, וועלכער באַקאָנט זיך מיט איר חנעוודיקן שמייכל, מיט איר נאַטירלעך אומגעקינצלטן שיינעם אויסזע, מיטן יונגן גוט פּראָפּאָרציאָנירטן געציטיקטן קערפּער, וואָס בליט און צעבליט זיך ווי א רויז אין פרילינג?!

און דאָך, דאָס איז געווען דער מצב.

זי איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס און געוואַרט, אַז דער „פעטער" זאָל איר טעלעפאָנירן ... זי האָט געוואַרט און נישט געוואוסט וויפל זי דאַרף נאָך אַזוי וואַרטן. מחמת דעם איז זי געזעסן א פּאַרטיק אָנגעטוענע און געווען אויפמערקזאַם מיט אַלע אירע חושים צום טעלעפאָן, אַז ער זאָל א קלונג טון, איר געבן א צייכן, אַז זי זאָל קומען צו דער באַגעגעניש ... אָבער, מעשה-שטן, איז דער טעלעפאָן-אַפּאַראַט שטום. בויב-שטום. און מיט יעדער סעקונדע וואָס איז אַזוי שווער און פּאַמעלעך-פויל פאַרביי, איז איר שפּאַנונג געוואַקסן. די נערוון זענען געווען אָנגעצונדענע, אָנגעצויגענע, איבערגעצויגענע סטרונעס, גרייט צום פּלאַצן: פּאָנגגגגג! ... זי האָט שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אפשר איז גאָר דער אַפּאַראַט קאַליע, די טעלעפאָן-צענטראַלע אַרבעט נישט? נו, דאָס וואָלט געווען אינטערעסאַנט, אַז מעשה-שטן זאָל דער טעלעפאָן פאַר-

שטומט ווערן פונקט איצט, איצט ווען זי ווארט אז דער „פעטער'' זאָל איר אָנקלינגען און איר זאָגן: „אָט, איך האָב אים באַגעגנט ... קום!''.

האָט זי אויפגעהויבן נערוועז דאָס טרייבל, איז געקומען א „טאָן''. הייסט עס דאָך אז דער טעלעפאָן איז נישט קאַליע. דער טעלעפאָן פונקציאָנירט, נאָר נישט פאר איר ... האָט זי גיך אראָפגעלייגט דאָס טרייבל, צוריק אויף זיין אָרט. אויב דער פעטער וויל שוין ענדלעך יאָ אָנקלינגען, זאָל דער טעלעפאָן אירער נישט זיין פארנומען ...

... אין איר פאנטאזיע האָט זי דאָך אים שוין „געזען'': א דארער, א נידעריקער און אן אומבאהאָלפענער (אזוי האָט זי אים זיך פירגעשטעלט!), וועלכער האָט פארלוירן זיין גלייכוואָג נאָך דעם ווי ער האָט קוים איבערגעלעבט, ווי דאָס רוב יוגנטלעכע, די ערשטע „ליבע-דראַמע'', א דעזאילוזיע, וואָס ער האָט זיך באמיט איר צו באשרייבן מיט אלע דעטאלן אין עטלעכע בריוו ...

נו, וואָס קאָן א מיידל טראכטן וועגן איינעם, וועלכער פארגעסט אז ער האָט אין דער טאש א דיפלאָם פון אן אינזשעניר, דאָס הייסט, אז ער איז אן אינטעלעקטואל, אז ער איז נישט עלטער ווי א פינעף און צוואָנציק יאָר, און דאָך שרייבט ער פארצווייפלטע ליבע-בריוו צון א לחלוטין אומבאקאנט מיידל. ער האָט קוים בלויז געהערט וועגן איר, געזען האָט ער זי דאָך קיין מאָל נישט (יאָ, א פאָטאָ אירער האָט ער שוין יאָ געזען!), און דאָך האָט ער ווי אראָפגעקניעט און הכנעהדיק זיך פאר איר אראָפגערעדט פונעם הארץ זיין „דראמע'', ווי אזוי „זי'' (ער האָט דאָך אפילו קיין נאָמען נישט אָנגעגעבן!) האָט אים פארלאָזט, הגם זי האָט אים און ער איר געשוואָרן אייביקע ליבע. און זי האָט פארראָטן אים, און נאָך מער: דעם אייביק-הייליקן אידעאל פון „ליבע'' און איז אוועקגעפאָרן מיט אן אנדערן קיין ישראל ... פאר וואָס? פאר וואָס? פאר וואָס? ... האָט ער איצט „איר'' געשטעלט די פראגן, ווייל „זי'' איז דאָ און ער קאָן זיך צון איר ווענדן כאָטש דורך בריוו. ער האָט זי טאקע נאָך נישט געזען, אָבער געהערט פון איר האָט ער דאָך יאָ, ער האָט געהערט, די סאקמערער שוחטקע האָט אים „גערעדט'' דעם דאָזיקן שידוך ... האָט ער באין-ברירה, אין זיינע פארצווייפלטע מאָמענטן, ווען דאָס לעבן איז אים געוואָרן כמעט איבעריק, זיך אויסגערעדט זיין

ווייטיקדיק הארץ פאר איר, פאר א ווילד פרעמדער. פשוט, ווייל ער האָט קיין אנדערן אָדער אנדערע נישט געהאט וועמען צו שטעלן זיינע פראגן: „פאר וואָס?" ... אמת, זי האָט אים נישט געענטפערט אויף קיין איין בריוו נישט. וואָס האָט זי אים געקאָנט ענטפערן?! ... וואָס האָט זי געוואוסט צו ענטפערן אויף אזעלכע מאָדנע פאר איר פראגן, אז אים האָט פארלאָזט זיין געליבטע, האָט נישט דערקלערט קיין שום סיבה, האָט אים נישט געזאָגט קיין „זיי-געזונט" און איז אוועקגעפאָרן מיט אן „אנדערן"? ... נייגעריק איז זי אָבער דאָך געוואָרן אז זי זאָל אים באגעגענען און „זען", זיי זאָלן זיך באקענען, ווייל באקענען דארף זי דאָך עמעצן, א יידיש ייִנגל — איז ווער ווייסט, אפשר וועט עס זיין „ער"?! ... אירע עלטערן זענען אזוי אומרואיק, גלייך זי וואָלט נישט געווען קיין צוואָנציק יעריקע, נאָר שוין אן אלטע פארזעסענע מויד, ביי וועמען מע דארף שוין פלעכטן דעם גרויטן צאָפ ...

די עלטערן? אוודאי זענען זיי אומרואיקע, ווי סיי וועלכע עלטערן אין זייער לאגע. וואָס קאָנען זיי זיך דערוואַרטן? עס איז נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן קיין גוטס. עס איז פאר יעדן און כמעט אומעטום קלאָר: דער מצב איז היינט אזעלכער, אז א יידיש מיידל האָט זיך נישט וואו צו באגעגענען מיט א יידיש ייִנגל אז זיי זאָלן זיך קאָנען „פארליבן" און אָן א שדכן חתונה האָבן. הגם סע וואָלטן אפשר נאָך געווען אזעלכע, אָבער זיי „באגעגענען" זיך נישט, צווישן זיך, נאָר ער באגעגנט א נישט-יידיש מיידל און זי באגעגנט א נישט-יידיש ייִנגל — אויב מע וויל שוין יאָ זיך פארזיכערן אז די אייניקלעך זאָלן זיין יידן, איז מוז מען אָנקו-מען, ווי צוריק מיט יאָרן, צון א שדכן ...

נו, פאר די עלטערן איז עס גאָר פשוט, תמיד פרעגט מען זיך נאָך, וועןמע באגעגנט א ייד פון אן אנדערער געגנט: איז ביי אייך פאראן א ייִנגל צי א מיידל וועלכע וויל חתונה האָבן? ... אויך דאָ, אין רומע-ניע, בפרט אין מאראמאָרעש, מוז מען זוכן פון אן אנדערער געגנט. פון דער מאָלדאָווע, פון באנאט, פון בוקארעשטער געגנט — ווייל דאָ-הי, אין מאראמאָרעש צי אין טראנסילוואניע איז זעלטענער צו געפינען. דאָ זענען ווינציקער געבוירענע נאָך דער מלחמה. פשוט, ווייל סע זענען נישט געווען צו פיל מאמעס, זיי זענען נישט צוריק געקומען פון אויש-

וויץ, אז זיי זאָלן געבוירן פון דאָס ניי קינדער ... נו, טאקע, איז דער אויסוואל א גאָר קליינער. גיכער קאָן מען געפינען א שידוך אין דער מאָלדאָווע, אין דער בוקאָווינע — נו, אָבער דאָס איז דאָך שוין נישט קיין שידוך פון „פארליבטע", דאָס הייסט פאר די היינטיקע מאָדערנע צייטן, פאר דער היינטיקער יוגנט, פארן ייִנגל צי מיידל, וועלכע זאָלן בעטן און געבן די „האנט" און זאָגן „יאָ"...

... אויך זי, דאָרי (דער דימינוטיוו פון דבורה!), האָט באגעגנט מערער ייִנגלעך. לעצטנס האָט זי באגעגנט איינעם שאָני (דער דימינוטיוו פון שאנדאָר, אויף אונגעריש. אויף רומעניש הייסט ער אלעקסאנדרו!), שאָני ... קודם האָבן זיי זיך באגעגנט געלעגנהייטלעך, צופאליק. ביידע האָבן זיך קעגנזייטיק באמערקט און זיך געשאָנקען די געהעריקע אויפמערקזאמקייט, דערנאָכדעם האָבן זיי זיך שוין באגעגנט אין אן אָפּגערעדטן „ראנדעוואו", בסוד, אז די עלטערן (נישט אירע און נישט זיינע) זאָלן דערפון נישט וויסן. דערנאָכדעם, דערנאָכדעם איז עס צו ביסלעך אריין ווי אין א געוויינהייט און האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באגעגענען אין די אָוונטן, שפּאצירן אין פּארק, אין סיגעטער מילגאָרטן, וואו דאָס ליכט איז, ווי אין אלע פּארקן מיט הויכע געדיכטעביימער, אין גרויס מאנגל. און קיינער קיין שום פרעמד אויג זעט זיי נישט ... אפילו זיי גופא זעען זיך דאָך אויך נישט זייער „קלאָר". טאפּן זיי זיך קוים אָן, אז זיי זאָלן זיך „דערפילן" אין זייער נאָענטקייט, אין זייער גאָר נאָענטקייט, אין זייער נאָענטער נאָענטקייט, אין זייער אינטימער נאָענטקייט, אין זייער באהעפטן זיך, אין זייער צונויפגיסן זיך, אין זייער צונויפפלעכטן זיך פון ביידע אין איין דערוואַרעמטן קערפּער, א הייסן, א דערהיצטן, א פייערדיקן, וואָס פלאקערט ווי א פאקל, ברענט און ברענט — ביז ער לעשט זיך פאמעלעך אוים אין א זיסן ליבנדיקן צאנקען, קילט זיך אוים פאמעלעך, פאמעלעך, פאמעלעך ... און יעדער פון זיי פילט א זיסע מידקייט, פאלן אוועק, יעדער באזונדער, ווי אין א שלעפערדיקער אפּאטישקייט, ווי כמעט אין א פארפרעמדקייט ... דערנאָכדעם טוט ער קודם א קוק אויפן האנטזייגערל, דערנאָכדעם דערמאנט זי זיך אז עס איז שוין שפּעט און מע מוז גיין גיך אהיים ... אָדער מע הייבט אָן פון דאָס ניי, אויב דער זייגער „טרייבט" נאָך נישט אהיים.

סע צינדט זיך ווידער אָן דאָס נישט געגצלעך אויסגעלאָשענע בלוט אין די אָדערן, קודם אין זײַנע אָדערן, דערנאָכדעם ווי א ווידער-קול אין אירע און ביידע צוזאמען פארגעסן שוין ווידער אז עס איז פאראן אויך א חוץ זיי א וועלט, אז יעדער דארף גיין אין זיין היים, זיך לייגן שלאָפן, יעדער אין זיין בעט... מע פארגעסט זיך שוין ווידער, הייבט מען אָן פון דאָס נײַ זיך היים צו קושן, זיך אונטערצוציגדן אָדער גאָר צו לעשן מיט די זעלביקע פארצוקנדיקע הייסע קישן, באגלייטע מיט טרערן, זידיקע טרערן, וואָס ברענען ווי פייערדיקע קוילן... און ער פרעגט אין א געשעפּטש אין אירע אויערן, פארדעקטע מיט אירע פעך-שווארצע געקרייזלטע ווי כמעט ציגיינערישע האָר: „פאר וואָס ווייגסטו, עס איז דאָך אזוי זיס?“... און זי ענטפערט נישט אויף זיין נאיווער פראגע, נאָר האלדזט אים קראמפּהאפּטיק נאָך פעסטער צו זיך, ווי מיט שלאנגען-צוואנגען נעמט זי ארום זיין האלדז מיט אירע הייסע אָנגע-צונדענע הענט, אז ער דערפילט אז סע ווארגט אים דאָס זיסקייט, און ער נעמט עס אָן ווי אן „ענטפער“ אויף זיין נארישער אין אירע אויערן געפליסטערטער פראגע... נאָר, ווער דארף איצט, אין אזא „הייסן“ מאָמענט עפּעס א נארישן ענטפערן אויף א נארישער פראגע, וואָס עקזיס-טירט בכלל נישט? קיין שום פראגע עקזיסטירט דאָך אין אזא מאָמענט נישט. ביי קיינעם נישט, קיין מאָל. אלץ איז דאָך אין יענעם מאָמענט פארענטפערט, אלץ איז געלעזט. איז פאר וואָס זאָלן פונקט זיי זיך איצט אָפּגעבן מיט אזא פשוטער פראגע, אָדער אפילו מיט אנדערע פיל ערנסטערע פראגן, וואָס מענטשן אין זייער ליבע-פארשיכורטקייט שטעלן נישט אזעלכע פראגן, אין אזא „נישט-ערנסטן“ מאָמענט, ווען גאָרנישט עקזיסטירט נישט פאר זיי, מיט זיי אָדער ארום זיי, אחוץ די היץ, דאָס הייסע צעקאָכטע בלוט, וואָס ברענט אין זייערע אָדערן, אין זייערע אָנגעצונדענע קערפּערס, פאראייגטע, באהאָפטענע, צונויפגע-פלאָכטענע, ווי עס איז שוין די נאטור ביי אלע באשעפענישן, נישט בלויז ביי מענטשן, אז דער „ער“ זאָל זיך באהעפטן מיט דער „זי“, אזוי איז שוין די בריאה זינט די וועלט איז וועלט, זינט עס איז אנט-שטאנען דאָס ערשטע לעבעדיקע וועזן, אנדערש וואָלט דאָך דאָס „לעבן“ אונטערגעגאנגען און סע וואָלט איבערגעריסן געוואָרן דער המשך...

יאָ, ביז דאָס פייער לעשט זיך נישט, טאקע פון אייגענעם צו שטארקן ברענען, ביז דעמאָלט ווייסן זיי נישט אז דער זייגער גייט, אז די צייט רינט, סע ווערט שפּעט און מע דארף זיך צעשיידן און גיין, יעדער צו זיין היים...

אָט אזוי, אויף דעם אופן, איז אין אָנהייב געווען „גוט", זייער גוט. די עלטערן, ביידעם עלטערן, האָבן גאָרנישט געוואוסט און ערשט שפּעטער, שפּעטער זענען אויך די יונגע „קינדער" געוואויר געוואָרן אז עס איז דווקא נישט אזוי „גוט". אז עס איז בכלל נישט גוט. אדרבה, אז עס איז גאָר שלעכט, זייער שלעכט, וואָס שלעכטער קאָן שוין כמעט נישט זיין. איז דעריבער מוזן זיי זיך צואיילן עפּעס אונטערנעמען צו טון... אָבער, דערווייל, דערווייל ווייסן זיי דאָך נאָך נישט אלץ. זיי אנען בלויז...

... און עס איז טאקע מיט דער צייט געוואָרן נישט גוט. אלע האָבן עס דערגאָכדעם געמוזט אָנערקענען אז עס איז נישט גוט. גאָר נישט גוט, וואָס נישט גוט קאָן זיין...

צו ערשט האָט עס טאקע זי גופא באמערקט. דאָרי האָט „דערפילט" אין זיך אן ענדערונג. דערנאָכדעם האָבן זיך שוין פון עפּעס דערוואוסט אויך אירע עלטערן. אויך די עלטערן האָבן אָנגעהויבן אנען, דרינגען, הגם זיי האָבן נאָך נישט „געזען" אז זי איז אוועק אויף א שלעכטן וועג. זיי האָבן נאָך נישט געוואוסט גאָרנישט אויף זיכער, אָבער געאנט האָבן זיי שוין, אז פון די אָוונטיקע שפּאצירן, פון די אָפטע באגעגענישן מיט שאָנין וועט קיין גוטס נישט ארויסקומען. נו, טאקע, וואָס פאר א גוטס קאָן דערפון ארויסקומען?! ...

ב

צוריק מיט א דרייסיק יאָר איז געווען, נישט איצט גערעכט, אזא פאל אין סיגעט. דעמאָלט ווען עס איז נאָך געווען אין וואָס זיך צו קלויבן. סע זענען געווען יידישע ייִנגלעך וויפל מע האָט געוואָלט — און דאָך: האָט א יידיש מיידל זיך פארליבט אין א רומענישן לאָקאָטעגענט, וועלכער האָט ביי זיי געוואוינט אין קווארטיר. געוואוינט און נישט מער. נישט מער? יאָ, קודם נישט מער, אָבער מיט דער צייט איז עס דערגאנ-

גען צו גאָר „מער״ ... דער דרויסן האָט גאָרנישט געוואוסט. וואָס קאָן וויסן דער דרויסן וואָס סע קומט פיר אינעווייניק, הינטער פארמאכטע טיר און פענצטער, הינטער אראָפּגעלאָזטע שטאָרן, און סע ברענט נישט דאָס ליכט?! ... די עלטערן, וועלכע האָבן שוין שפּעטער יאָ עפּעס דער־שנאַפּט, האָבן קיינעם נישט אויסגעזאָגט זייער הארצווייטיק ... דעמאָלט, אין יענער צייט, איז געווען קלאָר, אז אויב זיי זאָלן וועלן חתונה האָבן דארף זי זיך שמדן, אוודאי וועט ער זיך נישט מגייר זיין צוליב דעם. תמיד איז דאָך מיינסט די „זי״ געווען יענע, וועלכע האָט געמוזט טון דעם פאטאלן טריט צו אים, נישט ער צו איר ... און אויב שוין יאָ, וואָס איז דעמאָלט געווען אין סיגעט ערגער ווי געשטאָרבן, וועט מען אים דורך דעם גאנץ זיכער ארויסטרייבן פונעם מיליטער. מיט אזא חתונה האָבן וועט מען אים מער נישט האלטן צווישן די אָפיצירן ... האָבן זייביידע מחמת דעם געענדיקט מיט זיך. מסתמא קודם זיך גע־שוואָרן, ווי דער שטייגער איז, אין אייביקער ליבע, אז נאָר דער טויט וועט זיי צעשיידן ... האָט מען זיי געפונען ביידע ארומגעהאלדזטע, דערשאָסענע, אין קוקורודזע־פעלד נעבן יידישן בית־עלמין. אין דעם בריוו, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט פאר די עלטערן און געבעטן מחי־לה, האָבן זיי אויך געבעטן אז מע זאָל זיי ביידע באהאלטן אויפן יידישן בית־עלמין צוזאמען, אין איין קבר, אָדער כאָטש ביידע אין שכנותדיקע קברים ...

נו, דאָס איז געווען דעמאָלט. פאר דער שואה, ווען די מחיצה איז געווען שארף קאָנטורירט צווישן יידן און נישט־יידן. דעמאָלט האָט מען נישט געקאָנט מאכן קיין געמישטע חתונות אָן א גלח, אָן שמד ... היינטיקע צייטן גייט עס צו פשוטער. קיינער דארף זיך נישט שמדן. מע דארף נישט גיין צום גלח און אויך נישט, להבדיל, צום רב — נאָר מע גייט צו דער פרימעריע און מע זאָגט „יאָ״ ...

איאָ, עס איז פשוט? !

נו, איז עס אויך איצט נישט זייער פשוט ...

אָבער דעמאָלט, דעמאָלט איז עס געווען ממש א טראגעדיע. נישט בלויז זייער געמיינזאמער טויט איז געווען טראגיש, נאָר אויך ביז דעם, ווען זיי זענען דערגאנגען צו דעם. אמת, ערשט ביי זייער טויט איז עס

באקאנט געוואָרן דעם דרויסן און איז געווען א געלעגנהייט פאר אלער־ליי קאָמענטארן, דווקא ווייל מע האָט געגוי גאָרנישט געוואוסט. פון וואנען זאָל מען געווען וויסן? אין יענעם קורצן בריוול וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט זענען נישט געווען קיין איינצלהייטן. דאָס האָט יעדער זיך אויסגעטייטשט לויט דער רייכקייט פון זיין פאנטאזיע און לויט די אינטערעסן.

זיינע עלטערן, למשל, וועלכע מע האָט פארשטענדיקט אז זאָלן קומען קיין סיגעט צו דער לוויה, האָבן באשולדיקט „זי", אז זי איז אים ארייננעקראָכן אין בעט האָט ער נישט געהאט קיין כוח זי ארויס־צוטרייבן... און צוריק געשמועסט, האָבן זיי געטענהעט, וועלכער יונ־גער לאָקאָטענענט, וועלכער איז א „קאוואלער", וועט מבייש זיין און אָפּזאָגן א יונג שיין מיידל, אויך ווען זי איז א יידישקע?! ... אוודאי האָט ער נישט געקאָנט זי אוועקטרייבן, האָט ער זי „געליבט" — ווייל זי האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף זיין האלדז און אים „אומגליקלעך" גע־מאכט... ער האָט אפילו געוואָלט פארלאָזן דאָס מיליטער און אוועק־פאָרן פון דאנען, וואו קיינער קאָן זיי נישט און מע ווייסט נישט אז ער איז א קריסט און זי איז א יידישקע... זי האָט אים פאראומגליקט, האָבן זיינע עלטערן געטענהעט און נישט אויסגעזאָגט אז דאָס אלעם ווייסן זיי פון זיין א בריוו צו זיי.

„ער" האָט זי פאראומגליקט, האָבן אירע עלטערן געטענהעט. וואָס האָט זי נעבעך געוואוסט? זי איז דאָך נאָך געווען א שול־מיידל, נאָך נישט פארענדיקט די גימנאזיע... און — דערנאָכדעם האָט ער זי דער־שאָסן. זי האָט דאָך זיך נישט געקאָנט שיסן אליין. דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, ווי דער פינצטערער טאָג. האָט ער גופא זי דערשאָסן, מיט זיין רעוואָלווער, און ווען ער האָט שוין געזען וואָס ער האָט אָפּגעטון, האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון פון דער רציחה און ער האָט דערנאָכדעם אויך זיך דערשאָסן. דאָס הייסט, אז ער האָט זי דערהרגעט, ערשט דער־נאָכדעם האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן, פאר מורא...

אמת, מע האָט תיכף אויסגעפאָרשט, געמאכט אן אנקעטע, אָבער דער דרויסן האָט אויך שפעטער נישט געקאָנט געוואויר ווערן דעם אמת־דיקן אמת, ווייל די אנקעטע האָט דאָך געמאכט די פאָליציי צוזאמען

מיטן פירשטייער פון דער ארמיי, ער איז דאָך געווען אַן אָפיציר... אָבער, מע האָט געשמועסט אַז ביים פּאַלמעסן זאָל מען געווען אויסגע־פונען אַז זי איז געווען מעוברת שוין אין פיפטן חודש... אַז מע האָט נישט געוואוסט דעם ריינעם אמת — האָט מען געשמועסט, וואָס יאָ און וואָס ניין, וואָס עס איז נאָר געקומען עמעצן אויפן געדאַנק.

דאָס איז געווען דעמאָלט, פאַר דער שואה, ווען די מחיצה איז געווען אַן אייזערנע צווישן „ייד" און „גוי". דעמאָלט האָט מען זיך נישט געקאָנט אפילו פירשטעלן פון אַ געמישטער חתונה, אָן דעם אַז איינער פון די צדדים זאָל זיך נישט שמדן...

ג

היינט, ווען די יידישע רייען זענען זייער שיטער געוואָרן, גאַנץ מאַראַמאָרעש איז ווי אויסגעקעמט געוואָרן, און עס איז פון דער אַמאָ־ליקער ברייט־אַנטוויקלטער יידישער קהילה געבליבן נישט מער ווי אַ הוילער אויסגעקראָכענער „פּליך", קוים זענען דאָ און דאָרט געבליבן צוזן אַ ייד, ווי צון אַ האָר, איז דאָס לעבן און דער שטייגער פונעם לעבן איז אויך גייסטיק שיטערער געוואָרן. עס איז דאָך שוין כמעט נישטאָ ווער מיט וועמען זאָל זיך האַלטן נאָענט אין איין בונד פון יידישקייט. און אויך די „גוים", אויך זיי זענען שוין נישט אָן די איבערגעבליבענע יידן, אָדער קוים צוריק געקומענע פון דעפּאָרטאַציע. דאָס זענען דען יענע „זשידעם"?! קיין איינער פון זיי האָט דאָך שוין נישט קיין באָרד און פיאות... היינט, אויב מע וויל שוין חתונה האָבן גייט מען נישט צום גלח, מע גייט אין דער פּרימעריע, דאָרט פרעגט מען נישט ווער צו וועלכן גאָט ער בוקט זיך. מע פרעגט נאָר: דו אַזוינער און אַזעלכער, ביסט מסכים חתונה צו האָבן מיט דער און דער? און יעדער באַזונדער ענטפערט ווי אונטער דער נאָז, אַ קוים הערנדיקן "יאָ" — און פאַרטיק. מזל־טוב!

איאָ, עס איז פּשוט?

נו, איז עס אויך נישט אַזוי פּשוט ווי סע דאכט זיך אויס. יאָ, עס

איז טאקע כמעט אזוי געווען. תיכף נאָכן אומקערן זיך פון אוישוויץ איז עס אפשר טאקע יאָ געווען אזוי. דעמאָלט האָט מען טאקע יאָ **חתונה** געהאט אזוי. אָבער איצט, איצט האנדלט זיך עס דאָך שוין אין נײַ-גע־בוירענעם דור, נאָך אוישוויץ. דאָס זענען דאָך שוין קינדער פון עלטערן וועלכע זענען צוריק געקומען פון אוישוויץ. איצט האָט מען זיך שוין, במשך דער צײַט, הגם סע זענען אדורך בלויז א צוואָנציק יאָר, אדורכ־געוועקט, אויסגעניכטערט. איצט ווייסט מען שוין יאָ אויף וועלכער וועלט מע לעבט. אמת, מע פרעגט אויך איצט נישט אין דער פּרימעריע ביים חתונה האָבן צו וועלכן גאָט מע בוקט זיך — אָבער איצט ווייסט מען שוין אז עס איז יאָ א חילוק צווישן איין גאָט און צווייטן... און אויב סע ווייסן עס נאָך נישט די קינדער, די יוגנטלעכע, וועלכע ליבן זיך, ווילן חתונה האָבן דורך „ליבע", אויב זיי ווייסן עס נאָך נישט, איז ווייסן עס אָבער שוין יאָ די עלטערן... זיי זענען שוין אין צווישן גע־וואויר געוואָרן אז עס איז א גאָר באַזונדערער כבוד צו זײַן א רומענער, אן אָפּשטאמיקער פון די אורשטאמיקע דאקן און פארצײַטיקע רוימער, זינט א צוויי טויזנט יאָר, אויף דער דאָזיקער געבענטשטער ערד, וואָס איז היינט א סאָציאַליסטיש רומעניע... זענען אָבער די „אנדערע" עלטערן אין צווישן אויך געוואויר געוואָרן אז „אויך" די יידן האָבן שוין א לאנד, אמת, נישט זינט צוויי טויזנט יאָר, נאָר א פּרישס, א צאַפּלדיקס, פּריש-געבוירנס... ניין, נישט דווקא געבוירנס, נאָר „ווידערגעבוירנס", וואָס איז שוין אַלט העכער דריי טויזנט יאָר, וואָס איז חרוב געמאכט געוואָרן טאקע פון יענע רוימער, כמעט אין דער זעלביקער צײַט, ווען סע זאָל דאָ אויפשפּראָצן די זאָמען, דורך די זעלביקע רוימישע לעגיאָ־נען, דאָס היינטיקע רומעניע... איז זענען זיי דאָך ביידע מיוחסים, יעדער אויף זײַן אופן. זאָלן זיי ביידע זײַן געזונט און שטארק און גליק־לעך צוזאמען, אין דער זעלביקער מדינה, טאקע צוזאמען, נאָר בא־זונדער. אויך איצט, ווען זייער טאָכטער, ווי סע ווײַזט אויס, ליבט זיך מיט א רומענער, זאָל ער זײַן געזונט און גליקלעך אין נײַעם צעבליטן אויפגעריכטן רומעניע, און — זי זאָל אויך זײַן געזונט סיי דאָ סיי, אויב זיי וועלן זיך ענדלעך באַשליסן, דאָרט — אויב זיי וועלן סוף-כל-סוף דאָך פאָרן קיין ישראל...

דאָס האָט איר די מוטער געזאָגט גאַנץ אָפן, אין קלאָרע דיבורים:
„מיר, מיט אונדזעריקע, און זיי, מיט זייעריקע"...

ד

ווען זי האָט זיך שוין אָפּגעגעבן חשבון אַז זי איז מעוברת, האָט זי עס מער נישט געקאָנט פאַרשווייגן. האָט זי עס אים געזאָגט שעמעוודיק, צווישן די ציין: שאָני, סע דאַכט זיך אויס אַז דו וועסט ווערן אַ „טאַטע"... ער האָט קודם נישט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל אים דערמיט מודיע זיין, אָדער ער האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין, ווייל געוויינטלעך פאַרשטייט אַ מענטש זייער לייכט דאָס וואָס ער וויל פאַרשטיין און דאָס וואָס ער וויל נישט פאַרשטיין, דאָס דערהערט ער אפילו נישט... האָט ער נאָר געקוקט מיט אַ שטאַרן בליק ווי פאַרחידושט, אָן דעם אַז ער זאָל איבער-פרעגן, אַז זי זאָל אים פאַרטייטשן... זי האָט אָבער געדולדיק געוואַרט און אַז זי האָט זיך דאָך נישט דערוואַרט, האָט זי שפּעטער מיט אַ וואָך איבערגעחזרט: איך וועל האָבן אַ קינד...

און — ווי געוויינטלעך, איז דער מצב שוין איצט געוואָרן אַ גאָר קלאָרער. וואָלט עס געווען נישט געשען, וואָלטן זיי געקאָנט אַזוי פיר-זעצן זייער ליבן זיך ביז — ווער ווייסט ווען. ווייל עס איז דאָך געווען „גוט". אי זי האָט עס געוואָלט אי ער. ביידע האָבן עס געוואָלט. ביידע האָבן עס געפילט, אין אַלע זייערע מוח- און האַרץ-קעמערלעך...

אָבער, ליידער, איז שוין אַזוי דער סדר פונעם לעבן. אַלץ מוז איין מאָל האָבן אַ סוף, פריער אָדער שפּעטער. אָבער דער „גוטער" סוף, אָדער דער סוף פונעם „גוטן" קומט ליידער געוויינטלעך צו פרי. תמיד איז עס צו פרי, ממש פאַר דער צייט. פונקט ווי דער טויט קומט מייסנט צו פרי, בעסער געזאָגט, פריצייטיק...

אַ קינד?... אויף אַלעמען האָבן זיי זיך געווען געקאָנט ריכטן, נאָר אויף דעם נישט. ווי אַזוי זאָלן זיי זיך געווען ריכטן אַז מיר-נישט-דיר-נישט וועט קומען אַ קינד?!... איאָ, עס איז לעבערלעך? יאָ, פאַר זייטיקע, פאַר דערוואַקסענע, מיט מער דערפאַרונג איז עס לעבערלעך, ווייל וואָס איז זיך דאָ צום וואונדערן אַז ווען אַן „ער" מיט אַ „זי" באַ-העפטן זיך, איז פון צוויי „פאַראייניקטע" קומט געוויינטלעך, סיי מע

וויל עס יאָ סיי נישט, קומט א דריטס?! ... יאָ, עס איז פאַר יעדן גאָר פּשוט צום פאַרשטיין, אָבער עס איז גאָר פּשוט צום נישט-פאַרשטיין פאַר אזעלכע גאָר יונגע, אָן דערפאַרונג, ווען זיי טראַכטן איבערהויפּט נישט וואָס זיי טוען, טראַכטן נישט, נאָר לאָזן זיך פאַנגען פון זייערע געפילן נישט צום טראַכטן, נאָר צום הנאה האָבן. זיי טראַכטן נישט וואָס כע קאָן זיין, וואָס סע קאָן דערפון ארויסקומען און וועלכע כע קאָנען זיין די פאָלגן, זיי ווייסן בלויז איין זאך: חי-שעה — עס איז גוט זיך צו ליבן. כע קאָן דערפון קיינעם נישט קיין שאָדן טון, סע וועט קיינעם קיין שלעכטס דערפון נישט ארויסקומען ... יאָ, זיי האָבן נישט געוואוסט, אז סע קומט אָפּט מאָל יאָ ארויס נישט ווייניק „שלעכטס" נישט ווייניק קאָפּ-ווייטיק, דווקא פאַר זיי גופא אין דער ערשטער ריי, ערשט דערנאָכדעם פאַר זייערע עלטערן, בעסער געזאָגט, צו אלעם ערשט פאַר אירע, עלטערן. ווייל דאָס קומענדיקע קינד, וואָס איז די פרוכט פון „ביידע" איז דערווייל בלויז ביי „איר", נאָך נישט ביי „אים".

איז ווען זי האָט אים אָנגעזאָגט, ווי כלאחר-יד, די פריידיקע בשורה, איז ער געבליבן צעשויבערט און פאַרשטומט. ער האָט באמת נישט געפונען קיין ווערטער וואָס צו זאָגן. אלנפאלס איז עס פאַר אים נישט געווען קיין שום סיבה פאַר א פרייד. האָט ער נישט געזאָגט גאָרנישט. האָט ער דערווייל, ביז מע קאָן פאַרשווייגן, געשוויגן. זי אָבער האָט נישט געקאָנט שווייגן. איז ווען זאָל זי עס זאָגן? דער מוטער קאָן זי אזא בשורה נישט אָנזאָגן. עס איז בכלל נישט געווען צווישן זיי אזעלכע „פריינדלעכע" באציונגען, ווי זי האָט צו מאָל געהערט צווישן אירע באקאַנטע, אז סע זענען דאָך פאַראַן אזעלכע באציונגען צווישן א מוטער מיט איר טאָכטער, אז זי קאָן זיך אָנפאַרטרויען מיט אירע סודות, אויך ווען סע רעדט זיך פון אזעלכע אינטימע סודות, פאַר דער אייגענער מוטער. ביי איר איז עס נישט געווען דער פאַל. זי קאָן דאָס נישט טון. ביי איר וועט עס נעמען אן אנדערע ריכטונג, און אָנשטאָט צו זוכן אן „אויסוועג" ווי אזוי ארויס צו גיין פון אָט דעם אינטימען פאַרפּלאָנטערניש, וועט די מוטער אירע גאָר אָנהייבן ווידער מיט מוסר-רייד, אויף וועלכע זי האָט איצט, אין איר מצב, קיין נערוון נישט. אדרבה, זי דאַרף איצט האָבן וואָס מער פאַרשטענדעניש מצד אלע, וועלכע זאָלן

איר ארויסהעלפן ארויסגיין, נישט נאָך טיפער ארײַנפאַלן, אָדער גאָר ארײַנגעשטופּט צו ווערן אין תהום פון פארצווייפלונג... איז ביי וועמען זאָל זי געוווען זוכן פארשטענדעניש אויב נישט ביי אים, ביי איר שאָני?!

האָט זי עס מער קיינעם נישט אויסגעזאָגט. אדרבה, סע האָט איר שוין באנג געטון וואָס זי האָט עס אפילו אים שוין געזאָגט. און אז זי האָט עס אים שוין יאָ געזאָגט האָט עס איר דען צון עפּעס געהאָלפן?!... האָט זי באשלאָסן צו פּרוּוון געפינען אן אויסוועג אליין, אויפן אייגענעם חשבון. זי האָט געקאָנט א דאָקטער, א גינעקאָלאָג, אמת, נאָך גאָר א יונגער, מיט נישט פיל דערפארונג אין זיין פאך, אָבער זי האָט שוין געוואוסט אז ער האָט דאָך שוין געמאכט אוואָרטן, הגם בסוד, אָבער דאָך איז עס אָנגעקומען אויך צון אירע אויערן — איז פאר וואָס זאָל זי זיך נישט ווענדן גלייך צון אים?!

יאָ, זי איז געוווען אינפאָרמירט אויך וועגן דעם, אז דאָס געזעץ האָט זיך איצט געביטן: מע טאָר שוין נישט מאכן קיין אוואָרטן... אויב ביז איצט האָט מען געקאָנט אר"ן אין שפּיטאָל און אפילו נישט זאָגן ווער דו ביסט, וואָס דו ביסט, וואָס פאר א סיבה זאָל זיין דערצו, נאָר פּשוט גאָר אָן שוועריקייטן, צאָלן די טאקסע נישט מער ווי דרייסיק ליי, און אפשר אויב מע וויל קאָן מען אויך געבן דעם דאָקטער א פּעקל אמע-ריקאנער ציגארעטלעך — אויב מע וויל, אויב נישט, גיט מען דעם דאָק-טער גאָרנישט. יאָ, עס איז צוגעגאנגען גאָר פּשוט און לייכט — איז אָבער איצט שוין פארבאָטן צו מאכן אוואָרטן. און אויב א דאָקטער זאָל עס שוין יאָ מאכן קעגן געזעץ, איז דארף מען עס באצאָלן מסתמא מיט נישט קיין קליינער סומע... און פון אירע פארדינסטן, פון א בוכ-האלטערין אין דער סיגעטער מעבל-פאבריק, וועט זי אליין, אָן קיינעמס הילף, דאָס נישט קאָנען דעקן.

אָבער די טעג גייען, סע גייען שוין וואָכן — חדשים טאָר מען נישט לאָזן אז סע זאָלן גיין, אָן דעם אז זי זאָל גאָרנישט טון. ווייל דאָס ווייסט זי שוין, אז וואָס שפּעטער איז אלץ ערגער.

איז זי אוועק צום דאָקטער, זי האָט אים אויפגעזוכט אין שפּיטאָל, אים אוועקגערופן אין א זייט איבער אויסצוזאָגן איר סוד... אָבער דער דאָק

טער האָט זי נישט געדאַרפט פיל דערקלערן אָדער פאַרטייטשן. ווי נאָר זי האָט קוים געעפנט דאָס מויל, האָט ער זיך שוין משער געווען וואָס זי וויל. צוריק געשמועסט, וואָס קאָן וועלן אַזאַ יונג מיידל פון אַ גינע־קאָלאָג עפּעס אַנדערש?! האָט ער זי אַפילו נישט געלאָזט פיל רעדן. פון איר היקעוואַטן זיך קווענקלען אויף אַרויסצוברענגען עטלעכע ווער־טער אויף די ליפּן האָט ער שוין געהאַט איבער און גענוג אויף געוואויר צו ווערן וואָס איינגנטלעך זי וויל — האָט ער איר איבערגעריסן די שטאַמ־לענדיקע רייד און איר געזאָגט, אַז זי זאָל קומען תיכף נאָך מיטאָג. ער וועט נישט אַהיים גיין, וועט זי וואַרטן דאָ, וואו ער וועט קאָנען זי אונטערזוכן, אָן דעם אַז עמעצער זאָל זיי שטערן...

אמת, עס איז טאַקע צוגעגאַנגען אַזוי ווי ער האָט איר געזאָגט, אין דער שטיל. קיינער האָט זיי נישט געשטערט. אין זיין קאַבינעט איז אַחוץ אים קיינער נישט געווען, און ווען זי איז אָנגעקומען, האָט ער זי זייער פריינדלעך אויפגענומען, איר געהייסן, ווי שעפּטשענדיק אַז קיינער זאָל נישט הערן, הגם עס איז דאָך איצט קיינער דאָרט נישט גע־ווען, אַז זי זאָל זיך אויסטון... אין דער צייט האָט ער זיך ווי אויסגע־דרייט מיטן רוקן צו איר, אַז ער זאָל זי נישט שטערן. און ווען ער האָט שוין געמיינט אַז זי איז שוין פאַרטיק, האָט ער איר געזאָגט זאָל זיך אַנידערלייגן אויף דער סאָפע. יאָ, טאַקע אויף דער סאָפע, נישט אויף יענעם הויכן כפּעציעלן בעט אָדער געבורט־שטול, וואָס געפינט זיך ביי יעדן גינעקאָלאָג אין קאַבינעט... אָבער ווען ער האָט זיך שוין אויס־געדרייט צו איר, האָט ער באַמערקט אַז זי האָט זיך נאָך נישט אויס־געטון דאָס קורצע זיידענע העמדעלע, האָט ער מיט אַ ליבלעכן שמייכעלע געוויזן: „אויך דאָס". אויך דאָס, סע זאָל נישט שטערן ביים „אונטער־זוכן"... דערנאָכדעם האָט ער איבער געחזרט „אויך דאָס", הגם זי האָט בכלל נישט פאַרשטאַנען, וואָס קאָן „אויך דאָס" שטערן בעת אַזאַ באַ־האַנדלען? אָבער אין איר מצב, זייענדיק נישט נאָר עמאָציאָנירט נאָר ממש איבערגעשראָקן, זי איז דאָך דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אין אַזאַ מצב, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן שטייט זי אַזוי, פאַרלוירן, אַ שעמעוודיקע, פאַר די אויגן פון אַ מאַן, אַ פרעמדן, אַ ווילד־פרעמדן. איי ער איז אַ דאָקטער? נו, איז דאָך די עמאָציע און אַפילו מורא נאָך פיל גרעסער

ווער ווייסט וואָס און ווי אזוי ער מאכט די אָפּעראציע?! ... האָט זי אפילו נישט געוואגט צו עפענען דאָס מויל שטעלן פראגן. זי האָט גע־טון מעכאניש אלץ וואָס ער האָט איר געזאָגט. אלץ. און זיך געלייגט אויף דער סאָפע, א צאפּלענדיקע, א ציטערנדיקע. געגצלעך ווי די מוטער האָט זי געהאט ... ווי די מוטער האָט זי געהאט? ניין. דע־מאָלט ווען די מוטער האָט זי געהאט איז זי געווען א קינד, נישט קיין „פרוי", זי האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאט אויף איר קינדישן קערפּער קיין צייכנס פון ווייבלעכקייט, ווי געצייטיקטע פרוכטן, וואָס מע היט געוויינטלעך אויס פון א פרעמד אויג צוליב דעם צניעות און בושה־גע־פיל, וואָס וואקסט מיט, איינצייטיק מיט די דאָזיקע „צייכנס" פון ווייב־לעכקייט. דאָס איינציקע אָרט און די איינציקע געלעגנהייט וואו און ווען דאָס ווערט שוין יאָ געוויזן און געזען אומפּארדעקט, הגם אויך איצט איז עס פּיינלעך זיך אזוי צו ווייזן, איז עס דאָ ביים דאָקטער. וואָס בא־האלט מען דען אוים פאר א דאָקטער?! ...

האָט זי זיך געלייגט פּאמעלעך, נישט געוואגט, אויף דער סאָפע, ווי זי וואָלט זיך גופא געבראכט פאר א קרבן, אָבער עס איז געווען זייער אומבאקוועם. אָנשטאָט זי זאָל האָבן א קישעלע אונטערן קאָפּ, איז דאָס קישעלע גאָר געווען שוין פון פריער ווי צוגעגרייט נישט צו קאָפּנס נאָר נידעריקער, נידעריקער, אזוי אז דאָס קישעלע איז איצט גאָר אויסגע־קומען גאָר אומבאקוועם. ווידער דער קאָפּ אירער איז ווי נאָכגעהאָנגען אראָפּ, אז עס איז פאר איר שווער געווען צו ליגן. אויך ווען זי האָט געפּרואווט אונטערלייגן די אייגענע פויסט, אָנשטאָט א קישעלע, איז דער קאָפּ געבליבן ווי אָפּגעטיילט פון איר קערפּער, זי האָט כמעט גאָר־נישט געזען וואָס סע קומט פיר אין צימער. איר בליק איז דאָך געווען געווענדט אויך קעגן איר ווילן צום סופיט, פון וואנען סע האָט צון איר אראָפּגעקוקט א גרויסער מאַטער עלעקטרישער לאָמפּ, א פּראָזשעקטאָר, אָבער עס איז דאָך איצט נאָך ביי טאָג, איז אין צימער ליכטיק, איז ער אויסגעלאָשן, ווייל עס איז נאָך טאָג, יאָ, טאָג, אָבער פאר אירע אי־בערגעשראָקענע אויגן איז גאָר פינצטער. זי קוקט ווי אן איבערגעשראָ־קענע און זעט נישט גאָרנישט. גאָרנישט זעט זי נישט, בלויז דעם בלייכן סופיט, וואָס איז איצט בלינד, קוקט יאָ צון איר און זעט דאָך גאָרנישט,

איז בלינד און שווייגט, גלייכגילטיק, ווי אָפּוועזנדיק, וואָס זאָגט איר גאָרנישט ... זי האָט נאָר פּלוצים דערפילט דעם דאָקטערס הענט: איין האַנט איז געגאַנגען פּאַמעלעך ווי אַן עקלדיק מייזל וואָלט געקראָכן איבער איר, הגם די האַנט האָט געוואָלט זי לאַשטשען ווי גלעטנדיק — — —, די צווייטע האָט געטון דאָס זעלביקע, אָבער ווי פיל מער עקלדיקע מייזלעך, מייזלעך וואָס וואַרפן אָן אַזאַ אומדערקלערטע מורא אויף אַלע פרויען, אַזוי האָט זיך געשלייכט דעם דאָקטערס צווייטע... זי איז געווען אַזוי איבערגעשראָקן און עמאָציאָנירט אַז זי האָט געפילט אַ דראָזש אין איר חוט־השדרה, גלייך סע וואָלט איר קאַלט געווען, קאַלט הגם עס איז אין דרויסן פולער זומער... עס איז איר געוואָרן קאַלט, גאָר קאַלט, גלייך אַ פראָסט וואָלט זי איינגעהילט און די צייט האָט זיך געצויגן, געצויגן לאַנגווייליק, פויל, גלייך די צייט וואָלט געווען פאַרגליווערט געוואָרן און איר פיינלעך ליגן אויף דער אומבאַקוועמער סאָפע וואָלט געדויערט שעהען גאַנצע, הגם עס איז נישט אַדורך מער ווי עטלעכע סעקונדעס, און זי האָט אין איר נערוועז געשפּאַנטקייט פּלוצים דערפילט עפּעס אַ מוראַדיק איבלען, וואָס שלייכט זיך ווי אַ שלאַנג אין איר איבערגעשראָקענעם פאַרשטאַרטן קערפּער, עפּעס אַן אומאָנגענעמס, אַ פרעמדס ... קוים האָט זי געקאָנט אַרויסברענגען אויף אירע פאַרטרוקנטע בלאַסע ליפּן: „הער דאָקטער, הער דאָק ...‟ אָבער מער האָט זי נישט געקאָנט זאָגן גאָרנישט. ער האָט איר פאַרשלאָסן איר מויל מיט זיינע פאַרווילדעוועטע חיהשע ליפּן, מיט זיין אַ גרויליקן פאַרסלינעטן קוש ...

זי האָט טאַקע נישט געפילט קיין קוש. זי האָט בכלל נישט געפילט גאָרנישט און אויך נישט געוואוסט גענוי וואָס עס איז באמת פאָרגעקומען. זי האָט געציטערט, אַ פאַרגליווערטע פון שרעק און איבל, קוים געפילט זיין הייסן נערוועזן אָטעם, וואָס האָט זי געשטיקט און איר אוועקגענומען כמעט דעם אָטעם, זי איז געבליבן ווי דערשטיקט אָן לופט. האָט אפילו געפּרואווט זיך באַפרייען פון אונטער דער שווערער משא, וואָס זי האָט געפילט, האָט זיך געפּרואווט באַוועגן, אָבער זי איז געווען ווי „געקרייציקט‟ נישט בלויז די הענט נאָר אויך די פיס זענען געווען ווי צוגענאָגלט צו אַ קרייץ, דער גאַנ־

צער פארשטארטער קערפער אירער איז געווען ווי איינגעשרויפט אין א קלעם. ווי פאראליזירט, נישט געלאָזט זי באוועגן, און זי האָט געמוזט מאכן איבערמענטשלעכע באמיונגען אז זי זאָל נישט ברעכן. ווייל דער איבל איז איר געקומען אין האלדז... רעדן האָט זי נישט געקאָנט, שרייען אוודאי נישט, ווייל וואָלט זי געפרואווט שרייען, וואָלט מען דאָך דערהערט און... כ׳ וואָלט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט פון איר גאנצן צוועק, צוליב וועלכן זי איז אהער געקומען... ווייל, אויך אין דער פארלוירנסטער מינוט, ווען זי האָט שוין טאקע באמת נישט געוואוסט וואָס סע געשעט מיט איר, וואָס דער דאָקטער טוט איינגנטלעך מיט איר, אויך דעמאָלט איז געבליבן אין איר מוח א קעמערל וואָס האָט געוואכט און געוועקט זי, אז זאָל נישט פארגעסן אויף קיין איין אויגנבליק אז זי דארף דולדן אלץ, אלץ, ליידן און שווייגן, איבערשווייגן, נאָר כדי שוין איין מאָל פטור צו ווערן פון איר פארשאָלטענער שוואנגערשאפט...

איז זי געלעגן ווי א רעזיגנירטע. גלייך נישט זי גופא וואָלט עס געווען, נאָר א פרעמדע, וועלכע האָט זיך איז דער דאָזיקער אומגליקלעכער צייט אויסגעשיילט פון איר, זי וואָלט בכלל נישט געווען זי. זי האָט שוין בכלל נישט געוואוסט אויב דאָס דאָזיקע שוידערנדיקע געשעט ממש מיט איר אָדער מיט אן אנדערער אויף איר אָרט. האָט נישט געקאָנט דערשאצן אויב דאָס געדויערט שוין א מינוט צי א שעה, א שעה צי אן אייביקייט. זי איז דאָך נאָך געווען אן אומדערפארענע. דאָס ערשטע מאָל אזוי דערנידעריקט און צעטרעטן און באשפיגן און אזוי אכזריותדיק געפייניקט. דאָס ערשטע מאָל ביי א גינעקאָלאָג... דאָס ערשטע מאָל...

איז ווען דער דאָקטער איז פון איר ווי אוועקגעפאלן ווי אן אויסגעדארט אויסגעטרוקנט בלעטל פאלט הארבסט פון א בוים, נייז, ווי א שיכור פאלט אום אין א שאנץ, האָט זי קוים דערהערט ווי ער זאָגט צון איר: „טו דיך אָן"...

ער האָט זי שוין איצט געדוצט... פאר וואָס?

זי איז אויפגעשפרונגען פון דער סאָפע, אָבער שיע, בארלאָרן איר גלייכוואָג. זי איז נישט געווען ביכולת זיך אויפצושטעלן אויף

אירע פּים. האָט זי קוים געמאכט א באוועגונג און צוריק געפאַלן און געבליבן זיצן אַזוי, פאַרלוירענערהייט (זי האָט דאָך בכלל שוין נישט געפילט איר אומשולדיקע נאַקעטקייט, פיל מער האָט זי איצט געפילט איר נשמהדיקע ליידיקייט ווי איר קערפּערלעכע נאַקעטקייט!), געזעסן א ביסל אַזוי ביז זי זאָל ווי צו זיך קומען, זי זאָל זיך ווי אויסניכטערן פון א מיאוסן מוראדיקן קאָשמאַר... זי האָט געקוקט אויפן דאָקטער מיט אַזא נאַרישן שטאַרן בליק, וואָס האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגן, נאָר אויסגעדריקט שינאה, צום אים, צו זיך, צום אַלעמען וואָס איז געווען ארום איר. אַלץ איז געווען אַזוי פּיינלעך פרעמד פאַר איר. אַזוי ווילד פרעמד...

— הער דאָקטער, פאַר וואָס? — האָט זי קוים ארויסגעשטאַמלט און אין אירע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן — פאַר וואָס?...

— פּשוט, סיי ווי סיי דאַרף מען דאָך מאַכן א קליינע אָפּעראַציע... יאָ? אין פאַר וואָס זאָלן מיר נישט אויסניצן די געלעגנהייט הנאה צו האָבן?... איצט איז אַלץ שוין אין דער בעסטער אָרדענונג. מאָרגן נאָך מיטאָג מאַכן מיר דאָס איבעריקע...

— פאַר וואָס? — האָט זי איבערגעחזרט, גלייך זי וואָלט גאָרנישט געהערט זיינע נאַרישע דערקלערונגען, און ביי אים ווי געמאָנט אַן ענטפער — פאַר וואָס?... איר טראַכט נאָר צום אייער הנאה, צו מיין פּיינלעכקייט טראַכט איר נישט?!

— וואָס איז דאָס פאַר א „פּיינלעכקייט“, איר זענט דען א בתולה?... אַז איר האָט אייך געקאָנט לייגן מיט איינעם, איז וואָס קאָן איין שוין שטערן זיך צו לייגן אויך מיט מיר?!...

— ביי אייך איז עס אַלץ איינס? — האָט זי קוים ארויסגערעדט, אָבער זי האָט תיכף חרטה געהאַט, ווייל זי האָט דאָך געזען אַז זי רעדט נישט צום א „מענטש“ נאָר צום א ווילדער חיה. נאָר איבעריקנס, האָט זי דען גערעדט? סע האָט זיך איר גערעדט אויך אָן איר ווילן, ווי מע זאָגט, דער „אומגליק“ האָט גערעדט פון איר דורך איר מויל — איך האָב זיך געליבט מיטן געליבטן, איז איצט ווען איר האָט מיך ווי „געפאַנגען“ ווי אַן עלנטע אין וואַלד, א פאַרלוירענע פאַרבלאָנדזשעטע

שאָף, ניצט איר איצט אויס מיין אומבאהאָלפנקייט מיך צו פאַרגעוואַלטיקן?! ... דאָס איז אַלץ איינס? — האָט זי קוים אַרויסגערעדט די פּאָר ווערטער, אָבער סע האָט באַנג געטון. זי האָט דאָך געוואוסט אַז עס איז שוין איצט פיל בעסער צו שווייגן. וואָס וועט זי טון, אַז ער וועט זיך בייזערן און איר גאָר זאָגן אַז זי זאָל מער צון אים נישט קומען?! ווער זשע וועט איר מאַכן דעם אָוואָרט, ווער וועט זי אויסלייזן פון איר אומגליקלעכן קאָשמאַר? ווי אַזוי וועט זי פּטור ווערן פון איר שוואַנגערשאַפט? ...
יאָ, עס איז פאַרפאַלן. זי איז איצט מיאוס אַריינגעפאַלן. מיאוס. זייער מיאוס. אָט טאַקע צוליב דעם פילט זי איצט נאָך מער דאָס איבלען ... דער קאָפּ הייבט אָן שווינדלען און זי האָט פאַרלאָרן דאָס לשון. האָט געמורמלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס און אומגעפאַלן. זי האָט פאַרלאָרן די גלייכוואָג ... אַזוי איז זי, קעגן איר אָנשטרענג צוריק אראָפּגעפאַלן אין אומזמאַכטיקע, פאַרלירנדיק איר באַוואוסטזיניקייט.

דער דאָקטער האָט איר געמאַכט אַן אינעקציע, דערנאָכדעם איר געגעבן אַ גלעזעלע קאָניאַק און קוים זי דערמינטערט. ער האָט איר אויסגערעדט, אַז עס איז „גאָרנישט". סע וועט פאַרביי. סע וועט פאַרביי.

ווען דאָרי איז אַרויסגעגאַנגען פונעם דאָקטער איז זי געווען שוין אַ קראַנקע. אין מויל האָט זי געפילט אַ טעם פון איבלדיקן ביטערניש. אַריין איז זי אַ געזונטע, אָבער איצט איז זי אַרויס פון דאָרט אַ קראַנקע ... ווען זי האָט באַגעגנט אויף דער גאַס אַ מאַנצביל, האָט זי ווי אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט נישט געקאָנט קוקן אויף אַ מאַנצבילישער צורה. סע האָט זי געעקלט סיי וואָס פאַר אַ מאַנצבילישע צורה, אַ באַקאַנטער צי אַן אומבאַקאַנטער — האָט ביי איר אַרויסגערופן עקל. סע האָט זי געאיבלט, געאיבלט — האָט זי געאיילט, וואָס גיכער אָנצוקומען אַהיים, צון איר וואוינונג, וואו זי האָט געהאָפט זיך צו באַפרייען פון דאָזיקן מוראדיקן איבל־געפיל ...

ה

דאָרי איז קוים אָנגעקומען אַהיים, צון איר צימער. קוים וואָס זי איז אָנגעקומען און זיך געקאָנט אין אויסגעטוענע אַריינוואַרפן אין בעט אַריין, זי האָט דאָך אָנגעהויבן צו פאַרלירן בלוט, נאָך אויפן וועג אַהיים ...

אזוי איז זי אָפּגעלעגן דריי טעג. צו דער אַרבעט איז זי נישט געגאַנגען. זי האָט נישט געגעסן, האָט נישט געשלאָפן, קוים וואָס זי האָט געטרונקען א ביסל טיי כדי צו דערכאַפּן דאָס חיות, דערנאָכדעם האָט זי גענומען אן אורלויב און איז אהיימגעפאָרן צו די עלטערן. דאָרט איז זי אָפּגעזעסן א חודש צייט, ביז זי איז צו זיך געקומען.

קיינעם האָט זי נישט דערציילט אז זי האָט פארלוירן א קינד, וואָס איז שוין געווען העכער צוויי חדשים... ווי אזוי איז עס געשען אז זי האָט דאָס קינד פארלוירן אָן דעם אז מע זאָל געווען מאכן אן אָפּעראַציע? דאָס האָט זי נישט געוואוסט און אויך אפילו נישט געוואָלט וויסן. בכלל האָט זי שוין איצט נישט געוואָלט פון גאָרנישט וויסן. פון גאָרנישט און פון קיינעם...

...שאָני, דער איינציקער וועלכער האָט יאָ געוואוסט וועגן וואָס עס איז איר מחלה, האָט ער אויך איצט געפּרואווט זי אויסמיידן און נאָך וויינציקער געוואויר ווערן, כדי וואָס ווינציקער צו וויסן. צו וואָס טויג עס אים? אויב זי זוכט אים נישט עפּעס צו זאָגן — איז דאַרף מען נישט... אפילו דער דאָקטער, דער גינעקאָלאָג, וועלכער האָט געוואוסט איר מצב, ער האָט דאָך געוואָרט אז זי זאָל קומען צום אים, אויב נישט באַלד דעם צווייטן טאָג, אזוי ווי זיי האָבן אָפּגערעדט, איז וועט זי קומען שפּעטער מיט א טאָג-צוויי. אָבער אז ער האָט געזען אז זי קומט נישט מער, האָט ער זיך מער נישט געקימערט, און שפּעטער אויך געמאַכט זיך אז ער האָט פארגעסן. עס איז דען געווען ביי אים דער איינציקער פאַל, אז ער זאָל זיך מיט איר אָפּגעבן ספּעציעל? פאַר איז אים עס דאָך געווען נישט מער ווי א באַנאַלע אוואַנטורע, א פארגאַנגלעכע, וואָס פארבלייבט נישט אין זכרון. יאָ, פאַר אים איז עס געווען נישט מער ווי א פּשוטער „צו-פאַל", וועגן וועלכן סע פארגעדענקט זיך נישט גאָרנישט. גאָרנישט.

אזוי איז עס געווען אי מיט שאָנין אי מיטן גינעקאָלאָג. אָבער ביי איר? ניין, ביי איר איז עס נישט געווען אזוי לייכט. האָט זיך עס טאַקע דערקאָנט אויף איר פּנים. זי האָט אויסגעזען אָפּגעשוואַכט, אָפּגעצערט, בלאַס, אָן די לעבעדיקע קאָלירן פון איר פּנים, וואָס האָט פריערער געשיינט מיט איר יוגנטלעכקייט, אז זי האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אלע, וועלכע האָבן זי באַגעגנט און אויפגעכאַפּט איר

יונגטלעכן, שיינענדיקן בליק. איצט, איצט איז זי געווען כמעט אן אויסגעלאָשענע. נישט בלויז די אויגן זענען געווען ווי אויסגעלאָשענע ליכט, קוים וואָס דער „קנויט" האָט זיך נאָך אָנגעזען — נאָר דאָס גאַנצע פּנים אירס, דער גאַנצער אויסזע, איז געווען ווי אַן אויסגעברענטע האָלעוועשקע. געבליבן זענען בלויז קוילן אין אש, טליענדיקע קוילן, פאַרדעקטע מיט אש ... די אויגן אירע, איר ברענענדיקער יונגטלעכער בליק, וועלכער האָט פריער אזוי געררייצט די יוגנטלעכע, מיט וועלכע זי האָט זייער בליק באַגעגנט, אָט די זעלביקע אויגן אירע האָבן איצט ארויסגעשטראַלט מיט בייזער שינאה צו סיי וועלכן מאַנצביל.

אין איר, אין האַרץ און אין מוח, האָט אָנגעהויבן אויפשפּראָצן א מין פרעמד געפיל, וואָס האָט אָפּגעשטויסן אויך פון איר געדאַנק אָט יענעם פאַר איר שוין איצט פאַרהאַסטן באַגריף, וואָס שטעלט מיט זיך פיר דאָס וואָרט „מאַנצביל".

(מעג דאָ דערמאַנט ווערן ווי א מין אויפקלער צו איר געפיל: פאַרצייטנס, צוריק מיט א צוויי טויזנט יאָר, האָט א יידישע פרוי, וועלכע האָט געבוירן א קינד, געמוזט אָפּליגן צוויי-דריי וואָכן אין איר „אומ-ריינעם" קימפּעט-בעט, דערנאָכדעם ציילן אנדערע טעג און וואָכן, שוין ריינע טעג און וואָכן, אָבער זי האָט נישט געטאָרט לאָזן איר מאַן זיך דערנענטערן צו איר ביז זי האָט נישט געבראַכט א קרבן, א טייבעלע, צום בית-המקדש ... פאַר וואָס? האָט מען עס אויפגעקלערט אזוי: בעת די געבורט-ווייען, וואָס זענען געוויינטלעך די קריטישסטע צייט פון דעם ווייבלעכקייט, ווען די פרוי פילט די גרעסטע ווייטיקן פון איר לעבן — דעמאָלט טוט זי מסתמא א נדר צי אפילו א שבועה אין איר געדאַנק, אין איר ווייטיקדיקער פאַרצווייפלונג, אז מער קיין מאָל נישט אין איר לעבן וועט זי זיך מער נישט לייגן מיט א מאַן, כדי זי זאָל נישט זיין אויסגעשטעלט צו אזא סכנה, ווי עס איז איצט, אז זי זאָל דאַרפן אויס-שטיין נאָך א מאָל אזעלכע אומדערטרעגלעכע געבורט-ווייען ... אָבער, אזוי ווי די ווייטיקן פאַרגייען גלייך מיט דער צייט, הייבט אָן צוריק קו-מען צו ביסלעך דאָס נאָרמאַלע לעבן און דאָס ווייבלעכע אין איר הייבט אָן מאָנען דאָס נאַטירלעכע, און זי וויל שוין ווידער אָנהייבן דאָס נאָר-מאַלע לעבן מיט איר מאַן ... וואָס זשע טוט מען מיטן נדר אָדער גאָר

שבועה, וואָס זי האָט געשוואָרן ביי די געבורט־ווייען? אָט פאַר וואָס זי מוז קודם ברענגען אַזאַ קרבן, אַ טייבעלע, מע זאָל איר מוחל זיין אויף איר שבועה, דערנאָכדעם הייבט זיך אָן ווידער דאָס נאָרמאַלע לעבן!)...

... דאָרי האָט זיך נישט געקאָנט אומקערן צום „נאָרמאַלן“ לעבן. עס איז געבליבן אין איר נשמה אַ שראַם, אַן אויסגעהיילטע אָבער דאָך אַ וואונד, וואָס האָט געהאַמעוועט און געשטערט, אַז זי זאָל זיך צוריק קערן צום איר אַמאָליק ווייבלעכקייט, וואָס זאָל ווידער מאַנען דאָס „נאַטירלעכע“, דאָס ווייבלעכקייט איז ביי איר ווי אָפּגעקילט געוואָרן, אָדער ווי אָפּגעשטאָרבן, האָט זי אָנגעהויבן קוקן אַנדערש אויף סיי וועלכן מאַנצביל. אויף סיי וועלכן, אויף די באַקאַנטע און אויף די אומבאַקאַנטע האָט זי שוין מער נישט געקאָנט קוקן ווי אויף אַ פּאַרטנער, נאָר ווי אויף עפּעס אַ בריאה, צו וועלכער זי פילט שוין מער קיין שום צוצי נישט. פּשוט, זי האָט זיי שוין נישט באַמערקט מער. זיי האָבן נישט עקזיסטירט מערער פאַר איר. אַפילו יענעם גינעקאָלאָג, וועלכן זי האָט געמוזט אַזוי אָפט באַגעגענען, ווייל דאָס שטעטל איז נישט קיין גאָר גרויס יישוב נישט, אַז מע זאָל זיך קאָנען פאַרלירן — אויך אים האָט זי מיט דער צייט נישט מער באַמערקט. פּשוט, זי האָט מער נישט „געזען“...

ז

... ווען סע זאָל זיין לויט אירע געפילן, וואָלט זי שוין מערער אין איר לעבן קיין מאָל נישט געטראַכט אַפילו וועגן חתונה האָבן. זי האָט שוין בכלל נישט געטראַכט אַז אַמאָל וועט זי נאָך זיין אין שטאַנד זיך צו לייגן מיט אַ מאַנצביל. עס איז איר ווי פאַריבער יענער חשק, וואָס איז פריער געלעגן אין איר נאַטור, האָט געברענט אין איר היים יוגנט־לעבן בלוט אַז קוים האָט זי עס געקאָנט לעשן און איינשטילן... אָבער איצט, איצט איז עס ווי אויסגעלאָשן, כמעט אָפּגעשטאָרבן... אויב עס איז איר שוין יאָ צו מאָל אויסגעקומען צו רעדן מיט אַ בחור, אַ באַקאַנטן אָדער אַ קאָלעג, האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי גלייך זי וואָלט קיינעם נישט געהאַט פאַר זיך און אויב זי האָט געענטפערט אויף זייערע פראַגן, האָט זי עס געטון מעכאַניש, גלייך זי וואָלט גערעדט אין ווינט אַריין, נישט געוואָנדן צו קיינעם. אַזוי האָט זי געפילט נישט בלויז אַ

מין סאטיספאקציע, נאָר אויך א נייטיקייט כדי אָפצושטילן איר אויפגעבראכטקייט. מע האָט טאקע געפילט אויך א מין ווידערווילן אין אירע רייד, אין איר פארהאלטן בכלל. סע האָט פון איר געשטראלט מיט ווידערשפעניקייט, ווי א מין אָפשטויסנדיקע קראפט, וואָס איז שוין געקומען פון איר, פשוט, ווי פון זיך אליין. גלייך סע וואָלט שוין אזוי געווען פון תמיד ווי איר אָן איינגעבוירענע נאטור.

מאָדנע, זי האָט עס אפילו נישט באמערקט, אָבער אנדערע האָבן עס יאָ אָנגעהויבן באמערקן, און האָבן עס גאָר נישט גוט אויסגעטייטשט. אנדערע, מיינסט די מענער, האָבן געמיינט אז דאָס בלאָזט זי פון זיך צוליב דער גאווה, אז דאָס פארהאלטן אירס איז פון איבערגעטריבענער שטאָלצקייט, וואָס ליגט מיינסט אין סיי וועלכער שיינער פרוי, האָבן זיי געמיינט אז אויך איצט איז עס דער פאל מיט דאָרין. אזוי האָבן עס אויסגעטייטשט אויך אזעלכע מענער, וועלכע האָבן זי געקענט פון פריער ווי א לעבעדיקע, א לוסטיקע, גרייט אויף א פלירט, אויף א שפאס, בכלל נישט צו נעמען דאָס לעבן צו ערנסט ... איצט האָבן אויך די באקאנטע אָנגעהויבן קוקן אויף איר אנדערש. עפעס האָט זיך זיי אויסגעדאכט אז די היינטיקע דאָרי איז שוין גאָר נישט ענלעך צו דער פריערדיקער. די היינטיקע האָט אָנגעהויבן זיך פארהאלטן גאווהדיקער, מערער פארשטייפט אין איר פארהאלטונג. זי איז מער נישט אזוי היימישלעך צולאָזיק, נאָר מער גאווהדיק, דערווייטערט — און, מאָדנע, דווקא דאָס דאָזיקע קאלטקייט האָט זי צו מאָל נאָך מער צוציעוודיקער געמאכט ... דאכט זיך, אז איצטערט האָבן די בחורים שוין אָנגעהויבן קוקן אויף איר מיט נאָך מער אויפמערקזאמקייט, האָבן אלץ מער געזוכט איר פריינדשאפט, נאָך מערער ווי פריער ... אָבער, ביי דעם איז עס געבליבן, ווייטער איז עס שוין מערער נישט דערגאנגען. זי האָט שוין קיינעם נישט אָפגעענטפערט אויף די געמאכטע קאָמפלימענטן, און אוודאי נישט אויף די צווייטייטיקע ארויסרופן, וואָס האָבן איצט מער נישט באקומען קיין שום ענטפער, קיין שום עכאָ פון איר זייט, נאָר האָבן זיך ווי אָנגעשלאָגן אין א וואנט, און פון דאָרט זיך אראָפּגעגליטשט, אראָפ-אראָפ און זענען פארלאָרן געגאנגען, אָן דעם אז זיי זאָלן געווען אָנקומען צון אירע אויערן.

זי האָט מער שוין ווי נישט געהערט די מאנצבילישע ארויסרופענישן. זי איז געוואָרן אימון, ווי נאָך אַן אימפּן, קעגן א ווירוס.

אמת, קיינער האָט נישט געוואוסט קיין באשייד אויף דער פּלוציםדיקער ענדערונג, וואָס איז פירגעקומען אין דאָרים פארהאַלטונג, אָבער קיינער האָט עס אויך נישט געפּרואווט אויפקלערן. האָט דאָך יעדער זיינע אייגענע דאגות, זיינע אייגענע באשעפטיקונגען און אויך זיינע אייגענע ליבע-אינטריגעס און אפילו אָפטע פארפלאָנטערגישן ווי אויך די זעלטענערע אויפפלאָנטערנישן וואָס האַלטן שוין אָן חדשים, א יאָר, צוויי און מיט יעדן יאָר פילט זי ווי זי דערוווייטערט זיך אַלץ מער און מער פון זיך גופא, אויף איר אייגענעם פארפרעמדטן וועג, פון וועלכן זי לאָזט זיך נישט אראָפּפירן אָדער מע זאָל זי פון דאָזיקן וועג קוים קאָנען אָפּבייגן.

יאָ, די עלטערן אירע, יאָ, אויך זיי ווייסן נישט וואָס עס איז באמת פירגעקומען אין דאָרים נשמה. ווי סיי וועלכע עלטערן ווייסן אויך זיי צום ווינציקסטן וועגן זייער אייגענער טאָכטער, זיי ווייסן אויך נישט וואָס סע קומט פיר מיט איר, און נישט פאר וואָס עס איז אין איר אנטשטאנען אזא ענדערונג. זיי ווייסן איין זאָך: מע דארף איר וואָס גיכער געפינען א חתן, א יידישן חתן...

טאקע מחמת דעם זענען זיי צון איר צוגעשטאנען אז זי זאָל ענטפערן אויפן רוף פון יענעם אינזשעניר, וועלכער שרייבט איר אזעלכע „הייסע" ליבע-בריוו, הגם ער קאָן זי נאָך נישט פערזענלעך, נאָר בלויז פונעם הערן און פון איר א פאָטאָגראפיע...

זענען זיי צוגעשטאנען, אז זי זאָל טאקע מאכן די רייזע קיין בוקארעשט. זאָל זי אים זען, זאָל ער זי זען... וואָס קאָן זי דען פארלירן?

האָט זי זיך געלאָזט איבעררעדן, זיך טראַכטנדיק, אז אייגנטלעך האָבן דאָך די עלטערן רעכט: וואָס קאָן זי פארלירן אז זי וועט מאכן אזא רייזע קיין בוקארעשט, וואו סע וואַרט זי א „פעטער"?...

ז

... געשעענישן זאָלן נישט געמאָסטן ווערן מיט איין איינציקער מאָס אַלע מאָל און אומעטום. אפילו אויך די מאָס גופא איז אויך נישט

תמיד די זעלביקע. אפילו די זעלביקע וואָג ווען אין איין צייט וועגן די זעלביקע „משא" לאָמיר זאָגן אויף איין קילע, ווידער אין אן אנדערער צייט ווען די זעלביקע וואָג וועגן די זעלביקע משא אויף גאנצע הונדערט קילע ... הייסט עס, אז עס איז געוואָנדן אין דער צייט און אין אָרט און אפילו פון יענעם מענטש, וועלכער וויל די געשעענישן וועגן אָדער מעסטן ...

צו וואָס איז עס צו רייד געקומען? אקעגן דעם וואָס מע וואונדערט זיך צו מאָל, פאר וואָס האָט די זעקס-טאָגיקע מלחמה געמאכט אזא רעש, ממש אן איבערקערעניש אין אופן טראכטן און דענקען פון סיי וועלכן ייד, סיי וואו און אין סיי וועלכן מצב ער האָט זיך צו יענער צייט געפו-נען. מער אפילו ווי דאָס געשעעניש פון אויפשטעלן פון דאָס ניי מדינת ישראל.

יאָ, מע האָט טאקע באגריסט דאָס פראָקלאמירן פון דער אלט-נייער מדינה פאר יידן, נאָך א צוויי טויזנט יאָריקן אָן מדינהדיק לעבן. אלע האָבן עס באגריסט. שוין אָפּגערעדט פון די נאציאָנאל געשטימטע קרייזן. אויך דער פשוטער ייד, וועלכער האָט זיך ווינציקער אינטערעסירט מיט דער נאציאָנאלער ווידערדערוואכונג באוועגונג, אויך יענער ייד, וועל-כער האָט אקטיווירט אין די רייען פונעם „יידישן דעמאָקראטישן קאָ-מיטעט" (אזוי איז געווען דער נאָמען אין בוקארעשט — אין מאָסקווע האָט עס געהייסן „יידישער אנטיפאשיסטישער קאָמיטעט"!), אונטער דער השגחה און דירעקטן אָנפיר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי — אויך זיי האָבן זיך אין א געוויסער מאָס באטייליקט אין די פארזאמלונגען וואָס זענען צונויפגערופן געוואָרן צו באגריסן דעם „זיג" איבערן ברי-טאנישן אימפעריאליזם, און אין איין וועגס אויך שוין אויך באגריסן דאָס פראָקלאמירן פון מדינת ישראל, בפרט צו לויבן די וויכטיקייט פון דער גרויסער דיפּלאָמאטישער און אויך מאטעריעלער הילף, וואָס סע האָט געגעבן דער אנטי-אימפעריאליסטישער לאגער כדי צו העלפן די קעמפער קעגן די פרישגעבאקענע און אלט-געבאקענע שונאים פו-נעם קוים ווידער-געבוירענעם ישראל... יאָ, אלע האָבן עס באגריסט, אָבער אזוי פיל און נישט מער. לאָמיר זיך נישט נארן, דאָס לעבן איז זיך געגאנגען אויפן נאָרמאלן, אויב מע וויל זאָגן, אויך אויפן אלטן

אויסגעטרעטענעם וועג, אָדער אפילו אויפֿן נייעם וועג וואָס מע טרעט איצטערט אוים... אזוי פֿיל און נישט מער.

אזוי איז עס געשען בעתן פּראָקלאמירן מדינת ישראל. אזא מין אָפּקלאַנג האָט דאָס געשעעניש געהאט צווישן די יידן און גאָר ווינציקער, פֿיל ווינציקער צווישן די נישט־יידן... יאָ, עס איז געווען א געשעעניש, ווײַל מען איז עס איצט, ווען יעדעס יאָר אנטשטייען דאָ און דאָרט נייע מדינות, א פּשוט געשעעניש — אָבער נאָר בלויז אזוי פֿיל און נישט מער ווי א געשעעניש, אויך אפילו ווען מע ווײַל עס אָנרופֿן אן היסטאָריש געשעעניש...

עס איז אָבער דאָס מאָל, איצט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר שפּעטער, געשען א נישט פּשוט געשעעניש, נאָר ממש א נס — און נסים ווערן אנדערש אויפֿגענומען סיי ביי די יידן און פֿאַר וואָס נישט אויך ביי די נישט־יידן?! אדרבה, מע קאָן אפילו זאָגן אז טייל נישט־יידן האָבן, דאַכט זיך, דאָך אויפֿגענומען דעם נס מיט פֿיל מער באוואונדער ווי אפילו די יידן גופֿא.

אזא מין געשעעניש איז געווען די זעקס־טאָגיקע מלחמה. יאָ, דאָס איז שוין געווען עפּעס מער, עס איז שוין נישט געווען קיין פּשוט געשעעניש. ווײַל... נו, אויפֿצוקלערן דעם פֿולשטענדיקן באַטייט פֿונעם דאָזיקן געשעעניש, אויף דעם איז עס נאָך צו פֿרי. סע וועלן נאָך דאַרפֿן אדורכגיין צענדליקער יאָרן, די וואסערן זאָלן זיך אָפּרוּען און איינשטילן, כדי מע זאָל קאָנען וועגן און מעסטן מיט דער געהעריקער וואָג און מיט די געהעריקע געוויכט־שטיינער אויף צו קאָנען אָפּשאַצן די ווערט, די וויכטיקייט און די וואָגיקייט פֿון דאָזיקן געשעעניש. איצט, דאָ, מעג מען נאָך דערמאָנען אויף וויפֿל דאָס דאָזיקע געשעעניש האָט געהאט א השפּעה אויפֿן לעבן, בפֿרט אויפֿן יידישן לעבן, סיי וואו אויף דער וועלט, אָבער בפֿרט דאָ, אין דאָזיקן ווינקל פֿון דער וועלט, וואו סע האָבן זיך געפֿונען א וויכטיקער טייל פֿונעם שארית־הפּליטה, פֿון די וואָס זענען איבערגעבליבן פֿון די אוישוויצער קראַמעטאָריעס...

וואָס איז געשען, וואָס האָט אזוי אויפֿגעשויבערט דאָס לעבן און דאָס געוויסן אפילו פֿון די סאַמע איינגעדרימלטסטע יידישע געמיטער,

אז סע זאָלן אויפגעטרייסלט ווערן פון די סאַמע יסודות אויף די דערוווי־טערטסטע יידישע נשמות?! ...

דאַרף מען נישט זוכן ווער ווייסט וואו און ווער ווייסט וואָס פאַר א חקירותדיקע אויפקלערן, נאָר א טראַכט טון א ביסל וואָס עס איז גע־שען ערב דעם ערשטן טאָג פון יענע „זעקס", ווען די דראָונגען זענען געווען מוראדיק בלוטיקע, ווען די סכנה אז דאָס קליינע רעשטל, יענע וועלכע האָבן איבערגעלעבט די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זאָלן „אריינ־געוואָרפן" ווערן אין ים גלייך ווי פארפוילטע ציבעלעס, פון וועלכע די שונאים ווילן און זאָגן גאַנץ אָפן אז זיי מוזן פטור ווערן, וואָס גי־כער איז אַלץ בילכער ... און, זאָל מען נישט פארגעסן אויך דאָס נישט, אז אומזיסט האָבן פיל „כאוויירים" ביי אונדז און אויך נישט דווקא ביי אונדז געשריבן אין זייערע אומצאָליקע אָפטע אויטאָביאָגראַפיעס אז זיי האָבן נישט קיין „קרובים" אין אויסלאַנד (זאָל מען זיי נישט פאר־אורטיילן, וואָס זיי האָבן געוואָלט האָבן א ריינע, כשרע, טעקע, וואָס זאָל זיי נישט שטיין אין וועג אין זייער געטרייער און איבערגעגעבענער פּאָליטישער טעטיקייט, צוליב איינעם אָדער איינער וואָס האָט נישט געפונען דעם וועג אהיים, תיכף נאָכן צעשמעטערן די קרמאַטאָריעס, נאָר זענען אוועק ווער דורך שוועדן, ווער דורך דער שווייץ, ווער דורך ציפּרוס — און אָנגעאַנקערט דערוויל אין „קיינעמס־לאַנד", דערנאָכ־דעם זענען זיי אָנגעקומען א ביסעלע שפּעטער אין הייליקן לאַנד, וואָס האָט זיך דערנאָכדעם צו ביסלעך פארוואַנדלט אין מדינת ישראל, און מיט דער צייט געוואָרן אן „אימפּעריאַליסטישע מדינה", כמעט אין איין ריי מיט די סאַמע אימפּעריאַליסטישסטע מדינות, ממש געוואָרן א „גרויס־מאַכט", אָדער גאָר אן „איבער־גרויס־מאַכט", פיל העכער, פיל ערגער, פיל זינדיקער ווי די סאַמע אימפּעריאַליסטישסטע מאַכטן!)... יאָ, אומזיסט האָבן זייער פיל זיך אָפּגעזאָגט פון יענע „קרובים" און פשוט געשריבן אז זיי האָבן נישט קיין קרובים אין אויסלאַנד (הגם, צו־ריק געשמועסט, ווער קאָן גלייבן אז עס איז פאראַן ערגעץ אויף דער וועלט איין אייניציקער ייד, וועלכער האָט נישט קיין קרובים אין אויס־לאַנד?!)... אָבער, אָבער, אז די סכנה איז צוגעפאַלן און די קאַטאַסטראָ־פע איז געוואָרן כמעט ווי אומפארמיידלעך, אָט יענע קרובים פון וועל־

כע מע האָט זיך פריער אזוי לייכט אָפּגעזאָגט זענען איצט געשטאַנען אויף דער שוועל, ניין, ביים ברעג פונעם ים, אין וועלכן מע האָט זיי געסטראשעט אריינצוּוואַרפן — דעמאָלט האָט אויפגעשפּראָצט קודם כּאָטש אין אונטערבאַוואוסטזיין א מין מיטגעפיל (בלוט איז נישט קיין וואסער, בפרט נישט קיין ים-וואסער, אין וועלכן מע זאָל קאָנען אזוי מיר-נישט-דיר-נישט דערטרונקען א פאָלק, אָפּווישן לעבנס וואָס זענען קוים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן צוריק מיט צוואָנציק יאָר און זיי, די אָפּגעזאָגטע קרובים, זאָלן קאָנען בלייבן גלייכגילטיקע, קאַלטבלוטיקע!), סע האָט אויפגעשפּראָצט א מין סאָלידאריטעט-געפיל, וואָס איז נאָרמאַל און נאַטירלעך צו סיי וועלכן געליטענעם אָדער באַדראָטן ... יאָ, די הערצער, אַלע הערצער, די סאַמע דערווייטערטסטע הערצער האָבן זיך אויך איינגעשרומפּן פאר מורא פון דער סכנה פון דער דראָענדיקער סכנה: וואָס געשעט?!

דער הויך-פונקט פון דער דאָזיקער מורא, אָדער בעסער געזאָגט פונעם דאָזיקן מורא- און סכנה-געפיל און אויך קאָמפּלעקס, איז דערגרייכט געוואָרן אין ערשטן און בפרט אין צווייטן טאָג פון יענער „זעס-טאָגיקער“ מלחמה. מענטשן האָבן זיך אפילו נישט געוואָלט אָנקוקן אין שפּיגל כּדי צו מוזן זיך צוקוקן פּנים-אל-פּנים צום אייגענעם פּרצוף, און אוודאי און אוודאי נישט געוואָלט זיך מיט קיינעם נישט באַגעגענען, מיט קיינעם, ווייל באַגעגענען זיך הייסט אויב אפילו מע וויל נישט, הייסט עס שטעלן א פראַגע, אויף וועלכער מע האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו שעפּן אַן ענטפער, א מינדסטן ענטפער ...

אָט יענע שעהען און רגעס זענען געווען די מוראדיקסטע. דעמאָלט איז עס געווען ווי ביי יעדער קרענק די „קריזע“, אָדער-אָדער ...

דערנאָכדעם מוז מען זיך רעכענען, אַז אויך די „בעסטע“ פריינד, פון צווישן די נישט-יידן, ווען זיי זענען געשטעלט געוואָרן אין יענעם מצב, ווען זיי האָבן געדאַרפט אויסוויילן צווישן דעם זיכערסטן זיגער פונעם קענגנער פון ישראל און דעם קוים אויפגעקומענעם, קוים צאַפּלדיקן קליינעם ישראל, דעם שוואַכינקען, קוים וואָס נאָר זיך געשטעלט אויף די אייגענע פיס, וואָס אַז מע טוט אויף אים איין שטאַרקערן בלאָז

פלאצט עס ווי א זייפן-בלאז... איז ווער זשע וועט זיך שטעלן אויף יענער זייט, פונעם שוואכן צד, צו ריזיקירן אויף א זיכערן פארלוסט?! ...

וואלטן די יידן גופא נישט געווען אין „קאן‘‘, ווען דער שפיל זאל געווען נישט זיין זייערע, זייער אייגענער, וואלטן זיי דאך אפשר אויך זיך געשטעלט (לאגיש!) אויף דער זייט פון די וועלכע וועלן ‘‘מסתמא‘‘ זיגן און טאקע יא „אריינווארפן‘‘ די פארפוילטע ציבעלעס אין ים אריין?! ...

יא, די סכנה איז טאקע געווען אומפארמיידלעך.\ און דווקא צוליב דעם איז די „קריזע‘‘ פון דער „קרענק‘‘ געווען א פארצווייפלטע. געווען אזעלכע וואס האבן פארגליכן דעם דאזיקן מאמענט מיט דער סכנה פונעם חורבן בית-שלישי. דאס הייסט, פונעם ענדגילטיקן יידישן חורבן. אויף עולם-ועד. ווייל, נאכן חורבן בית-שני האט מען נאך געהאפט אז אין א שיינעם טאג וועט זיך דאך באווייזן אן אליהו הנביא, וואס זאל אנזאגן דאס קומען פון א משיח. יא, מע האט נאך געפונען כוח אויף צו קלאגן אופן חורבן-בית-שני, נישט בלויז אום תשעה-באב, נאר אויך א גאנץ יאר ... מע האט דאך געשטעלט סימנים איבער סימנים אז מע האט נישט פארגעסן קיין איין מינוט נישט יענעם גרויזאמען חורבן פון צווייטן בית-המקדש און פונעם חורבן פונעם פאלק אויף זיין אייגענער ערד?! ... נישט בלויז אין דאווענען, נישט בלויז ביים בענטשן, נישט בלויז ביים צעברעכן א גלעזל אונטער דער חופה, נישט בלויז ביי שמחות, נאר אויך אין די סאמע טרויעריקסטע מינוטן פון אן אבל, האט מען נישט בלויז אים געפרואווט טרייסטן נאר אויך מיט אים צוזאמען אויך אלע אבילי-ציון, תמיד, אין אלע אומשטאנדן האט מען דערמאנט זיך און אויך אנדערע, דערמאנט אז מע האט נישט פארגעסן אנעם חורבן און אז מע האפט מיט דער גאנצער אנטשלאסנקייט, אז כאטש דער אויסלייזער פארשפעטיקט, האט מען געהאפט און הייליק געוואוסט אז די אויסלייזונג, א משיח וועט סוף-כל-סוף דאך אייך מאל קומען...

... אבער איצט, חלילה-וחס, אויב מע וועט טאקע שוין יא „אריינווארפן‘‘ אין ים דאס הייפעלע שארית-הפליטה, ווי מע ווארפט אריין פארפוילטע ציבעלעס — איז פון וואנען וועט זיך נאך נעמען א ביסעלע כוח, אויך זיך אליין צו פארנארן, אויף צו האפן אויף א נייער

גאולה, אויף א בית-רביעי, האָ?! ... פון וואַנען וועט מען נעמען כוח?! ...

אָט יענע שעהן און רגעס זענען געווען די פאַרצווייפלטסטע, ווען די עיקר אמונה, נישט בלויז אין גאָט נאָר נאָך מערער אין מענטש, איז געשטעלט געוואָרן אויף דער וואָגשאָל. סע האָט זיך געשטעלט די באנאַלע האַמלעטישע פראַגע: זיין אָדער נישט זיין? ... קיין ענטפער איז אויף אזא מין פראַגע נישט געווען, נאָר זעלב-מאָרד. יאָ, א יחיד קאָן צו מאָל, ווען ער ווערט געשטעלט פאַר אזא מוראַדיקער האַמלע-טישער דילעמאַ, אין אזא מין פאַרצווייפלונג קאָן א יחיד באַגיין זעלב-מאָרד — אָבער א ציבור, יענער ציבור וועלכער איז פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט און קלאַמערט זיך מיט א זעלטענער עקשנות שוין טויזנטער יאָרן צו זיין גייסטיקן עבר און פאַר וואָס נישט אויך עתיד; אפילו אויך „יענע“ וועלכע האָבן נישט קיין „קרובים“ אין אויסלאַנד, יענע אלע (פאַראייניקט דאָס מאָל אין זייער אין סכנה געשטעלטן גורל!) קאָנען דאָך נישט באַגיין קיין ציבורישן זעלב-מאָרד?!

און — נאָך עפּעס: אין יענער צייט איז שוין א ביסל פריער פיר-געקומען אן אַגדערער איבערבראָך אויך אין אנדערע „אמונות“. מע האָט זיך שוין אנטוישט אין בלינדן איבערגלייבן אין מאָדערנע אָפּגע-טער. מע האָט שוין געוואַגט אָפּצופרעגן אויך דאָס, וואָס מע האָט פריער בלינד געגלייבט מיט איבערגלייבערישן פאַנאַטיזם און נישט געשטעלט קיין פראַגן. איצט האָבן זיך שוין געשטעלט פראַגן. און פרעגנדיק האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן דערמאָנען, עס איז דאָך שוין געווען אלץ איינס, אויך אין די פריער „אָפּגעזאָגטע“ קרובים ...

אָט אזוי קאָן זיך אפשר דערקלערן, אז ווען עס איז שוין יאָ אָנגע-קומען קודם די אומגלויבלעכע ידיעה, די אזוי אומגלויבלעכע בשורה, אז עס איז געשען, יאָ, עס איז געשען (ווער סע האָט נישט געטראַכט אפילו צו גלייבן אין ניסים, האָט עס איצט, אין דעם דאָזיקן מאָמענט יאָ געמוזט אָנהייבן גלייבן!), ממש א נס ...

וואָס דען קאָן עס זיין, אויב נישט קיין נס?! ...

אין דעם מאָמענט איז אויפגעשוויבערט געוואָרן יעדעס יידישע געמיט. יעדעס געמיט, אויך נישט-יידישע. אָט דאָס דאָזיקע געשעעניש קאָן מען פאַררעכענען פאַר מער וויכטיק ווי אפילו ווי דאָס פּראָקלאַמירן

פון דאָס ניי, נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, דאָס ווידעראויפלעבן פון דער יידישער מדינה. דאָס מאָל האָט ווידער אויפגעלעבט דער יידישער „איד‘‘, דאָס פּינטעלע ייד האָט אויפגעשיינט, האָט זיך דערוואַרעמט און האָט אויפגעלעבט, אויפגעשטאַנען תחית-המתים ...

אומעטום, וואו סע האָט נאָך וויברירט א נערוו פון א יידישער נשמה, א נאָענטע צי אפילו אויך א ביסל א דערווייטערטע, האָט דעמאָלט באַקומען א ביסעלע פרישע לופט, א ביסעלע קוועלנדיק וואסער, גלייך ווי א פיש ווען ער לעבט שוין אויף א טרוקעניש און לעכצט מיטן אָפענעם מויל נאָך א טראָפּן רעגן, נאָך א טראָפּן טוי ...

אָט דאָס איז געשען סוף יענע „זעקס טעג‘‘, ווי פון מעשה-בראשית, נאָך וועלכע עס איז געקומען א נשמהדיקער „שבת‘‘ ... ווער סע גלייבט, ווער סע ווייסט און ווער סע פילט — יענער וועט קאָנען אָפּשאַצן די ווערט, די געוויכט פון דער געשעעניש, פון יענער „זעקס-טאָגיקער‘‘ געשעעניש, וואָס האָט אויפגעמונטערט אלע — איז פאַר וואָס זאָל עס געוועזן נישט האָבן קיין השפעה אויך דאָ, סיי ביי די עלטערן פון דאָרין, סיי ביי דאָרין גופא, וועלכע האָט דאָך אויך געלעבט, כאָטש צווישן איין קוש און צווייטן, צווישן מענטשן וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף יידן ... און אפילו אויך די יידן האָבן שוין אָנגעהויבן קוקן אנדערש אויף זיך גופא. דאַכט זיך, אז דאָס לעצטע, ווי אזוי די יידן גופא האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף זיך גופא, אָט דאָס איז גאָר פיל וויכטיקער ווי דאָס ווי אזוי די נישט-יידן האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף די יידן ... הייסט עס, אז די יידן, וועלכע מע האָט שוין צוויי טויזנט יאָרן געהאַלטן פאַר די סאַמע פּחדנים, ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען זיך געלאָזט וואויל גיין מיט וויצן וועגן זייער פּחדנישקייט — זענען אייגנטלעך גאָר נישט אזוי פּחדניש ווי מע האָט געמיינט, אדרבה, זיי זענען גאָר אזעלכע ריזיקע גיבורים?! ... יענע באָרד-און-פּיאותדיקע בטלנים, מיט די נאָכהענגענדיקע ציצית, אז „עס איז א בושה און א חרפּה פאַר דער „מענטשהייט‘‘, אָט יענע זענען גאָר העלדישע גיבורים‘‘?!... וויי, וויי, ווי נאַריש יענע „מענטשהייט‘‘ האָט געמשפּט די בטלנישע יידן ...

האָט טאַקע ווידער אויפגעשפּראָצט דער באַוואוסטזיין פונעם יידישן „איד‘‘, נישט דווקא מוז עס זיין פון א שאָוויניסטישער שטאָלצקייט,

נאָר פון ממש א געזונטער נאציאָנאלער שטאָלץ, צו וועלכן יעדע אומה ולשון האָט תמיד געהאט א רעכט, בלויז די יידן האָבן נישט געהאט אזא מין רעכט, אָן דעם אז מע זאָל זיי פארשרייען, אפילו אליין זיך פארש־רייען, אָדער גאָר אויסלאכן, אפילו אליין זיך אויסלאכן, אָדער גאָר פאר־משפּטן, אפילו זיך אליין פארמשפּטן, פאר נאציאָנאליסטישע חטאים, וואָס זענען ביי אנדערע פעלעקר מעלות — זענען ביי די יידן גאָר חטאים...

איז עס דאָך קיין בושה נישט, ווען א יידיש מיידל זוכט צו נעמען א יידישן חתן, פּונקט אזוי ווי א רומעניש מיידל זוכט צו נעמען א רומע־נישן חתן, אן אונגעריש מיידל זוכט צו נעמען אן אונגערישן חתן, א טאָטעריש מיידל זוכט צו נעמען א טאָטער — און קיינער וועט עס נישט וואגן אויפצווווארפן אז דאָס זענען צוריקגעשטאנענע רעאקציאָנערע איבערגלויבנס, שאָוויניסטישע טונקעלע געפילן, שעדלעכע פאָרן פראָגרעס ...

... עס איז כדאי דאָ צו באמערקן, אז ווען מע וועט וועלן אמאָל מעסטן די ווערט פון יענעם ניסימדיקן געשעעניש, יענע טעג וועלכע זענען אריין אין דער געשיכטע און אין די ווערטערביכער פון „זעקס“, זאָל מען נישט טראכטן קורצזיכטיק, קליינהענדלעריש, אז צו וואָס האָבן זיי געניצט, ווען סיי ווי סיי האָט מען צוריקגעגעבן שטחים, צוריק געגעבן אפילו מערער מיט א שפּאן ערד וואָס מע האָט דעמאָלט „באפרייט“ מיטן בלוט פון יענע העלדישע גיבורים וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער יונג לעבן אויף קידוש־השם והאומה ... זאָל מען אזוי נישט טראכטן. מע טאָר אזוי נישט טראכטן. דאָס אלעס, יידישן קיום, קאָן מען נישט מעסטן מיט אייַלן ערד אין שטחים, נישט אפילו פון א גרעסערן שפּאן ערד, מעג עס זיין אין יהודה צי אין שומרון, צי אין גולן, אפילו נישט אין מזרח — — — — מע דארף עס מעסטן געשיכטלעך, מיט דער טיף פונעם אריינדרינגען אינעם געוויסן פונעם פאָלק, אין דער יידישער נשמה פונעם גאנצן פאָלק, סיי וואו זיי לעבן, אין וועלכן וועלט־ווינקל סע זאָל נישט זיין ...

געשעענישן האָבן זייער אייגנארטיקן ווערט, לויט דער צייט, לויטן מאָמענט אין וועלכן זיי קומען פיר, לויט די אומשטאנדן — איז דאָך דאָס רעלאטיוו ...

... איצט ווארט זי אז סע זאָל קלינגען דער טעלעפאָן. ער זאָל קלינגען סיי פון וואו, סיי דער פעטער זאָל איר אָנזאָגן די בשורה, אז ער האָט זיך באגעגנט מיטן בחור, און זיי ווארטן זי, אז זי זאָל אָנקומען צו דער באַגעגעניש, סיי ער, דער בחור זאָל אָנקלינגען אז ער געפינט זיך דאָרט און דאָרט, סיי ער ווארט זי נאָך יאָ איצט, אויב נישט זאָל ער כאָטש געבן א צייכן און אָנזאָגן אז זיי ווען זיך באגעגענען שפּעטער, אין אן אנדערער שעה, אָדער גאָר מאָרגן, אויב היינט איז ער פארנומען. ער מוז דאָך זי באגעגענען — ער האָט זי דאָך ארויסגערופן?! ...

איז אָבער דאָס ווארטן אירס, ווי פּיינלעך סע זאָל נישט זיין, אָן א סוף און אָן אן עק. קיינער קלינגט נישט, קיינער גיט נישט קיין שום צייכן נייעס. מחמת דעם זענען ביי איר די נערוון געשפּאנטע, כמעט איבערגעשפּאנטע. די צייט פארגייט אי פּאמעלעך אי גיך, ווי אומבאמערקט, און די שעה איז פּאריבער — דער פעטער האָט נאָך א מאָל אָנגעקלונגען, אָבער אָנשטאָט אז ער זאָל אָנזאָגן די בשורה, פרעגט ער גאָר, אויב זי האָט נישט אין צווישן באקומען א טעלעפאָן פון „אים", ווייל ער האָט „אים" נישט דערווארט. הגם ער איז געווען ביים טויער פונעם אינסטיטוט וואו ער ארבעט, אלע אָנגעשטעלטע זענען שוין ארויס, זענען געגאנגען אהיים, נאָר „ער" איז פון דאָרטן נישט ארויס ... ער האָט טאקע אָפּגעשטעלט איינעם ווי אויף צופאל, זיך נאָכצופרעגן אויב דער און דער אינזשעניר איז נאָך ערגעץ דאָ אין אינסטיטוט, איז ער גאָר געוואויר געוואָרן אז „יענער" איז בכלל היינט נישט געווען דאָ. ער איז געווען אין דער פרי, דערנאָכדעם האָט ער געזאָגט אז ער דארף גיין צום וואָקזאל עמעצן ווארטן, עפּעס א קרוב פון דער פּראָווינץ, און איז מער נישט צוריק געקומען ... עס איז מעגלעך אז ער איז געגאנגען אין עפּעס א שליחות, אָבער ער ווייסט עס נישט אויף זיכער און אויך נישט וואוהין. איינס איז אָבער זיכער, אז דאָ איז ער נישטאָ און ועט אויך אהער שוין היינט נישט מער קומען.

מיט אָט דער אויפקלערונג איז דער „פעטער" שוין געווען אין קלאָרן. הייסט עס, אז ער איז מסתמא געווען אין דער פרי ביים וואָק-

זאָל, האָט מסתמא געזען דאָס מיידל, א נאַר וואָס אראָפּגעקומענע פון דער באַן, א נישט-אויסגעשלאָפענע, א מידע, נאָך צוועלעף שעה פאָרן, א גאַנצע נאַכט, אפילו נישט גוט צוגעקעמט, האָט ער מסתמא שוין מער נישט געוואָלט זיך אפילו באַגעגענען... און וואָס איז געוואָרן פון די פילע בריוו, פול מיט ליבע-דעקלאַראַציעס, וואָס ער האָט איר געשריבן נאָך איידער ער האָט זי געזען?!

קאָן מען צו אים קיין טענות נישט האָבן. אויב ער האָט זי שוין געזען און זי איז אים מסתמא נישט געפעלן, האָט ער שוין נישט געוואָלט זיך אפילו באַגעגענען... אָבער, טראַכט דער פעטער, קיין לייטישער מענטש טוט דאָך נישט אַפּ אזוי. מע טאָר נישט אזוי מבייש זיין א יידישע טאָכטער, אויך ווען זי געפעלט דיר נישט. דו מוזסט טאַקע נישט חתונה האָבן מיט א מיידל ווען זי געפעלט דיר נישט, אָבער אזוי מבייש זיין, אז דו זאָלסט דיר אויסדרייען דעם רוקן און אפילו איר נישט געבן כאָטש אזא קליינע סאַטיספאַקציע, אז דו זאָלסט זיך מיט איר כאָטש זען, זיך באַגעגענען, גיין מיט איר אין א קאָפעטעריע עסן א שטיקל געבעקס, אן אייז-קרעם צי טרונקען א קאַווע, רעדן עטלעכע ווערטער, אז זי זאָל האָבן כאָטש אזוי פיל סאַטיספאַקציע, אז אויב זי האָט שוין יאָ געמאַכט אזא לאַנגע און מידע רייזע מיט דער באַן, זאָל זי זיך כאָטש באַגעגענען מיט א בחור...

דאָס איז איינס.

צווייטנס, האָט אויך דער פעטער זיך געפילט ווי באַליידיקט: איך בין פאַר אים עפּעס א שלעפּל, וואָס אויב ער וויל קומט ער צו דער באַגעגעניש און אויב אים קומט אָן א משוגעת, קומט ער נישט צו דער באַגעגעניש?! ער האָט דאָך געהאַט אחריות לגבי אים, ער האָט דאָך אים, אן עלטערן מענטש, אָנגעזאָגט אז ער וועט קומען צו דער באַגעגעניש. קיינער האָט דאָך דאָס פון אים נישט געפאָדערט, קיינער האָט פון אים נישט פאַרלאַנגט אז ער זאָל זיך קומען באַגעגענען מיט דאָרין, קיינער האָט אים דערצו נישט צוגערעדט אָדער ביי אים עס געבעטן. ער איז דאָך געווען יענער וואָס האָט ארויסגעוויזן אזא הייסן ווילן זיך מיט איר צו באַקענען, האָט געשריבן צו איר אזעלכע פאַרצווייפלטע בריוו, אז מע וואָלט געווען געקאָנט מיינען, אז ער איז שוין פון פריער, נאָך

איידער ער האָט זי געזן מיט זיינע אייגענע אויגן, ער האָט בלויז געהערט וועגן איר, האָט ער שוין געהאַט אַ פּאַרטיקע „דעקלאַראַציע" פון אייבי־קער און הייסער ליבע?! ... נו, יאָ, דווקא ער האָט דאָך געוועזן געדאַרפט פאָרן קיין סיגעט, אַז ער זאָל זיך דאָרט געוועזן באַקענען. נישט דאָס מיידל פאָרט צום בחור, נאָר אדרבה, דער בחור דאַרף פאָרן צום מיידל, אַז זיי זאָלן זיך זען און באַקענען, אָבער ... ער האָט געבעטן, אויב זי קאָן זיך אויסבעטן ביי איר אַרבעט צו באַקומען אַן אומבאַצאָלטן אור־לויב, בעט ער זי אַז זי זאָל קומען, ווייל ער קאָן נישט פעלן פון זיין אַר־בעט ... האָט מען טאַקע אַזוי געטון. זי האָט טאַקע אַראָפּגעקוקט פון איר כבוד און איז טאַקע געקומען. מכלומרשט אין וויזיט צון איר „פעט־טער", וועלכער איז בכלל קיין פעטער נישט, נאָר סתם אַ באַקאַנטער פון אירע עלטערן. האָבן זיי אים געבעטן אַז ער זאָל זיי טון די טובה, אָנקלינגען צו יענעם בחור און זיך מיט אים איינפאַרשטיין וואָס און ווען זיי זאָלן זיך באַגעגענען. און איצט? ... איצט האָט יענער אויס־געדרייט דעם רוקן, אָן בושה, און אים, אים, אַ בכבודיקן מענטש, באַ־קאַנט אין דער געזעלשאַפט, אים האָט ער געלאָזט צום נאַרן, וואַרטן אויף אים, הגם ער איז בכלל שוין נישט דאָ אין אינסטיטוט. ער האָט דאָך איצט אים אַרויסגעשטעלט ווי אויף חוזק צום נאַרן, נישט זי, וואָס איז אפשר זיינס גלייכן ...

ווען דער פעטער איז אַהיימגעקומען, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, האָט ער אפילו נישט געטאָרט אַרויסווייזן זיין אויפגעבראַכטקייט. אדרבה, ער האָט געמוזט „פאַרבייסן די ליפּן אַז זיי זאָלן רויט זיין". ער האָט דאָך געמוזט אויסרעדן איר, דאָרין, אַז עס איז געוועזן אַ טעות. אַ טעות, זיי האָבן זיך נישט גוט איינפאַרשטאַנען ... צו וואָס האָט עס אים גע־טויגט אָנצוווערקענען אַז ער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף פּשוט חוזק? אָבער, עס איז נאָך גאָר נישט פאַרלאָרן. זיי וועלן גיין אין אָוונט צו דער כאָר־שול דאַווענען, דאָרט וועט ער מסתמא אויך זיין. ער זינגט דאָך צו מאָל אין יוגנט־כאָר ... אַזוי ווי עס איז היינט פריייטיק, איז ביי קבלת־שבת וועלן זיי זיך זען. הגם, דער פעטער גופא האָט שוין געוואוסט אַז אַלץ איז פאַרלאָרן. סע טויג שוין מער בכלל נישט אַז זיי זאָלן זיך באַגעגענען. אויב יענער איז אַזאַ אומפאַרשעמטער, אַז ער

איז נישט געקומען צו דער באַשטימטער אָפּגעשמועסטער צייט, אויב ער האָט נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק כאָטש זיך צו אַנטשולדיקן טעלע־פּאָניש — איז טויג עס נישט. אָבער ער האָט דאָך געוואָלט געבן סאַטיס־פאַקציע פאַרן מיידל. אויב זי איז שוין יאָ געקומען אַזאַ ווייטע רייזע, פון סיגעט — איז זאָלן זיי זיך כאָטש זען...

אַזוי איז טאַקע געשען. ער האָט זיך טאַקע באַגעגנט מיטן בחור. אָבער דער פעטער האָט זיך געמאַכט אַז ער ווייסט פון גאָרנישט. ער האָט אים נישט געפּרעגט, נישט געמאַכט אים קיין פירוואָרף, פאַרוואָס ער איז נישט געקומען צו דער באַגעגעניש און אים אויסגעשטעלט אויף פּשוט חוזק. נאָר, נאָר... ער וואָלט דאָך געוואָלט וויסן...

האָט דער בחור אים געענטפערט, האָט זיך פאַר אים ווי פאַרענט־פערט: אויב זי, דאָס מיידל, הגם אַ שיינינקע, ער האָט דאָך זי געזען ווען דער פעטער האָט זי אָפּגעוואַרט... אָבער ער האָט זיך נישט גע־וואָלט ווייזן... יאָ, ווען זי וואָלט געווען העכער, אַ ביסעלע העכער, כאָטש מיט אַן עטלעכע צענטימעטער...

הייסט עס, האָט דער פעטער זיך געטראַכט, הייסט עס אַז ער האָט זי שוין יאָ געזען און אָפּגעמאָסטן אין דער לענג און מסתמא אויך אין דער ברייט, און זי איז פאַר אים אויסגעקומען צו קורץ, צו קורץ...

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ תירוץ קאָן ער נישט זאָגן פאַרן מיידל. עס איז נישט נאָר לעכערלעך, נאָר אויך פּשוט נאַריש וואָס נאַרישער קאָן עס נישט זיין... מחמת דעם איז ער שוין נישט געקומען צו דער באַגעגעניש?!... הייסט דאָך עס, אַז מע האָט צו טון נישט נאָר מיט אַ גראָבער בריאה, הגם מיט אַקאַדעמישער בילדונג, נאָר ממש מיט אַ טיפּש פון טיפּשים־לאַנד.

אויך זי, דאָרי האָט אים באַמערקט, פונעם ווייבער־שיל, בעת דער פעטער האָט מיט אים גערעדט... הייסט עס, האָט זי געטראַכט, אַז ער איז נישט אַזוי ווי זי האָט זיך אים פון פריער פירגעשטעלט, ווען זי' האָט געלייענט זיינע לעכערלעכע נאַרישע ליבע־בריוו, ער איז נישט קיין נעבעכל, ער איז נישט קיין דאַרער, נידעריקער, ווי זי האָט זיך אים פירגעשטעלט. ניין, אדרבה, ער איז גאָר אַזאַ הויכער, אַ דיקער, כאָטש

טאָפּלט ווי זי... און דאָס טיפּשות זיינס שיינט אראָפּ פון זיין נאריש פּנים אויף א מייל די ווייט...

אויב אזוי, איז דאָך שוין בעסער אזוי. איז עס אויך פאר איר נישט בלויז פארן פעטער געוואָרן קלאָר.

אָבער פאר איר, פאר דאָרין, איז עס געווען מער מיט איין דער־פארונג, א טרויעריקע דערפארונג, אויפן וועג פון זוכן אז דער חתן זאָל דווקא זיין א ייד...

און דאָס, צו זוכן א יידישן חתן, דאָס איז א חטא?!...

## 2

א

ווען דאָרי האָט זיך צוריקגעקערט פון איר „טריומף־רייזע" קיין בוקארעשט, האָט מען אויף איר נישט געקאָנט באמערקן אפילו א סימן פונעם גרויסן דורכפאל, וואָס זי האָט געליטן, אז זי האָט אפילו זיך נישט באגעגנט מיט יענעם אינזשעניר, וועלכער האָט איר געשריבן אזעלכע הייסע ליבע־בריוו. אדרבה, טראָץ דער גרויסער בושה וואָס זי האָט געליטן, האָט זי דאָך גאָרנישט ארויסגעוויזן, נישט פאר אירע קאָלעגן, וועלכע האָבן עפּעס יאָ געוואוסט פונעם ציל פון איר פאָרן קיין בוקארעשט אין וויזיט צון איר א פעטער, וועלכער איז בכלל קיין קרוב נישט — נישט פאר אירע עלטערן, וועלכע זענען צוגעשטאנען מיט זייערע נודנעדיקע פראגן: „נו, ווי אזוי איז עס געווען"?...

דער פאָמער, ווי געוויינטלעך, ער האָט דאָך נישט געהאט קיין געדולד אויסצוהערן איינצלהייטן, קיין מאָל נישט. אים האָט אינטערע־סירט תכלית, אָדער ווי ער פלעג זאָגן: „די אונטערשטע שורה", וואָס וויל הייסן, מע זאָל אים זאָגן בקיצור, דעם תמצית פון איר רייזע, וואָס וועט ארויסקומען פון די הוצאות וואָס זי האָט געמאכט, זי וועט א כלה ווערן צי נישט?

נו, האָט ער טאקע אזוי קלאָר און שארף געשטעלט די פראגן, נישט איין מאָל, נאָר זיי איבערגעחזרט זייער אָפט מאָל, אז אפילו אים איז

עס נימאס געוואָרן דאָס פרעגן, אָבער קיין תשובה האָט ער דאָך נישט באַקומען.

די מוטער, זי איז געווען מער צולאָזעוודיק, מער נענטער צום האַרץ פון איר טאָכטער, איז געווען מער געדולדיק, און געהאַט מער שאַנסן אַז זי זאָל דאָך כּל־כּל־סוף עפּעס געוואויר ווערן פון איר טאָכטער, ווי געוויינטלעך. ווייל דער מוטער וועט זי דאָך יאָ דערציילן כאָטש עפּעס ווי אַזוי און וואָס עס איז דאָרט פאָרגעקומען, אויב נישט קיין איינצלהייטן, וואָס אַ מיידל דערציילט נישט אפילו דער מוטער, אָדער דווקא גאָר דער מוטער, אַז מע זאָל קאָנען זיך משער זיין אויב דאָס גאַנצע איז נישט געווען מער ווי גאָרנישט און וועט זיך מסתמא אויך אויסלאָזן מיט גאָר־נישט, צי גאָר להיפּוך, סע וועט דערפון יאָ עפּעס ווערן, נאָר מען מוז צוווארטן אַ ביסל, סע זאָל זיך אויסצייטיקן, סע זאָל זיך אויס־פּאַרטיקן סיי דורך די קומענדיקע בריוו סיי גאָר דורך דער השתדלות פונעם פעטער, וועלכער וועט דאָך יאָ עפּעס שרייבן וואָס און ווי אַזוי.

האָט אָבער דאָרי נישט פאַרראָטן אפילו מיט אַ רמז וועגן סך־הכּל פון איר רייזע קיין בוקאַרעשט. אדרבה, אויב פריער איז זי געווען ווי ברוגזלעך, אַרומגעגאַנגען די גאַנצע צייט ווי אָנגעבלאָזן, די גאַנצע צייט, שוין זינט אַ צוויי יאָר, און כמעט קיינער (אַחוץ שאָנין!) האָט נישט געוואוסט די אמתדיקע סיבה פון איר אָפּגעזונדערטקייט, ווי פאַרשלאָסן אין זיך, האָט זי איצט גאָר אַרויסגעוויזן מער לעבעדיקייט, מער אויפ־געלעבטקייט, מער הייטערקייט, גלייך זי וואָלט אין דער אמת באַגליקט אין דער דאָרטיקער רייזע, גלייך זי וואָלט דאָרט אָנגעכאַפּט, ווי מע זאָגט, גאָט ביי די פּיס, אַזאַ גרויסן דערפאָלג האָט זי דאָרט געהאַט...

פאַר וואָס האָט דאָרי זיך אַזוי פאַרהאַלטן? דווקא צוליב דעם, אַז קיינער זאָל נישט וויסן איר מיאוסן דורכפאַל. דאָס איז געווען איר רעאַ־קציע. זאָל קיינער, אפילו אירע עלטערן, זאָלן זיי אויך נישט וויסן וואָס סע טוט זיך איבער אין איר נשמה. זי האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן מיט גאָרנישט, מיט קיין וואונק נישט. זי וויל נישט מע זאָל האָבן אויף איר רחמנות. הגם, געקרענקט האָט זי עס ביז איבער אַ שיעור. זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין די סיבה, פאַר וואָס יענער „פאַרליבטער“

אינזשעניר האָט אפילו נישט געוואָלט זיך מיט איר באַגעגענען, כאָטש לפּנים, אז ער זאָל זי נישט האָבן אויפֿן געזען, אז ער האָט זי ארויסגערופֿן צו זיך, זי האָט געמאכט די רייזע, האָט געמאכט הוצאות, האָט אָנגעוואוירן אויך פֿון איר חודש-געהאלט די עטלעכע טעג וואָס זי האָט געפֿעלט פֿון איר ארבעט — און ער האָט נישט געהאלטן פֿאר וויכטיק כאָטש לפּנים, אז זי זאָל האָבן די סאטיספֿאקציע אז זי זאָל זיך מיט אים באַקענען. יאָ, עס איז געגנוג געווען פֿאר איר, וואָס דער פֿעטער האָט דערפֿון געוואוסט, אז זי איז ארויסגעשטעלט געוואָרן אויף לייטיש געלעכטער — איז דאָס נישט גענוג פֿאר איר, דארף זי נאָך צולייגן אויך די עלטערן, אז אויך זיי זאָלן זיך דערפֿון דערוויסן?!

האָט זי געשוויגן, אָפּגעקומען מיט א שמייכל, ווען מע האָט איר געשטעלט א דירעקטע פֿראגע, און שוין. דאָס איז געווען אלץ, וואָס מע האָט זיך פֿון איר געקאָנט דערוויסן.

האָבן די עלטערן געמוזט ווארטן. זיי זענען געווען מער ווי זיכער אז דאָס ווארטן וועט נישט אָנהאלטן צו פֿיל. זיי האָבן דאָך געזען אז יענער האָט געשריבן ליבע-בריוו, פֿריער, ווען זיי האָבן זיך נאָך נישט געקאָנט פּערזענלעך, איז הייסט עס דאָך אז ער איז נישט פֿויל אויף צו שרייבן, איז וועט ער דאָך אוודאי שרייבן איצט, ווען זיי האָבן זיך שוין אוודאי יאָ באַקאָנט?! ... האָבן זיי געווארט און געווארט — און זיך נישט דערווארט. קיין איין בריוו איז שוין מער פֿון יענעם נישט געקומען ... איז געבליבן נאָר איין האָפֿענונג, אז דער פֿעטער וועט אָנשרייבן א בריוול, זיי מודיע זיין וואָס און ווי אזוי עס איז געשען. אויב עס איז נאָך דאָ בכלל אויף עפּעס זיך צו דערווארטן. איז אָבער אויך פֿונעם פֿעטער נישט אָנגעקומען קיין שום בריוול נישט.

איז ביז מע וועט שרייבן דעם פֿעטער, מע וועט אים בעטן אז ער זאָל דאָך זיי אָנזאָגן וואָס און ווי אזוי, ביז דעמאָלט האָט מען איר „געגעסן" די גאל ... מע האָט דאָרין געמאכט פּירווארפֿן, אז מסתמא האָט זי זיך דאָרט אויפֿגעפֿירט גאַווהדיק, ווי איר שטייגער איז (אזוי האָט דאָך יעדער אויסגעטייטשט איר קאלט פֿארהאלטן לגבי מאנצבילן בכלל, זינט דער לעצטער צייט!), מסתמא האָט זי אָפּגעענטפֿערט פֿאר יענעם אינזשעניר מיט א נישט פּאסיק וואָרט, האָט ער געמוזט, געצוואונגען

פון איר נישט העפלעכן פארהאלטן, זיך אָפּזאָגן און מער איר נישט שרייבן אפילו קיין בריוו, וואָס ער האָט ביז איצט יאָ געטון...

אז ער, דער אינזשעניר, איז דער וועלכער האָט אויסגעדרייט דעם דוקן און נישט געוואָלט מער וויסן פון איר — אויף דעם האָט מען אפילו נישט אָנגעהויבן טראכטן. סע האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל, נישט פארן פאָטער און נישט פאר איר מוטער. האָט מען אוועקגעשריבן א בריוול צום פעטער, א געדולדיק בריוול, א פריינדלעכס, אז מע בעט אים אז ער זאָל זיי אינפאָרמירן ווי אזוי די „זאַך" באשטייט, ווייל פון איר, פון זייער אייגענער טאָכטער, קאָנען זיי גאָרנישט נישט געוואויר ווערן. זי האלט עס בסוד, ווי געוויינטלעך פארליבטע שעמעוודיקע מיידלעך טוען... אזוי האָבן די עלטערן אוועקגעשריבן. ניין, נישט די עלטערן, נאָר בלויז די מוטער האָט אָנגעשריבן אזא „געדולדיק" בריוול. זי האָט געפּרואווט זיך ארויסווייזן גלייכגילטיק, אז דער גאנצער שידוך איז נישט אזוי וויכטיק פאר זיי. זי האָט געפּרואווט אויסבאהאלטן איר אומגעדולדיקייט. אדרבה, שידוכים זענען פאראן ביז איבער און געגנוג. זייער טאָכטער איז נישט קיין באָוול — נאָר, דאָך אזוי וואָלטן זיי געוואָלט וויסן, וואָס עס איז דאָרטן געשען...

האָט די מוטער געווארט א וואָך ביז דער בריוו קאָן שפּעטסטנס אָנקומען קיין בוקארעשט. געווארט דערנאָכדעם נאָך איין וואָך, ביז דער ענטפער קאָן שפּעטסטנס אָנקומען קיין סיגעט, געווארט געדולדיק, ווייל פריער וואָלט מען נישט געקאָנט דערווארטן קיין ענטפער... אָבער אז עס איז פאריבער א חודש צייט און קיין ענטפער איז נישט געקומען, האָט מען שוין אָנגעהויבן ציילן די טעג, ארויסגעקוקט יעדן טאָג אז דער בריוו-טרעגער זאָל ענדלעך ברענגען, אויב נישט קיין בריוו פונעם בחור, איז כאָטש דעם ענטפער פונעם פעטער.

ווען עס איז שוין אדורך דער צווייטער חודש און עס איז נישט אָנגעקומען קיין ענטפער פונעם פעטער אויך נישט — האָט די מוטער שוין אָנגעשריבן א צווייטן בריוו, דאָס מאָל שוין א ווינציקער העפלעכן, ווינציקער געדולדיקן, אָבער דאָך א פריינדלעכן, ווייל אייגנטלעך איז דאָך יענער נישט קיין קרוב אפילו און מע האָט קיין שום רעכט נישט צו מאָנען ביי אים, דאָס וואָס ער איז נישט שולדיק. אָבער דאָך, כאָטש

א ביסעלע מענטשלעכקייט איז דאָך יאָ פאַראַן אויף דער וועלט, איז פאַר וואָס זאָל ער נישט אַרויסשרייבן דעם גאַנצן אמת, ווי טרויעריק יענער אמת זאָל נישט זיין, אז זיי (ער ווייסט דאָך וואָס סע הייסט זיין א פאָטער צי א מוטער, ער האָט דאָך אויך קינדער!), די עלטערן האָבן דאָס רעכט און אויך דעם חוב צו וויסן וואָס סע געשעט מיט זייער טאָכטערס גורל...

דאָס מאָל איז שוין דער ענטפער יאָ געקומען, נישט צו די צוויי וואָכן, ווי אזוי זיי האָבן זיך געמאכט דעם חשבון, אז דאָס איז די נייטיקסטע צייט אויף צו באקומען אן ענטפער. דאָס מאָל איז דער ענטפער אָנגעקומען כמעט צו דער וואָך. דאָס הייסט אז דער בריוו איז אָנגעקומען קיין בוקארעשט אין דריי טעג, דער פעטער האָט געענטפערט אין זעלביקן טאָג, ער האָט אָנגעשריבן א לענגערן בריוו, און אין צוויי טעג ארום איז דער ענטפער שוין אָנגעקומען...

... יאָ, ער באדויערט וואָס זיי האָבן זיך אומזיסט און אומנישט אזוי געערגערט וואָס זייער טאָכטער, אזא שיינע און קלוגע און ציכטיקע, איז ביי זיי אזא דאגה?! אדרבה, הלוואי וואָלט ער געהאט אזעלכע טעכטער, נישט איינע, נאָר א גאנצן טוץ, וואָלט ער זיי ממש אויסגעצוקערט. ער וואָלט זיי געפונען חתנים אויך אָן נדן, נאָר אזוי ווי זייער דבורה איז... והא-ראיה, שרייבט דער פעטער, אָט האָט ער געפונען א דאָקטער, וועלכער זוכט טאקע דווקא אזא מיידל, א יידיש מיידל, ווי דאָרי איז... ער האָט דאָס באשמועסט מיטן דאָקטער ממש און אויך מיט זיין פאָטער, מיט וועלכן ער איז א ידיד... דאָס מאָל דארף נישט זי, דאָרי, קומען קיין בראשאָוו, נאָר אדרבה, דער דאָקטער וועט נעמען זיין אורלויב אין די זומערדיקע חדשים, וועט מאכן א רונדרייזע איבערן לאנד מיט זיין אויטאָמאָביל און וועט אָנקומען ביז קיין סיגעט, וועלן זיי זיך דאָרט באקענען — און... דער פעטער האָט אויסגערעדט דעם הארץ פאר די עלטערן, אז זיי דארפן בכלל זיך נישט ערגערן, ווייל פונקט אזוי ווי זיי זוכן א יידישן בחור (דווקא א יידישן, וואָס מע דארף אין די דאָזיקע צייטן זוכן, ווייל זיי וואלגערן זיך נישט ארום אויף די גאסן!), פונקט אזוי זענען פאראן אויך בחורים וועלכע זוכן א יידיש מיידל (ווייל אויך די מיידלעך, יידישע מיידלעך וואלגערן זיך שוין אויך נישט הייגט

אויף אלע מיסטן!), יאָ, מע דאַרף זיי זוכן. ראשית ווייל עס איז איבער־געבליבן ווינציק יידישע יונגנט אין לאַנד, און והשנית, אויך יענע וועלכע זענען יאָ פאַראַן, איילן זיך נישט חתונה צו האָבן. זיי איילן זיך מער אַוועקצופאָרן קיין ישראל, אויך אומחתונהגעהאַט.

און — צוריק געשמועסט, איז עס דען חלילה אַ בושה אַז אַ מיידל צי אַ בחור „זוכט" צו נעמען אַ יידישן חתן צי כּלה?! איז עס דען אַ בושה פאַר זיי, ווי עלטערן, אַז זיי ווילן דווקא דערלעבן זען זייער טאָכ־טער, אַז זי זאָל חתונה האָבן מיט אַ יידישן בחור? ... ניין, עס איז פאַר אים נישט קיין וואונדער וואָס זיי ווייזן אַרויס (נישט אומגעדולדיקייט, ער האָט נישט געוואָלט באַניצן אַזאַ מין וואָרט, וואָס וואָלט זיי חלילה גע־קאָנט באַליידיקן!) אינטערעס פאַר אַ יידישן שידוך. היינטיקע צייטן דאַרף מען טאַקע אַרויסווייזן אַזאַ מין אינטערעס, אויב מע וויל נישט שטעלן און געשטעלט ווערן פאַר אַ געשעענעם פאַקט, פאַר אַזאַ נסיון, ווען עס איז שוין צו שפּעט פאַר „זאָרג" אָדער „אינטערעס", נאָר עס איז אַ פּאַרטיקע טראַגעדיע, וואָס מע קאָן שוין נישט פאַרריכטן ... יאָ, ער קאָן דאָס אָפּשאַצן און פאַרשטיין. דווקא מחמת דעם שלאָגט ער פיר דעם דאָקטער ...

איז בעט ער, דער פעטער, אַז מע זאָל זיין רואיק און צווואַרטן עטלעכע חדשים, ווען דער דאָקטער וועט אָנקומען מיט זיין מאַשין קיין סיגעט. יאָ, פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט פון פריער מודיע זיין געגנוי דעם טאָג, ווען ער קומט אָן קיין סיגעט. אויב ער וועט נישט קאָנען דאָס שרייבן צו דער צייט, אָדער ער וועט וועלן זיין זיכער אַז ער וועט אָפּגעוואַרט ווערן — וועט ער רופן טעלעפאָניש ... יאָ, סע וואָלט גוט, אפשר, גוט געווען, האָט דער פעטער צוגעגעבן צום סוף פון זיין לאַנגן בריוו, אַז מע זאָל שיקן אָן איינלאַדונג פאַרן דאָקטער צו מאַכן זיי אַ וויזיט ... די פאָרעם פון דער איינלאַדונג, סיי דער בריוו זאָל אָנגעשריבן ווערן די־רעקט צון אים, צום דאָקטער, און וועט איבערגעגעבן ווערן דורך אים, דורכן פעטער, סיי די איינלאַדונג וועט נישט זיין קיין דירעקטע, נאָר מינדלעך איבערגעגעבן ווערן דורכן פעטער — דאָס וועלן זיי קאָנען אַליין באַשליסן, ווי אַזוי כע קומט זיי אויס בעסער. זיי האָבן דאָך צייט זיך דאָס צו באַטראַכטן.

דעם פעטערס בריוו האָבן זיי טאַקע אויפגענומען זייער גוט. ער האָט זיי געמוטיקט אין זייער אומגעדולדיקן וואַרטן אויפן דאָזיקן ענטפער — אָבער דאָך זענען זיי נישט געוואָויר געוואָרן, וואָס עס איז געשען מיט יענעם אינזשעניר, פאַר וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם פונעם גאַנצן שידוך? זיי האָבן געזען אַז דער בריוו מיידט אויס בכיוון און זאָגט קיין איין וואָרט נישט וועגן גאַנצן וויזיט פון זייער טאָכטער ביי אים. מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט ער נישט, אַז זיי זאָלן כאָטש וויסן, אָדער כאָטש קאָנען דרינגען אויב זי איז די שולדיקע, וואָס סע האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. האָבן זיי געמוטמסט דווקא זי, דבורהן, אַז מסתמא האָבן זיך איר געשטופּט פליי אין דער נאָז, ווי געוויינטלעך זי פירט זיך אויף, ווען זי באַגעגנט זיך מיט אַ בחור, און מיט איר נאַרישער גאווה פאַרטרייבט זי זיי.

נו, אוודאי דאַרף מען וואַרטן ביז יענער דאָקטער וועט אָנקומען. אויב סע זאָל זיך געפינען עפּעס (אויב אפילו נישט קיין בילכערס!) נאָר עפּעס וואָס זאָל געשען אין צווישן, דאָס הייסט פריער, פאַר יענעם זומערדיקן אורלויב — איז וואָלט מען דווקא יאָ געקאָנט טון עפּעס, אַז מע זאָל געפינען אַ לייטישן שידוך ...

דערווייל האָט דאָרי נישט געוואָלט אָנשרייבן קיין שום איינלאַדונג. זי האָט געטענהט, אַז אַ מיידל שרייבט נישט קיין איינלאַדונגען פאַר אומבאַקאַנטע בחורים. די עלטערן ווידער האָבן געטענהט אַז אַ מיידל, נישט נאָר וואָס זי מעג שרייבן, נאָר דאַרף אויך אָנשרייבן אַזאַ איינלאַדונג, וואָס איז צו גאָרנישט מחייב. העכסטנס וועלן זיי צוגרייטן אַ מאָלצייט און אים מכבד זיין מיט אַ מיטאָג ... אָבער איינלאַדן דאַרף מען אים דווקא יאָ, דירעקט, אָנשרייבן אַ בריוול וואָס זאָל אים איבערגעגעבן ווערן דורכן פעטער... אַזוי איז מען זיך נוהג, האָבן זיי געזאָגט. זי, דאָרי, ווידער האָט געזאָגט, אַז היינט (איר הערט?), היינט איז מען זיך אַזוי נישט נוהג ... היינט, מעג זיך אָפּשטעלן אַזאַ דורכרייזנדיקער דאָקטער נעבן סיי וועלכן הויז, מעג בעטן אַן עמער וואַסער כדי לפּנים אָפּצוקילן די מאַשין, אָבער אין צווישן אויך אַליין טרונקען אַ גלאָז פריש קאַלט וואַסער, אפילו אויך מיט מאַלענע-סיראָפּ, וואָס איז דאָ אין מאַראַמאָרעשער שטעטלעך אַזוי באַרימט ... דערנאָכדעם, אַז סע

קומט צו רייד — מעג מען אים אויך פארבעטן אויך צון א מיטאָג אָדער א וועטשערע ...

האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאראייניקן אין דער „פאָרעם‟, ווי אזוי מע זאָל אים שרייבן די „איינלאדונג‟, האָבן זיי דאָס אָפּגעשריבן צום פעטער, אז יענער זאָל זאָגן ווי אזוי עס איז בעסער — איז אזוי וועלן זיי טון.

האָט דער פעטער געגעבן געוועכט דווקא דאָרין, אז דער דאָקטער זאָל זיך „אָפּשטעלן‟ אָן קיין שום איינלאדונג, דאָס איבעריקע וועט זיך שוין דערלעדיקן אויפן אָרט, דעמאָלט ... אזוי האָט ער שוין אָפּגעשמועסט מיטן דאָקטער אויך. אזוי האָט קיינער נישט קיין התחייבותן נישט זיי צון אים, נישט ער צו זיי ...

ב

... איז דער דאָקטער, דניאל קרויס, אָנגעקומען נישט קיין סיגעט, נאָר ביז אין שטעטל וואו ער געפינט דאָרין, זונטיק נאָך מיטאָג, ערב בין־השמשות. זי איז דאָך געווען אין דער היים, ביי די עלטערן, אין זונטיקדיקן טאָג. אמת, נישט צופאליק, ווייל נישט אין אלע זונטיקן איז זי אין דער היים. אָבער איצט, ווען מע האָט געוואוסט פינקטלעך דעם טאָג, איז זי אהיים געקומען, אים דאָרט אָפּצווארטן.

ווען די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט (ער האָט געוואוסט, אז דאָס איז דאָס דריטע הויז נאָכן וואָקזאל!), האָט זיך דאָרי נישט געוויזן דער פאָטער איז לפנים ארויסגעגאנגען, זען וואָס עס איז געשען, מיט וואָס מע קאָן ארויסהעלפן פאר אן אדורכרייזנדיקן, וועלכער ביטיקט זיך אפשר אין עפעס. ער האָט נישט דערקאָנט אז ער איז עס טאקע דער דאָקטער, אָבער די מאשין, אז זי איז פון בראשאָוו, און דאָס האָט זיך דאָך יאָ אָנגעזען פונעם נומער — האָט ער קודם אָפּגעשטעקט א שלום־עליכם פארן פאָטער פונעם דאָקטער, וועלכן ער האָט געקאָנט דערקאָנען פון דער ווייטנס אז ער איז א ייד — און האָט זיי באלד, אָן שום צערעמאָניעס פארבעטן אריין צו קומען אין שטוב זיך אָפּקילן מיט אן איינגעמאכטס, מיט א מאלענע־סיראָפּ ...

האָבן זיי זיך צעטיילט: די עלטערן האָבן גערעדט עטלעכע ווערטער מיטן דאָקטערס פאָטער, וועגן זייער רייזע ביז אהער — און דער דאָקטער האָט אין צווישן זיך צעשמועסט מיט איר, מיט דאָרין, וועלכע איז איצט, איצט, אין דער אָנוועזנהייט פון אירע עלטערן געווען אויסערגעוויינט־לעך העפלעך מיטן בחור... ער האָט איר טאקע געפעלן? צי האָט זי געוואָלט אזוי ארום ארויסווייזן פאר אירע עלטערן, אז עס איז נישט געוואָגדן פון איר אויפפיר? זי טוט אלץ וואָס סע באלאנגט אין איר? ...

אָבער, וואָס קאָך שוין רעדן א מיידל מיט א ייִנגל, אויך ווען ער איז א דאָקטער, ווען דער שמועס דארף פירקומען אין הויז, אונטער די אויגן פון אירע עלטערן און אויך פון זיין פאָטער?!

האָבן זיי זיך באלד ארויסגעלאָזט גיין אויף א שפאציר, איבער דער הויפטגאס פונעם שטעטל, הגם עס איז אין צווישן שוין צוגעפאלן די נאכט... נו, וואָס איז, זיי זענען דען אין וואלד?!

וואָס זיי האָבן יאָ גערעדט, וואָס זיי האָבן נישט גערעדט — דאָס האָבן די עלטערן זיך נישט געקאָנט דערוויסן. אָבער איין זאָך זענען זיי באלד געוואויר געוואָרן, נאָך פיל פריער ווי זיי האָבן זיך געריכט, אז...

יאָ, סע ווייזט אויס אז צו מאָל שרייבט זיך די געשיכטע פיל גיכער ווי די געשעענישן קומען פיר. פארצייטנס האָט מען דאָס גערופן נביאות. היינט רופט מען עס אָן מיט א מער וויסנשאפטלעכן נאָמען, „פראָגנאָס־טיק“. ווייל ווער ווייסט עס היינט, אין דער מאָדערנער וועלט, אין אזעלכע גאָר מאָדערנע צייטן, גלייבן אין „נביאות“ וואָס שמעקט מיט איבער־גלויבלעכקייט, וואָס איז שוין ווי צוריקגעשטאנענקייט און פאסט בכלל נישט פאר יונגע מאָדערנע מענטשן?! אָבער, זעט איר, פראָגנאָסטיק, דאָס הייסט פירזען „וויסנשאפטלעך“ דעם עתיד, אָט דאָס איז שוין נישט קיין איבערגלויבעניש, אָדער איבערגלויבלעכקייט — דאָס איז שוין ממש וויסנשאפט. און ווי באוואוסט, איז די וויסנשאפט נישט אוועקצומאכן מיט דער האנט. אויב די וויסנשאפט זעט שוין עפעס פיר, איז עס אוודאי מער ווי זיכער...

איז האָבן זיך די עלטערן טאקע ווי פארזאָרגט, ווען זיי האָבן גע־זען אז דער שפאציר פארלענגערט זיך מער ווי עס איז געווען פירצו־

זען. פֿיל, פֿיל מער. אמת, עס איז אָט דאָ, אונטער זייערע אויגן, אין זייער היימיש שטעטל. עס איז אפֿילו נישט אין סיגעט. אָבער, דער שפּאַציר זייערער האָט זיך פֿאַרלענגערט, שוין נישט צו פֿוס, נאָר דווקא מיט דער מאַשין. זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן. וואוהין האָבן זיי עס געקאָנט איצט אַרויספֿאָרן, איבערלאָזנדיק זיי מיטן דאָקטערס פֿאָטער, אָן אַן אויפֿקלער?! ... זענען זיי שוין געווען פֿאַרזאָרגט, אָבער עפּעס צו זאָגן האָבן זיי נישט געוואַגט, נאָר אפֿילו אַרויסצווייזן אַזאַ מין זאָרג האָבן זיי נישט געוואַגט. אדרבה, זיי האָבן נאָך געדאַרפֿט אויסרעדן דעם דאָקטערס פֿאָטער, אַז עס גאָרנישט. די „קינדער" זענען מסתמא אַרויסגעפֿאָרן נישט ווייט. זי האָט מסתמא געוואָלט אים עפּעס ווייזן... אפֿשר זענען זיי גאָר אַריינגעפֿאָרן ביז קיין סיגעט, אַ האַלבע שעה צייט צום פֿאָרן, דאָרט זענען אפֿשר אַריין אין אַ רעסטאָראַן, צי אין אַ קאָפֿעטעריע? ...

אַזוי האָבן זיי געפּרוּווט אויסרעדן פֿאַרן גאַסט, אָבער ביי זיך האָבן זיי נישט געקאָנט איינשטילן זייער אויפֿגעבראַכטקייט, ווייל זיי האָבן דאָך געקאָנט זייער „טעכטערל", וועגן וועלכער זיי האָבן נישט געהאַט קיין גאָר גוטע מיינונג — איז ווער ווייסט מיט וואָס זי קאָן קאָליע מאַכן דעם גאַנצן שידוך... זיי האָבן דאָך געוואוסט, דאָס וואָס סע ווייסן אויך טייל מיידלעך, אפֿשר גאָר דער רוב פֿון זיי, אַז מיט אַ קאַנדידאַט, מיט אַ קומענדיקן חתן, פֿירט מען זיך אויף לגמרי אַנדערש ווי מיט איינעם, וואָס היינט באַקאָנט מען זיך מיט אים, אפֿשר ליבט מען זיך שוין מיט אים, באַלד, תּיכף, אָן צערעמאָניעס, אַראָפּגעכאַפּט אַ לוסטיקע מינוט און שוין. איין איינציקע לוסטיקע מינוט און שוין... יאָ, דאָס רוב מיידלעך, קאַנדידאַטן אויף אַ כּלה צו ווערן, פֿירן זיך טאַקע אַזוי, דאָס הייסט לגמרי אַנדערש אויף מיט אַ קאַנדידאַט אויף אַ חתן צו ווערן. יאָ, דאָס ווייסן אויך אירע עלטערן. אַזוי אַז זיי וואָלטן געקאָנט גאַנץ רואיק זיין... אָבער, וואָלטן זיי געקאָנט אין דעם זיין זיכער אַז אויך זי, דאָרי, ווייסט דאָס און רעספּעקטירט אויך איצט אָט דעם דאָזיקן כּלל?! ... אָט פֿאַר וואָס זיי האָבן זיך געמוזט אָנשטרענגען, אַז אפֿילו דער גאַסט זאָל עס נישט אָנען אָדער אַראָפּלייענען פֿון זייער פֿאַרזאָרגטן פּנים. אָט פֿאַר וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין איין קוקן אויפֿן זיי-

גער, געווען זייער וואך און נערוועז אויף יעדן מינדסטן גערויש, אויבּ־כּע דערהערט זיך ניִשט דאָס קומען פון דער מאשין — אָבער דערווייל האָבן זיי אויסגערעדט און באַרואיקט דעם דאָקטערס פאָטער: וואָס איז, זיי זענען דען מינדעריעריקע קינדער?! זיי, פון זייער זייט, האָבן זיי זיך געמאַכט קוראַזש, האָבן צוטרוי צו זייער טאָכטער... און צוריק געשמועסט, איז דאָך זיין זון, דער דאָקטער, ווי ער זעט אויס אויך ניִשט קיין מינדעריעריקער. אדרבה, ער זעט אויס צו זיין עלטער פון דאָרין כּמעט א צען יאָר, נו, איז וואָס?...

נו, איז אָפּגערעדט: אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג...

וואָס איז אָפּגערעדט? וואָס איז אין דער בעסטער אָרדענונג? — האָבן געפרעגט די עלטערן אי פארזאָרגט אי צופרידן, ווען די „קינדער" זענען צוריקגעקומען זייער גוט אויפגעלייגט, היימישלעך, גלייך זיי וואָלטן זיך שוין געקאָנט זינט א יאָר צייט. האָבן גערעדט „פער דו". דאָס הייסט, אז זיי האָבן אפילו ניִשט געפּרואווט אויסצובאהאלטן אז זיי דוצן זיך שוין... וואָס איז די גדולה?

וואָס איז די גדולה?...

האָט דער דאָקטער גענומען דאָס וואָרט און רואיק אויפגעקלערט, אויך אין איר נאָמען. ער איז דאָך דער מאנצביל, ער דארף דאָך ארויס־ווייזן די איניציאטיוו. האָט ער אָנגעזאָגט פאר די עלטערן די בשורה, אז זיי האָבן זיך איינפארשטאנען צו פארברענגען זייער אורלויב צו־זאמען ביים שווארצן־ים...

אָט דאָס איז דאָך עס טאַקע... מחמת דעם זענען זיי ארויס מיט אזא מאָדנער פראגע: וואָס איז די גדולה?... די מוטער איז די ערשטע געבליבן ווי געפּלעפט. מע האָט זיי גענומען צו אומגעריכט מיט דער גאנצער מעשה. דאָס האָבן זיי זיך לגמרי ניִשט געריכט. דאָס האָבן זיי ניִשט פירגעזען און אויך ניִשט געווען גאָר צופרידן. זיי האָבן דערווארט עפּעס אנדערש. זיי, פון דער „נעכטיקער" וועלט, האָבן זיך דערווארט אויף עפּעס אנדערש...

אמת, אויך די עלטערן האָבן זיך ניִשט געקאָנט דערווארטן אז כאַפּ־לאַפּ וועט מען באלד מאכן תנאים. יאָ, דאָס טאַקע נאָך ניִשט,

דאָס וואָלט געווען צו גיך. אָבער אז זיי זאָלן אָנזען כאָטש א סימן, אז זיי, די יונגע, האָבן זיך געפעלן, אז זיי וועלן זיך בקרוב נאָך באגעגע־נען, אז זיי וועלן זיך אָנהייבן שרייבן בריוו און מיט דער צייט (לויט זייער ווילן, זאָל דאָס זיין א זייער קורצע צייט!), זאָל זיך דער שידוך רעאליזירן — אָט אויף דעם, אויף אזעלכן האָבן זיי זיך טאַקע יאָ גע־ריכט. אָבער, אז מיר־נישט־דיר־נישט וועלן זיי גיין פארברענגען צו־זאמען ביים ים זייער אורלויב (זי, דאָרי, דארף ערשט דאָס באקומען ביי איר ארבעט, נאָך מער אָנשטרענגען אז זי זאָל קאָנען איצט גיין אין אורלויב!), אָט דאָס איז געווען נישט בלויז אן אומדערווארטער סור־פריז, נאָר אויך אן אומאָנגענעמע בשורה. אמת, זי איז שוין נישט מער קיין מינדעריעריקע, אמת, זי איז שוין נישט מער יענע הוליע־בחורטע, וואָס זי איז געווען צוריק מיט יאָרן — היינט איז זי שוין גאָר אן אָפּ־געקילטע, גלייך זי וואָלט שוין פארעלטערט געוואָרן נאָך פאר דער צייט (הגם זיי האָבן נישט געוואוסט די אמתע סיבה!), זי הענגט זיך שוין נישט מער אויפן האלדז פונעם ערשטן מאנצביל וואָס קומט איר אונטער — איז אָבער די פראגע, אז א מיידל, בפרט א מיידל פון א באלעבאטיש הויז, ווי זיי האלטן זיך, גייט נישט אליין צום ים צוזא־מען מיט א בחור, וועלכן זי האָט נאָר וואָס זיך מיט אים באקענט... יאָ, זיי וויסן דאָך (אלע עלטערן וויסן דאָס פיל בעסער פון זייערע קינדער, בפרט פון דער היינטיקער יוגנט!) אז, וואָס וויל אייגנטלעך סיי וועלכער בחור פון א מיידל, בפרט אזא שיין מיידל ווי זייער דאָרי איז, אין די סאמע געצייטיקסעט יאָרן, בלוט און מילעך?!... יאָ, זיי האָבן שוין אפשר נישט קיין פּרעטענציעס אז זי זאָל זיין א בתולה. דאָס קאָן שוין קיין מאָדערנער בחור נישט פארלאנגען פון א היינטיק מיידל. אָבער יעדער איינער וויל אז „זיין" כלה זאָל דווקא יאָ זיין אויב נישט ממש א בתולה, איז זאָל זי כאָטש שפּילן די ראָלע פון א בתולה און זיך נישט לייגן אויפן רוקן פאר סיי וועלכן אומבאקאנטן, אָדער קוים נאָר וואָס באקאנטן בחור... יאָ, מסתמא איז דער דאָזיקער דאָקטער, וועלכער ווייזט אוים צו זיין אן ערנסטער מענטש (צווישן אונדז זאָל עס בלייבן: אן ערנסטער

מענטש האָט דען פּיינט, וואָס אַן אַנדערער האָט ליב?!), אָבער אויך ער, אַז ער וועט שוין דערגיין מיט איר, און מסתמא וועט עס אים גאָר נישט שווער אָנקומען צו לעבן מיט איר, דאָרט ביים ים, ווי מאַן און ווייב — און דערנאָכדעם? ... דאָס ווייסט דאָך יעדער איינער. מע דאַרף נישט זיין צו קלוג, אָדער האָבן צו פיל דערפאַרונג דערצו, צו וויסן אַז דווקא יענער בחור וועלכער האָט אפשר לכתחילה יאָ ערנסטע גע־דאַנקען צון א מיידל, וועלכער האָט לכתחילה יאָ געטראַכט מיט איר חתונה צו האָבן — דווקא יענער וועט קיין מאָל נישט חתונה האָבן מיט איינער, וואָס האָט זיך „צעקנעפּלט" ביים ערשטן וואונק ... יעדער ווייסט דאָס, אפילו די פּרויען, די מיידלעך ווייסן עס אויך. טאַקע מחמת דעם וועט מען באַגעגענען אפילו ביי די סאַמע אויסגעלאַסנסטע, וועלכע זענען באַקאַנט פאַר „שעמעוודיקע" און זאָגן נישט אָפּ קיינעם נישט, באַטן זיך אָן מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, צו מאָל וואַרטן זיי אפילו נישט אַז מע זאָל אויסשטרעקן די האַנט נאָך זיי, נאָר זיי גופא נעמען די אי־ניציאַטיוו און הענגען זיך אָן, ווי מע זאָגט, אויפן האַלדז פונעם ערשטן מאַן וואָס זיי האָבן נאָר וואָס באַגעגנט — איז ווייסן אויך אפילו זיי, די דאָזיקע ווינציקע צניעות, אַז מיט יענעם בחור, מיט יענעם מיט וועלכן זיי ווילן חתונה האָבן — מיט יענעם לייגן זיי זי זיך נישט. אד־רבה, זיי טוען אָפּ אַלץ, זיי רייצן אים טאַקע אויף, ממש אויף משוגע צו ווערן, אָבער מערער „צענעמען" זיי נישט. אַלע מאָל טאַקע יאָ, אָבער דווקא איצט נישט. בכל אופן נישט. ניין און ניין, כאָטש נעם זיי מיט גוטן, נעם זיי מיט געוואַלד — איז ניין ... זאָגט מען דאָך טאַקע, אַז קיין שום פרוי קאָן מען נישט פאַרגעוואַלטיקן, אויב זי וויל נישט. איין איינציקער מאַנצביל (אָן דער הילף פון א צווייטן!) וועט נישט זיין בכוח צו פאַרגעוואַלטיקן א פרוי, אויב זי שטעלט זיך אַקעגן און וויל נישט. אויב סע געשעט שוין יאָ, איז קאָן מען זיך משער זיין, אַז אָדער זי האָט שוין לכתחילה אַליין געוואָלט אפילו ווען זי האָט קודם געשפּילט בלויז טעאַטער אַז זי וויל נישט — אָדער, זי האָט לכתחילה טאַקע נישט גע־וואָלט, אפילו זיך אויך א ביסל געראַנגלט, אָבער מיט דער צייט, במשך דעם ראַנגלען זיך, איז אָדער זי איז מיד געוואָרן פונעם „ראַנגלען" און עס איז איר נימאס געוואָרן דער געראַנגל און זי האָט סוף־כל־סוף

מסכים געווען; אָדער איז גאָר געשען, אַז במשך דעם „ראַנגלען'' האָט זי זיך אויך דערהיצט און שוין פאַרגעסן פונעם גאַנצן „ראַנגלען'' און גאָר מסכים געווען נישט בלויז באונס נאָר דווקא ברצון, מיט איר פרייוויליקן (און אפילו מיטן אייפעריקן) גוטן ווילן, ווייל זי האָט דערשפּירט דעם גוטן טעם און ריח פונעם מענלעכקייט און מיט אַמאָל פון אַלץ פאַרגעסן, פון וואָס יאָ און פון וואָס ניין — און שוין מער אפילו נישט געהאַט דעם מינדסטן ווילן זיך דערפון אָפּצוזאָגן, אדרבה, זי האָט זיך שוין געקלאַמערט מיט די לעצטע כוחות אויף „יאָ'' אָנשטאָט אָנצוווענדן די כוחות אויף „ניין''. און דאָס, דאָס דאָזיקע, אַז מע וויל קאָן מען דאָך אויך אָנרופן פאַרגעוואַלטיקט, ווייל לכתחילה, ביז דער מוח האָט נאָך פונקציאָנירט נאָרמאַל, מיט חשבון, מיט אויסגערעכנטקייט, מיטן קאַלטן אויסגערעכנטקייט, ביז זי האָט זיך דערהיצט, האָט זי דאָך נישט געוואָלט, לחלוטין נישט געוואָלט...

יאָ, עס איז באַוואוסט, ווי געזאָגט, אַז די סאַמע אויסגעלאַסנסטע מויד וועט זיך בשום אופן נישט וועלן לייגן מיט יענעם, מיט וועלכן זי האָט בדעה חתונה צו האָבן, אַזוי לאַנג ווי זי האָפט צו דעם. זי ווייסט, אַז אויב זי וועט גאָר אָן קונצן „צענעמען'' די הענט, וועט זי אים נישט קאָנען „פאַנגען''... אדרבה, זי וועט אים אויף דער (ווארעמער!) מינוט באַפרידיקן, ער וועט זי טאַקע מיט גרויס ליידנשאַפט אַרומהאַלדזן, קושן, זי צערייסן ממש אויף שטיקער, אָבער דערנאָכדעם, דערנאָכדעם?... דערנאָכדעם וועט ער זי איבערלאָזן און זי וועט אים שוין מער קיין מאָל נישט האָבן אין אירע לאַצן. פּשוט, די ליבע איז אויסגערונען, די ליידנשאַפט האָט אויסגעוועפּט, גאָרנישט איז נישט געבליבן פון יענע אַלע שבועות און צוזאָגענישן וואָס זענען אַריינגעשעפּטשעט געוואָרן פון זיין מויל נאָענט אין אירע אויערן. ער געדענקט שוין אפילו גאָרנישט פון יענע פליסטערייען און אויב מע וויל עס אים דערמאָנען כאָטש עפּעס פון דעם, דערבייזערט ער זיך נאָך מערער און סע קומט אויס, אַז פון די נעכטיקע ליבע-ריידעלעך איז געוואָרן פּשוטע אומזיניקע ווערטער אַרויסגעוואָרפענע אויפן ווינט, אָדער פון פּשוט אַרויסגעוואָרפענע ווערטער אין ווינט אַריין — ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין ממשותדיקער שינאה...

בכל־אופן וועט פון אזעלכע „פאלן‘‘ קיין שידוך קיין מאָל שוין נישט ווערן. קיין מאָל נישט. קיין מאָל נישט.

איז ווייסן דאָס אויך דאָרים עלטערן, דאָס וואָס די גאנצע וועלט ווייסט שוין. איז הגם זיי האָבן שוין געקאָנט איצט דאָרין, יענע דאָרי, פון דער לעצטער צייט, ווען קיין מאנצבילן האָבן זי שוין מער נישט אינטערעסירט — און סע האָט זיי געוואונדערט, וואָס אפילו איצט האָט זי געשאָנקען עפּעס מערער אויפמערקזאמקייט דעם דאָזיקן בחור, דעם דאָקטער, האָבן זיי אלץ געטראכט: וואָס טוען זיי, אז דאָס בלוט צינדט זיך שוין ווידער אין איר אָן, און ווידער לאָזט זי זיך אויף איר פרי־ערדיקן וועג, זי גליטשט זיך שוין ווידער אויס און „ברעכט‘‘ זיך דעם נאקן, דווקא איצט, מיטן דאָזיקן חתן־קאנדידאט?!

איז מחמת דעם האָבן זיי זיך קוים איינגעשטילט מסכים צו זיין אז זי זאָל נעמען איר אורלויב און פאָרן צום ברעג פונעם שווארצן ים, פארברענגען דאָרט איר אורלויב, מיטן ציל — חתונה צו האָבן מיט א יידישן בחור...

ג

... פאר וואָס ווערט אָט דאָס אלעס אזוי פּרטימדיק אונטערגעשטראָכן און צו מאָל אפילו דאָ און דאָרט אויך איבערגעחזרט צון א פראזע, גלייך מע וואָלט געוואָלט אז דאָס דאָ דערציילטע, ווען מען איז אָנגעקומען צום דאָזיקן פונקט, זאָל גוט פארשטאנען ווערן?

יאָ, דאָס איז טאקע א גאָר נאטירלעכע פראגע, וואָס וועט זיך מס־תמא שטעלן ביי סיי וועלכן לייענער. טראָץ דעם ווערט עס דאָ נאָך נישט געענטפערט, אפילו מיט קיין אָנצוהערעניש, פון קוים א וואונק, ווערט דאָ נאָך נישט געגעבן קיין תשובה אויף דער דאָזיקער פּשוטער פראגע... פאר וואָס? ווייל לייענענדיק א ביסעלע ווייטער, וועט פארשטייט זיך די פראגע מער קיין פראגע נישט זיין. דעמאָלט וועט קלאָר ווערן, אז די עלטערן, אָדער עלטערן בכלל, אפילו דעמאָלט ווען די קינדער בא־שולדיקן זיי אז זיי ווייסן גאָרנישט, אז עס שוין מער נישט די אלטע וועלט, ווען די עלטערן זענען אויך נאָך יונג געווען, היינט זענען מאָדערנערע צייטן, מע לעבט שוין אנדערש, מע טראכט שוין אנדערש, מער מאָדער־

בער און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער — אויך דעמאָלט ווערט קלאָר, אז יענע פארעלטערטע עלטערן האָבן טאקע צו מאָל יאָ רעכט געהאט שוין ביים אָנהייב אָן, אויך ווען מע האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זייער מיינונג און צו זייערע עצות...

אמת, עלטערן זענען טאקע תמיד פאר דער יוגנט פארעלטערט, אָבער דאָס וואָס עלטערן ווייסן שוין, דאָס וואָס זיי ווייסן וועגן לעבן מיינסטנס נישט אויסגעלערנט פון ביכער, נאָר מיט זייער דערפאַרונג, דאָס ווייסן נאָך נישט און סע האָבן אפילו נישט פון וואנען עס צו וויסן די יונגע — יאָ, אויך זיי וועלן דאָס מסתמא מיט דער צייט געוואויר ווערן, אָבער דאָס וועט שוין געשען א ביסל שפּעטער, ווען זיי גופא וועלן שוין זיין „עלטערן". דערווייל, זענען זיי דאָס נייע דור און האלטן אז זיי האָבן אנדעקט אויב נישט ממש אמעריקע, איז כאָטש דעם נייעם אופן פון לעבן... פון וואנען זאָלן זיי, די יונגע, אויך די היינטיקע יונגע, וויסן אז אויב אפילו דאָס „לעבן" איז שוין היינט טאקע יאָ אנדערש, איז אָבער דאָס „ליבן" נישט מיט פיל אנדערש. אפשר איז עס גאָר מיט גאָרנישט אנדערש. אויפן דאָזיקן געביט האָט זיך גאָר ווינציק געביטן. אדרבה, מע קאָן גאָר זאָגן אז זינט אָדם מיט חווהן האָבן זיך געליבט, האָט זיך כמעט גאָרנישט געביטן...

אומזיסט. די יונגע ווילן דאָס נישט הערן, מחמת דעם קאָנען זיי דאָס אויך אפילו נישט פארשטיין, אויך ביי זייער בעסטן ווילן, אז דאָס לעבן בייט זיך טאקע תמיד, פון טאָג צו טאָג, און אוודאי פון יאָר צו יאָר, און אוודאי און אוודאי פון דור צו דור — אָבער דער אופן פון ליבן בלייבט עס „ליידער" ביים אלטן, אומפארענדערט... דאָ איז יאָ חל יענער זאָג: נישטאָ קיין שום נייעס אונטער דער זון. אלץ איז ווי פאר־גליווערט־אומפארענדערט, פארעלטערט. אויב מע וויל קאָן מען אפילו זאָגן, רעאקציאָנער־קאָנסערוואטיוו, צוריקגעשטאנען, רעגרעסיוו, צו־ריקצווועגס, ביזן מיטל־אלטער און אפילו ביזן אורמענטש פון נעאנ־דערטאל. גאָרנישט האָט זיך נישט געביטן, נישט דאָס ליבן זיך, און אפילו אויך נישט די „קונץ" פון קינדער געבירט. יאָ, סע האָט זיך עפּעס יאָ געענדערט: דער אופן אָדער די קונץ פון ליבן זיך און „נישט" געבירן קיין קינדער...

... לייענענדיק א ביכעלע ווייטער, וועט מען געוואויר ווערן, אז אויך דאָס מאָל האָט זיך ארויסגעוויזן אז דאָרים עלטערן האָבן שיער רעכט געהאט מיט זייער זאָרג און מיט זייער מסכים זיין, אז דאָרי זאָל גיין מיטן דאָקטער צום ים.

ד

גיין צום ים ... עס איז נישט אזוי פּשוט. מע ווייסט עס. אויב עמעצער וויל פאָרן אויף אָפּרו צום ים, מוז ער זיך צוערשט באוואָרענען מיט א בילעט אין א האָטעל אויף א געוויסער צייט, צען צי צוועלעף טעג, וואָס עס איז נישט זייער לייכט צו באקומען, בפרט אין חודש פון העכסטן סעזאָן, אויב מע האָט זיך נישט פארשריבן פון פריער כאָטש מיט א חודש-צוויי צוריק. יעדער ווייסט אז די האָטעלן זענען אין דער צייט פון הויך-סעזאָן פארנומען מיט מיינסט אויסלענדישע טוריסטן, וועלכע זענען פיל חשובער, ווייל זיי צאָלן מיט הארטע וואלוטע — אָבער, אין א נויט, קאָן מען אפשר געפינען א דירה אין א פּריוואט-הויז. אמת, עס איז נישט אזוי באקוועם ווי אין די מאָדערנע ניי-אויפגעבויטע האָטעלן, אָבער אויך דער פּרייז איז עפּעס נידעריקער ווי אין די האָטעלן. און — די הויפּט-זאך איז דאָס, וואָס מע קאָן לייכטער צוקומען צון אזא צימער, א פּריוואט-צימער, ווי צום האָטעל.

איז דאָך קלאָר, אז דאָרי וועט זיך נעמען דעם אורלויב, אָדער אפילו אן אורלויב אָן א באצאָלטן געהאלט, וועט זי האָבן פּראָבלעמען ביים ים מיט א דירה. נישט בלויז וועגן געפינען א דירה, נאָר אויך ... נאָר, לאָמיר נישט כאפּן די נעץ פאר די פיש ...

האָט איר אָבער דער דאָקטער פארזיכערט אז אויב זי קומט, האָט זי קיין שום דאגות נישט. ער פאָרט טאקע פאָרויס מיט זיין אויטאָמאָביל, לאָזט איבער זיין פאָטער אין דער היים. פאָרט ווייטער מיט זיין מאשין צום ים און וואַרט זי דאָרט אָפּ, לאָמיר זאָגן, קומענדיקן זונטיק צי מאָנטיק, טאקע ביים וואָקזאל, פון וואנען ער וועט זי נעמען און גלייך אָפּפירן אין דער דירה, וואָס ער וועט אין צווישן שוין האָבן געדונגען.

איז זי געפאָרן מיט דער באן, כמעט א נאכט מיט א טאָג, און איז אָנגעקומען כמעט אָוונט-צייט קיין עפאָריע-נאָרד ... יאָ, דער דאָקטער

האָט טאקע געהאלטן וואָרט. ער האָט זי טאקע אָפּגעוואַרט, זייער וואַרעם אָפּגעוואַרט, האָט זי געהאלדזט און געקושט. דאָס ערשטע מאָל אין דער עפנטלעכקייט, הגם זיי האָבן געקאָנט רעכענען אז דאָ קען זיי קיינער נישט, בכן האָט זיי נישט געזען קיין באקאנטער היימישער מענטש, אָבער דאָך איז עס געווען אויפן וואָקזאל, עפנטלעך. זי ווייסט אפילו נישט גענוי ווי אזוי עס איז געשען. זי איז שוין געווען אָפּגעווייגט פון אזעלכע באגעגענישן, אז א ייִנגל זאָל זי אָפּוואַרטן, זאָל זי האלדזן. עס איז געשען ווי אומדערוואַרט אויך פאר איר. ווען זי איז ארויסגעקומען אויף די טרעפּ פונעם וואגאָן, געווען א ביסל פארזאָרגט אָנצוקומען נאָך מיטאָג אין אָפּרואָרט, וואו סע ווימלט מיט טוריסטן פרעמדע און היימישע, מע קאָן זיך ממש פארלירן, און באלד וועט צופאלן די נאכט, און אויב ער וועט זי נישט אָפּוואַרטן, איצט, זי וועט נישט געפינען דערווייל וואו איבערצונעכטיקן?!

אין אז זי האָט דערזען דעם דאָקטער, דאָקטער דאַניעל קרויס, אז ער וואַרט זי, אז א צופרידענער שמייכל האָט באשיינט זיין פּנים און האָט פארראָטן אז אמתע פרייד אז ער האָט זי דערזען, האָט זי זיך אויך דערפרייט, אמתדיק און אויפריכטיק דערפרייט. זי האָט ווי פארגעסן זיך, איז ארויס פון איר אפאטישער שטימונג וואָס האָט זי באהערשט אין דער לעצטער צייט — האָט זיך ווי ארייַנגעוואָרפן אין זיינע אָפענע אָרעמס, נישט ווי צו קיין געליבטן, נישט ווי צו א מאנצביל, נאָר ווי צו א ברודער, צו א מענטש, נישט קיין מאנצביל — האָט זיך געלאָזט ארומהאלדזן און אויך אויפגענומען זיין קוש מיט ברייטהארציקייט. אפילו וואַרעמקייט, וואָס ער פון זיין זייט האָט עס אויפגענומען ווי אן ענטפער אויף זיין מענערישער גיריקייט און געמיינט אז איר קוש, פון איר זייט, איז דער ברויז פון איר ווייבלעכקייט ... פון וואַנען זאָל ער געוווּסט וויסן, אָדער כאָטש אנען, אז ביי איר איז דאָס ווייבלעכקייט ווי אויסגעלאָשן געוואָרן שוין פון לאנג, הגם זי איז נאָך אזוי יונג, איז דאָס ווייבלעכקייט אירס כמעט שוין ווי אָפּגעשטאָרבן, אויסגעלאָשן, קיין פונק איז שוין מער נישט געבליבן. קוים איז עס בלויז דאָס אש, איבערגעבליבן פון אויסטליענדיקן פייער, פון אויסגעברענטע קוילן, אויסגעלאָשענע ... פון וואַנען זאָל ער געוווּסן זיך קאָנען כאָטש פיר-

שטעלן אז איר פרייד, מיט וועלכער זי האָט אים באַגעגנט, אויפגענומען זיין ווארעם הארציקייט, נייַעט ווי פון א „געליבטן" נאָר ווי פון א „ברודער"?

יאָ, זי האָט זיך טאקע א ביסל דערוואָרעמט. מע וואָלט געוועזן גע-קאָנט מיינען אז אין איר האָט זיך דאָך דערוועקט איר ווייבלעך יוגנט-לעכקייט, כאָטש א ביסל, אָנגעצונדן דורך אים, דורך זיין ליבשאפט וואָס ער האָט איר ארויסגעוויזן אזוי אָפן, אזוי אויפריכטיק, אזוי איבער-געגעבן, אז מע האָט געקאָנט אראָפּלייענען אין זיינע פרייַלעכע אויגן די ליבשאפט, זיין באַגער, וואָס האָט זיך מאניפעסטירט אָן שום קווענ-קלעניש...

ער האָט גענומען איר רענצל, האָט עס אריינגעשטעלט אין דער מאשין, זי אריינגעזעצט, כמעט מיט זיינע הענט, און זיך אליין אויפגע-זעצט און אוועק מיט דער מאשין... אין עטלעכע מינוט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאר א קליין, שיין פריוואַט-הייזל, כמעט א ווילע: אָט דאָ וועלן זיי וואוינען. עסן קאָנען זיי סיי אין א רעסטאָראַן, אָבער סע געדויערט פיל דאָס ווארטן ביז מע שטייט אין א ריי אָנצוקומען צון א מיטאָג... זיי זענען דען געקומען אהער, צום ים, אז זיי זאָלן עסן? נו, זיי וועלן נישט שטארבן פאר הונגער. איבעריקנס, קאָנען זיי עסן אויך אין כשרן רעסטאָראַן, אין דער ווילע פון דער פעדעראציע פון די יידישע קהילות פון רומעניע... ער האָט שוין אָפּגערעדט דאָרטן, זיי וועלן קאָנען עסן אויב זיי ווילן. זיי קאָנען קויפן מיטאָג-בילעטן, און אויב זיי ווילן, דאָס הייסט, אויב זי וועט וועלן קאָנען זיי דאָרט ביידע עסן אויך נאכטמאָל...

בקיצור, עס איז גוט. אלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. זי דארף זיך גאָרנישט זאָרגן, אלץ איז שוין אויסגעזאָרגט אויך פאר איר... זאָל זי זיך נאָר מאכן באקוועם. זאָל זי זיך ארומוואשן אויב זי וויל, זיך איבערטוען — קאָנען זיי שוין באלד ארויסגיין אויף א שפאציר ביים ברעג פונעם ים, ווי סע טוען כמעט אלע טוריסטן, קודם-כל מאכט מען א שפאציר ביים ים-ברעג, בפרט איצט, ווען דער אָוונט איז שוין צוגעפאלן — און דאָרט, אין רעסטאָראַן ביים ברעג ים, קאָנען זיי אויך עסן וועטשע-רע, די מוזיק שפּילט...

אלץ איז גוט, ביז אהער איז אלץ געווען גוט. מע קאָן אפילו זאָגן אז זייער גוט און אפילו פריילעך ... די פראַגע האָט זיך געשטעלט א ביסעלע שפּעטער, ווען מע האָט זיך געדאַרפט לייגן שלאָפן.

ה

דאַרי האָט זיך אויף איר אליין געוואונדערט. ווי אזוי האָט זי זיך אפילו נישט געשטעלט די פראַגע: וואו וועט זי שלאָפן? יאָ, זיי האָבן טאקע א זייער באקוועם צימער, אָבער דאָך בלויז איין איינציק צימער ... יאָ, נו יאָ, עס איז טאקע פאַראַן דאָ צוויי בעטן, איינס נעבן אנדערן צונויפגעשטעלט, עס זעט אויס ווי כמעט איין גרויס טאָפּלט-בעט — דאָס הייסט אז פּלאַץ איז דאָ גענוג, אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, ווען סע האנדלט זיך אין א פּאָרל, מאַן און פרוי, אָבער זיי זענען דאָך לעת-עתה ווילד-פרעמדע! ... זי האָט נישט געוואָלט פארשטערן די פריילעכע שטימונג נישט פאר אים, פאר דניאלן (אָבער בעסער זאָל מען אים אָנרופן אויפן נאָמען ווי זי רופט אים: דאָני!), און אויך נישט איר אייגן ביסל פריילעכקייט. נו, מע וועט שוין זען ווי אזוי סע וועט זיך אויסקלויצען דאָס דאָזיקע פארפּלאָנטערניש. יאָ, מיט דער צייט וועט זיך עס מסתמא לייטערן און אויך אויפקלערן ... די צייט גייט אָבער פיל גיכער ווי מע וואָלט געוואָלט אָדער גאָר אפילו געמיינט. מע דאַרף זיך טאקע אָנהייבן אויסטון און אריינלייגן אין בעט. איז וואו, אין וועלכן זאָל זי זיך לייגן, אין וועלכן וועט ער זיך לייגן, ווער וועט זיך אויסטון פריער, ער צי זי? ... האָט זי ווי אומגעטראכט אויסגעלאָשן אין דער גיך דאָס ליכט, גלייך זי וואָלט געוואָלט זיך צואיילן אז סע זאָל נישט איבערבלייבן קיין ליידיקע צייט אויף צו פיל צו טראכטן נישט פאר איר און אויך נישט פאר אים — האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס קליידל. אראָפּגעלאָזט די אקסלבענדלעך פון איר העמדל און ארויפגעצויגן אויף זיך דאָס שלאָף-העמד אויפן העמדל, אראָפּגעלאָזט דערנאָכדעם דאָס העמדל — און אָנגעצונדן דאָס ליכט, און אריינגעשפּרונגען אין בעט ... ניין, זי האָט נישט אָנגעצונדן אליין דאָס ליכט, זי איז בלויז אריינגעשפּרונגען אין בעט, ארויפגעצויגן איבער זיך דאָס ליילעך אָנשטאָט א דעק, זיך איבערגעדעקט און קינדעריש-פריילעך אויסגערופן צון אים:

— דאָני, זיי אזוי גוט און צינד אָן דאָס ליכט!

האָט זיך אָבער אויך דעמאָלט, תיכף, דאָס ליכט נאָך נישט אָנגעצינדן, זי האָט בלויז געהערט ווי ער באַוועגט זיך אין דער פינצטער, טוט זיך מסתמא אויך איבער, אין זיין פּיזשאַמע, און בעת מעשה האָט ער איר געזאָגט, אויך ווי שעפּטשענדיק, אין איילעניש:

— איין רגע, איין רגע און איך בין אויך שוין פאַרטיק... אָט, בין איך שוין אויך איבערגעטון — איצט וועל איך אָנצינדן.

און דאָס ליכט האָט זיך צעגאָסן אין צימערל און פאַרשפּרייט אומהיימלעכקייט. ווייַ ווי אומהיימלעך קילבלעך עס איז אין צימער, גלייך סע וואָלט דאָ געבלאָזן א קאַלטער ווינט. יאָ, עס איז געווען אומהיימלעך קיל — צוויי מענטשן, כמעט ווי פרעמדע, סע האָט זיך דאָך נאָך נישט איינגעשטעלט די נייטיקע היימישקייט, אז זיי זאָלן קאָנען קוקן אין די אויגן פון דער נאַקעטער ווירקלעכקייט, אז פאַקטיש זענען זיי שוין איצט, שוין איצט, אין א מצב פון כמעט מאַן און פרוי... האָט זי זיך אויסגעדרייט פּלוצימדיק, מעכאַניש, מיטן פּנים אראָפּ, געוואָלט אויסבאַהאַלטן איר בליק פון זיינעם, גלייך זי וואָלט געוואָלט שפּילן א „ברוגז"...

ער האָט זיך נישט געוואונדערט. ער האָט עס זייער גוט פאַרשטאַנען, האָט ער געמיינט, און מחמת דעם האָט עס אים נישט געשטערט. אדרבה. דאָס דאָזיקע לאַשטשען האָט אים נאָך מער צוגעצויגן און איר געגעבן חן אין זיינע אויגן. ער האָט אויסגעטייטשט איר צוריקגעהאַלטנקייט, פאַר בתולהדיקער שעמעוודיקייט, ווי אזוי ער וואָלט זיך געקאָנט דערוואַרטן פון א יונג פּראָווינציעל מיידל, וועלכע איז אָרעם אין גרויסשטאָטישער דערפאַרנקייט, אויב מע וויל עס נישט אָנרופן אפילו „אויסגעלאַסנקייט"... האָט עס אים גוט געפעלן און אים נאָך מערער צוגעצויגן צו איר, צו איר צאַפּלדיקן יונגן קערפּער, וואָס ליגט איצט קוים אָנגעטון אין א כמעט דורכזיכטיק שלאָף-העמדל, אָט דאָ, אזוי נאָענט, איין בעט נעבן צווייטן, קיין שום מחיצה איז דאָך צווישן זיי נישטאָ, אפילו נישט קיין פרעמד אויג... נו, האָט ער אויסגעלאָשן ווידער אמאָל דאָס ליכט. ווער מען פעלט איצט אוים דאָס ליכט?... דאָס ליכט שטערט איצטערט. בעסער אזוי, אין דער פינצטער. אדרבה, וואָס פינצטערער עס איז איז דאָך אלץ בילכער, אלץ „ליכטיקער", אלץ היימישלעכער. דאָס בושה-

געפֿיל זעט זיך דאָך לגמרי נישט אָן אין דער טונקלקייט פֿונעם צימער-קוים וואָס ער דערלויבט זיך האַלטן אָפֿן די אויגן, דאָך פֿילט ער איר נאָענטקייט, אַפֿילו איר אָטעם, כאָטש ער איז אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין קישעלע, וואָס זי האַלט פֿאַרקוילערט אונטער איר קאָפּ, אַרומגענומען מיט אירע נאַקעטע אָרעמס. יאָ, אַזוי פֿיל, אירע נאַקעטע אָרעמס פֿילט ער קוים, אָבער ער האַלט זיך צוריק. ער באַוועגט זיך קוים. ער וויל נישט קאַליע מאַכן אָט די דאָזיקע אַזוי סודותדיקע מינוט, ווען עס האָט זיך נאָך נישט איינגעשטעלט קיין אינטימע היימישקייט צווישן זיי, בכל-אופֿן נישט אַזוי פֿיל היימישקייט, אַז זיי זאָלן קאָנען ביידע ליגן איינער נעבן צווייטן און זיך נישט פֿילן געשטערט ... יאָ, ער האָט פֿאַרשטאַנען, ער איז דאָך אַ דאָקטער?! ער מוז האָבן אַ ביסעלע געדולד, נישט אײַלן זיך צו פֿיל. מע טאָר נישט קאַליע מאַכן אַזאַ געלעגנהייט ... ווײַל, ער האָט דאָך געוואוסט ווי אַ דאָקטער, אַז קאַליע מאַכן איז תמיד, אַלץ און אומעטום זייער לײַכט אָבער פֿאַרריכטן איז צו מאָל זייער שווער. אויך אין דער מעדיצין איז רעקאָמאַנדירט פּראָפֿילאַקטישע רפֿואות, איידער רפֿואות פֿאַר היילן אַ מחלה וואָס האָט זיך שוין איינגעשטעלט ...

האָט ער צוגעוואַרט, ביז די טונקלקייט האָט זיך אויסגעלייטערט אַ ביסל, ווי סע געשעט געוויינטלעך ווען מע זיצט אין אַ טונקל צימער אַ ביסל מער צײַט. דערנאָכדעם האָט ער צוגעבויגן זײַנע ליפּן און קוים אָנגערירט איר נאַקעטן עלנבויגן, דערנאָכדעם האָט ער פּאַמעלעך, פּאַ-מעלעך זיך גערוקט אַרויף-צו, אויף דער נאַקעטער נאַקעטקייט פֿון איר האַנט, ביז ער איז דערגאַנגען צון איר נאַקעטן אַקסל. דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געבליבן מיט זײַנע ברענענדיקע ליפּן צוגעקלעפּט צום אַקסל און מער נישט פֿירגעזעצט זײַן פּאַמעלעכן גאַנג, שוין נישט גע-שלײַכט זיך ווײַטער, נאָר געבליבן דאָרט אַ צײַט, אַ סעקונדע, אַ מינוט, צוויי, דרײַ — ער ווייסט דען שוין וויפֿל צײַט? אים האָט זיך עס אויסגע-דאַכט אַז עס איז שוין צו פֿיל צײַט, אַז ער קאָן שוין גיין פֿאָרויס, ווײַטער ...

ו

... זי, דאָרי, איז געלעגן שוין נאַכט נאָך נאַכט אַזוי, ווי אויסבאַ-האַלטן פֿון זיך גופֿא. האָט ווי אַ שטרוים אַרײַנגעגראָבן איר קינדיש-מייד-

לעשן קאָפּ אין קישעלע, זיך איינגעהילט אין ליילעך און קוים געפילט איר אָטעם, איר דופק, איר האַרץ האָט דאָך איצט אָנגעהויבן קלאַפּן האַס־טיקער, האַסטיקער, גלייך סע וואָלט געוואָלט אַרויסשפּרונגען פון איר ברוסט־קאַסטן ... זי האָט דאַכט זיך געטראַכט, געטראַכט ... אייגנטלעך, וואָס האָט זי געטראַכט? ניין. זי האָט גאָרנישט געטראַכט. זי האָט בלויז געוואָלט טראַכטן, געוואָלט דערגיין מיטן געדאַנק: וואָס וועט איצ־טערט געשען? אָבער זי האָט נישט געקאָנט זיך דערטראַכטן. גלייך דער דענקאַפּאַראַט וואָלט זיך אָפּגעשטעלט ווי אַן אומאויפגעצויגענער זייגער. אומזיסט האָט זי זיך אָנגעשטרענגט צו דערטראַכטן זיך צו עפּעס. אָבער אומזיסט, אומזיסט. זי איז מיט איר טראַכטן מיד געוואָרן, אויסגעמידט און אומגעפאַלן ווי סע פאַלט אום אַ שיכור. די געדאַנקען האָבן זיך ווי אויסגעגליטשט. זי איז נישט געווען ביכולת צו טראַכטן איין איינציקן געדאַנק ביזן סוף, ביזן סוף ... צו וועלכן סוף? נו יאָ, זי וואָלט נישט געקאָנט זאָגן אַז ער איז איר „פרעמד". ניין, אדרבה, ער איז העפלעך, ווייזט אַרויס פיל טאַקט ווי פון אַ גוט־דערצויגענעם מענטש. ער טרעט נישט איבער די „שוועל", שוין עטלעכע נעכט אַזוי ווי זיי פייניקן זיך, האַלט ער זיך צוריק און טרעט נישט אַריבער די „שוועל" אַז ער זאָל פאָרסירן די „טיר", אַקעגן איר ווילן. אדרבה, זי פילט גאָר אַ געוווינג היימישקייט צו אים, יאָ, לאָגיש, מיטן שכל האָט זי דאָס טאַקע יאָ געקענט „דערטראַכטן" און אויך גוט פאַרשטיין ... אָבער, אַז זי האָט דערפילט זיינע הייסע ליפּן אויף איר נאַקעטער האַנט, אויף איר נאַקעטן אָרעם, אויפן אַקסל, ווייסט זי גופא נישט פאַר וואָס און פאַרשטייט נישט פון וואַנען עס איז צו איר דערגאַנגען יענץ משונהדיק געפיל וואָס האָט זיך אַמאָל, דעמאָלט, געיאַוועט צו איר און איז שוין ווי איינגענעסט געוואָרן ביי איר, ערגעץ אין אַ קעמערל פון איר מוח, איינגעגראָבן און האָט דאָרט געפונען אַ באַהעלטעניש, אויך אפילו אָן איר וויסן, אויך אָן איר ווילן ... און איצט, איצט, ווען ער איז שוין ווידער אַמאָל דערגאַנ־גען מיט זיינע ליפּן צו איר נאַקעטן אַקסל, כאָטש זי איז אויסבאַהאַלטן מיטן קאָפּ אין קישעלע, איר קערפּער איז איינגעהילט ווי אין אַ פּאַנצער אין ליילעך, אַז קיין שום האַנט קאָן איצט צו איר נישט דערגיין, אָן דעם אַז זי זאָל אַרויסווייזן אַ ווילן דערצו — און כאָטש אַזוי, האָט זי שוין

ווידער, יאָ, ווידער האָט זי שוין דערפילט גלייך מייזלעך וואָלטן אָנגעהויבן קריכן אויף איר קערפּער, נישט בלויז אויפן שטיקל נאַקעטן קערפּער. פונעם אקסל, וואו זי פילט זיין מאַנצבילישע האַנט, נאָר אויך אויפן צוגעדעקטן קערפּער, אויך דאָרט פילט זי גאָר גלייך מייזלעך וואָלטן זיך געלאָזט קריכן איבער איר קערפּער, איבער איר מוח, איבער אלע מיידלעשע געפילן ... און — פון וואַנען האָט זיך איצט שוין ווידער גענומען צו איר דאָס איבלען? שוין ווידער האָט זי אָנגעהויבן איבלען, אַזוי ווי דעמאָלט, דעמאָלט, ווען זי האָט זיך פאַרגרוילט פון סיי וועלכן מאַנצביל, און האָט זיך עד־היום נישט געקאָנט באַפרייען פון יענעם גרויליקן איבל ... זי האָט געהאַט גערעדט איין מאָל מיט א קאָלעגין אירער. זי האָט איר דערציילט, אז זי פילט צו מאָל אַן איבל, בעת א מאַנצביל לייגט אויף איר א האַנט, אויך ווען ער לייגט אויף איר אַרויף א פּשוטע אומשולדיקע האַנט, אפילו אויך אָן שלעכטע כוונות, אויך דעמאָלט פילט זי נישט ווי דאָס „קיצלען" פון מייזלעך, נאָר ווי דאָס „גראַטשען" פון מייז און אין איר האַלדז פילט זי אַן איבל ... הגם זי האָט נישט דערציילט די סיבה, זינט ווען עס איז איר דאָס געקומען, ביי וועלכער געלעגנהייט עס איז צום ערשטן מאָל אַנטשטאַנען ביי איר דאָס דאָזיקע מאָדנע און פּיינלעכע געפיל. ניין, דאָס האָט זי נישט געזאָגט פאַר קיינעם נישט. איז קאָן טאַקע זיין, אז ווען זי וואָלט זיך יאָ געלאָזט באַהאַנדלען פון א פּסיכאָלאָג, צי א פּסיכיאַטאָר, וואָלט ער יאָ אויסגעפונען די סיבה, און מסתמא אויך געפונען די רפואה. עס איז דאָך באַוואוסט, אז דער דיאַגנאָסטיק איז דער עיקר, די רפואה איז לייכטער אויסצוגעפינען ... אמת, איר קאָלעגין האָט איר יאָ געזאָגט, אז סע וואָלט געווען גוט אז זי זאָל גיין אויב נישט צו קיין גינעקאָלאָג, איז כאָטש צון א פּסיכאָלאָג. זי מיינט, זי איז דאָך נישט קיין דאָקטער, האָט זי געזאָגט, זי קאָן העכסטנס זיין א „פּאַציענט", אָבער דאָך איז זי ביי דער מיינונג, אז דאָס איבלען אירס איז נישט קיין פיזיאָלאָגישס, ניין, זי מיינט אז עס איז ליבער א פּסיכישס, א פּסיכיש־אַלערגישע דערשיינונג. יאָ, דאָס קאָן זיין אַזאַ מין אַלערגיש איבלען ... אויב זי וועט גיין זיך באַהאַנדלען פון א פּסיכאָלאָג, אָדער גאָר א פּסיכיאַטאָר, און זי וועט אים דערציילן איר לאַגע, דאָס הייסט, אז זי וועט אים אויסזאָגן אַלץ, אַלץ וואָס זי פילט און ווי אַזוי זי פילט, זינט ווען זי האָט

באמערקט עפּעס אַן ענדערונג אין איר „פּילן“, וועט דער דאָקטער דער-
גיין אויסצוגעפינען די סיבה, און אויב מע דערגייט שוין צו דער סיבה,
איז שוין נישט אַזוי שווער צו געפינען אויך די רפואה — אַלנפאַלס
וועט מען דאַרפן באַזייטיקן די סיבה, וואָס סע דערפירט זי דערצו...

... דערווייל זענען די נעכט אויסמאַטערנדיקע. זי וואַלגערט זיך
אויפן געלעגער גלייך זי וואָלט געלעגן אויף שפּילקעס אָדער אויף פּשוט
שטרוי, אויסגעטרוקנטס וואָס שטעכט איר איידלע הויט און נאָך מערער
איר נשמה, זי געפינט זיך נישט קיין רו, איז שלאָפט זי כמעט נישט, נאָר
מוטשעט זיך. שוין די דריטע נאַכט אַזוי, וואַלגערט זיך אין קאָשמאַרן,
געוואָרפן פון כוואַליעס פון אַ ברויזנדיקן ים, און יעדער זעץ צום
ברעג, שלאָגט זי אָן אין די פעלדזן, שפּיציקע, הגם געוואַשענע זינט
הונדערטער טויזנטער יאָרן פונעם געזאַלצענעם ים-וואַסער — שטייט
זי אויף אין דער פרי מיט בלויע רינגען אונטער די אויגן, אַן אויסגע-
מאַטערטע און אויך מיט קאָפּ-ווייטיק, קאָפּ-שווינדלעניש, אַז זי איז
נישט בכוח דורכצוטראַכטן איין איינציקן גאַנצן געדאַנק, אַז זי זאָל קאָ-
נען דערגיין צום טאָלק, וואָס זי דאַרף ווייטער טון, ווי אַזוי זיך אַרויס-
צושלייכן פונעם דאָזיקן געקנויל און בלייבן מיט אַ ריין פּנים אי לגבי
אים אי לגבי אירע עלטערן. ווייל אייגנטלעך, וואָס וועט זי זאָגן פאַר
אירע עלטערן אַז זיי וועלן אָנהייבן ווי זיי האָבן שוין דעם שטייגער, זיך
נאָכצופרעגן אויף אַלע פּרטים, וואָס און וואו און ווען און ווי אַזוי, אויף
וואָס זי קאָן גאָרנישט דערציילן נאָר בלויז ליגנס, איין שקר גרעבער
פונעם צווייטן, וואָס מע קאָן אפילו זיך נישט דערוואַרטן אַז זאָלן כאָטש
עפּעס דערפון גלייבן ... זי האָט זיך דען גערעכט אַז ער וועט נעמען איין
איינציק צימער פאַר זיי ביידע?! ווען ער זאָל געווען נעמען צוויי צימערן,
בשכנות, און ביי טאָג וואָלטן זיי זיך באַגעגנט אויף דער פּלאַזשע — אָט
דאָס יאָ, דאָס וואָלט געווען אָנגענעם, דאָס וואָלט זיי מיט דער צייט
אפשר דערנענטערט, זיי פאַראייניקט אַז סע זאָל דערנאָכדעם עפּעס
ווערן פון זייער פאַרברענגען צוזאַמען די וואַקאַנצן, אָבער אַזוי ... נישט
זי און נישט ער האָבן קיין רו נישט. ער שלאָפט דען יאָ?!

יאָ, ביי טאָג, ביי דער פּלאַזשע, דאָרט פאַרברענגען זיי שוין אַ ביסל
בעסער. דאָרט קאָנען זיי זיך דורכשמועסן, רעדן און אויך איינפאַרשטיין.

בעת זיי זיצן ביי דער פּלאַזשע, דעמאָלט קומט איר נישט אָן אַזוי שווער זיך צוצוגעוויינען צון אים. אדרבה, זי נעמט אויף זיין העפלעכקייט מיט גוטן ווילן. עס איז פאר איר א פארגעניגן. זי ענטפערט אים אויף זיין העפלעכקייט מיט אירן. מע קאָן זאָגן אז ביידע פילן זיך גוט אין זייער נאָענטקייט, פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, קודם מיט געדולדיקייט, דערנאָכדעם מיט סימפּאַטיע און דערנאָכדעם מיט אמתדיקער צוציעוודיקייט ... אָבער, אַזוי ווי עס קומט דער אָוונט, זיי לייגן זיך ווידער שוין אין דעם כמעט בשותּפותדיקן בעט — דעמאָלט הייבט זיך עס אָן ווידער אַמאָל, פון דאָס ניי הייבט זיך אָן די געוויינטלעכע מעשה ... קודם דערפילט זי די „מייזלעך'', דערנאָכדעם פילט זי אז עס שטעלט זיך איר אין האלדז דאָס איבלען — און מער קאָן זי שוין נישט דולדן גאָרנישט, קיינעם. און אויב ער פּרוּווט מיט איר רעדן שכלדיק, איר אויפקלערן אז ער האָט נישט לגבי איר קיין שלעכטע מחשבות, אז ער וויל זי נישט אויסניצן גראָב-יינגיש, אז ער איז נישט פון „יענע'' מענער, אז ער האָט גאָר ערנס־טע כוונות לגבי איר, אז ער .. אָבער ער רעדט דאָך אַלץ אומזיסט. איר קאָפּ איז דעמאָלט אויסבאהאלטן אין קישעלע, ווי דער שטרויס באהאלט זיין קאָפּ אין זאמד, און הערט נישט גאָרנישט ...

נו, איז ער דערגאנגען צו דער מסקנה אז אויב זי איז נאָך א בתולה און וויל ערשט נאָך דער חופּה זיך לייגן מיט א מאן, מיט איר מאן — האָט ער גאָרנישט דערקעגן. איז זאָגט ער איר גאנץ אָפן, אז ער טראכט טאקע התונה צו האָבן מיט איר, אז ער וועט גאָרנישט טון קעגן איר ווילן, אז ער ...

ז

... איז ווען זיי זענען געווען ביי דער פּלאַזשע, אויסגעשפּרייט א־ ליילעך אויף וועלכן זיי זענען געלעגן כדי צו מאכן די זון־שטראַלן בע־ דער — איז אַלץ געווען ווי סע באדארף צו זיין. אויף סיי וועלכער פּאָזי־ ציע זי איז געלעגן: מיטן פּנים ארויף, מיטן פּנים אראָפּ. אויף דער רעכ־ טער צי אויף דער לינקער זייט, סיי ווי אַזוי, האָט ער זי מיט זיינע גיריקע בליקן ארומגענומען, ממש געגלעט מיט זיינע בליקן, אָנגעצונדענע פון רייץ אַון תַאוָוהָ אַיךְ שַׁייַנעַם גֻוט־פּראָפּאָרציאָנירטן מיידלעשן קערפּער,

וואָס האָט ארויסגעשפּארט פונעם ענג-צוגעפּאסטן באָד-קאָסטום, און אונ־טערגעשטראָכן איר ווייבלעכקייט, איר יונגפרויאישקייט... ער האָט זיך גוט געפילט, הנאָה געהאט פון די שטראַלן פון דער זון און נאָך מערער פון די „שטראַלן" וואָס זענען צון אים געקומען פון איר נאָענטן יונגן מיידלעשן קערפּער... יאָ, סע האָט אים איינצייטיק גערייצט אָבער אויך געלאָשן, באַרואיקט, אים צוריקגעגעבן זיין גלייכוואָג און צו ביסלעך איינגעשטילט אין אים יענעם ווילדן אומרו, וואָס האָט אים באהערשט אין די נישט אויסגעשלאָפענע נעכט, געפּלאָגטע און געמאטערטע, אָנגע־צויגן, געשפּאנט זיינע געהירן ליגנדיק אומרואיק נעבן איר הייסן קערפּער, וואָס איז געלעגן הארט נעבן אים אָפּגעטיילט בלויז פון איר אזוי דינעם זיידענעם שלאָף-העמדל און אויך פונעם דינעם ליילעך אין וועלכן זי פארפאנצערט זיך נאכט נאָך נאכט און מאכט זיך אז זי שלאָפט, הגם ער הערט איר אָנגעצונדענעם אָטעם, דעם אומרואיקן — און דעמאָלט שלאָפן זיי שוין ביידע נישט... איצט, דאָ, ביי דער פּלאזשע איז עס גאָר אנדערש. דאָ איז עס מחייהדיק, דאָ רוט ער זיך אויס, און ער זעט באשיינפּערלעך אז אויך זי רוט זיך דאָ אויס, ווען זי ליגט אזוי מיטן פּנים ארויף, מיט די פארמאכטע אויגן... דאכט זיך, אז זי האָט טאקע איינגעדרימלט. יאָ, זי דרימלט. אָבער אפשר גאָר דאכט זיך אים דאָס נאָר אויס, ווייל ער האָט דאכט זיך גאָר אויך איינגעדרימלט? דער שלאָף האָט אים געפאנגען אונטער די שטראַלן פון דער ברענענדיקער זון, אונטערן שאָטן פונעם אימפּראָוויזירטן געצעלט, אונטער די „שטראַלן" פון איר יונגפרויאישער ווארעמקייט...

איז אז ער האָט זיך ווי אדורכגעוועקט און געזען אז אויך זי ליגט פּאראַלעל מיט אים, אויך זי האָט הנאָה פון די זעלביקע שטראַלן — טראכט ער זיך, אז מסתמא פילט זי זיך אויך אזוי גוט אין זיין נאָענטקייט, פּונקט אזוי ווי ער פילט זיך גוט אין איר נאָענטקייט. און דעמאָלט, ווי כלאחר-יד, ווי גאָר אָן שום זייטיקע מחשבות, ווי אויך אָן זיין ווילן, רירט ער קוים אָן איר האנט מיט זיינער, גלייך ער וואָלט אָנגערירט אַן עלעקטריש דראָט. פּרואווט איינפלעכטן זיינע פינגער אין אירע, פּאמעלעך, פּאמע־לעך, ביז ער דערפילט אז אויך זי צאפּלט אויף פונעם קוים פילעוודיקן באריר, זי האלט איין אויף איין רגע זיינע פינגער, גלייך זי וואָלט געוואָלט

אים אָפּענטפּערן אויף זיין ליבלעכן באַריר, וואָס וויל דאָך זיין א באַשיי־דענער גלעט, א ליבלעכער, וואָס פילט זיך קוים, אָבער לאָזט זייער פיל אָנצוהערן ... איז נאָך א מינוט פון וואַכזאַמקייט, פון לויערן, פירט ער זיין האַנט־פלאַך איבער איר האַנט ביזן עלנבויגן, שטעלט זיך דאָ אָפּ, כדי זיך אָפּצורוען און פּרואוון פירן ווייטער דעם קוים פילנדיקן גלעט א ביסעלע העכער פונעם עלנבויגן, דערפילנדיק העכערן אָרעם אירן דעם צאַפּלדיקן קערפּער פון דער פרוי אין איר ... און, איין סעקונדע איז ער געבליבן אַזוי, אומבאַוועגלעך, מורא געהאַט אַז טאָמער חלילה וועט זי דערפילן זיין האַנט און סע וועט ווידער אויסברעכן דער שטורעם, וועלכן ער האָט שוין זייער גוט באַמערקט, אָבער נישט געקאָנט זיך דערקלערן די סיבה ... אָט, אויך איצט, אין דאָזיקן מאָמענט האָט ער דערפילט ווי א שוידער וואָלט אַריבער איבער איר קערפּער, האָט פּלוצימדיק צוריק גע־צויגן איר האַנט, גלייך זי וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען, דערווייטערן פון אים, האָט קוים באַמערקלעך זיך א ריר געטון מיט אַזא מין לייכטער באַוועגונג, וואָס זעט זיך אפילו נישט אָן, אָבער ער לאָזט זיך פילן, אַז אויך קעגן איר ווילן פּרואווט זי אים דערווייטערן פון אים ...

אמת, עס איז אָפּשטויסנדיק פאַר אים, אָבער דאָך האָט עס אויך א רייץ פון נייגעריקייט, פון נאָכלויפן יענער וואָס אַנטלויפט פון אים ...

ער האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק, גלייך ער וואָלט עס נישט גע־וועזן באַמערקט איר צאַפּל, גלייך ער וואָלט געוועזן נישט באַמערקט אַז אפילו א ווידערווילן שטויסט זי אָפּ פון אים, הגם זי האָט נישט געהאַט קיין שום סיבה נישט דערצו. און אויב זי האָט יאָ אפשר אַזא מין סיבה, און אוודאי האָט זי מסתמא טאַקע אַזא מין סיבה, איז עס אָבער אומבאַקאַנט פאַר אים. ווי אַזוי קאָן ער דאָס געוואויר ווערן, אויב זי ענטפערט נישט אויף זיינע פראַגן, אפילו ווען ער פּרואווט אָנקניפּן א שמועס מיט איר אין דער היינזיכט, כדי עפּעס צו דערגיין פון איר זיך צו דערוויסן ...

ח

יאָ, מע זאָגט אַז די פרויען פאַרמאָגן ניין מאָס רייד ... עס איז נישט אמת. ניין. ווען מע וויל דווקא עפּעס זיך דערוויסן פון זיי, דעמאָלט שווייגן זיי. זיי שווייגן דעמאָלט פיל מערער ווי די מאַנצבילן. זיי שווייגן ווי פיש.

אויך דאָרי האָט געשוויגן. דאָני האָט נישט געהאט פון וואנען געוואויר צו ווערן די סיבה פון איר קאלטן פארהאלטן, אז ער זאָל קאָנען געפינען אָן ענטפער אויף זיינע פראגן.

האָבן זיי ביידע צוזאמען איבערגעלעבט צווייערליי געפילן: ביי נאכט באזונדער, יעדער איינער איינגעקאָרטשעט אין זיינע אייגענע קאָשמארן, ביידע זענען געווען מער וואך ווי געשלאָפן, און מחמת דעם האָבן זיי טאקע אויסגעזען ווי געפייניקטע אומאויסגעשלאָפענע, מיט בלויע קרייזן אונטער די אויגן, מיט כמעט אָנגעשוואָלענע בייטעלעך אונטער די אויגן, גלייך ווי געעלטערטע, הגם ביידע זענען נאָך געווען אזוי יונג. ער קוים ביי די דרייסיק און זי קוים איבער די צוואָנציק יאָר ... ביי טאָג, ווידער, זענען זיי געווען ווי פאראיינט אי צווישן זיך אי מיט זיך גופא. מע קאָן זאָגן אז זיי האָבן זיך אפילו זייער גוט געפילט איינער נעבן צווייטן, איינער מיטן צווייטן. איינער אין דער געזעלשאפט פונעם צווייטן, אין שכנות מיטן צווייטן ליגנדיק אויף דער פלאזשע, איינער לעבנדיק אין שאָטן פונעם צווייטן, געניסנדיק פונעם צווייטנס נאָענטקייט, אויך אין די באדינגונגען כון ווי מיט א שכן מיט א קוים נישט-אָנגריף פאקט, הגם עס איז נאָך נישט געשלאָסן קיין שלום-פאקט ...

דאָס הייסט, אז ביי נאכט איז געווען טונקל, האָבן זיי זיך נישט אָנגעזען און האָבן זיך ווי אויסגעמיטן (אמת בלויז פון איר צד, דאָרי, איז זי דאָך געווען יענע וואָס האָט אים אויסגעמיטן!), אָבער אז עס איז געקומען דער פרימאָרגן, קוים איז אויפגעגאנגען די זון, עס איז שוין געוואָרן טאָג, זענען ארויס צו דער פלאזשע — דאָרט האָבן זיי ווי געפונען א געמיינזאמע שפראך פון געמיינזאמע געפילן אויך נישט ארויסגעוויזענע, נישט ארויסגעזאָגטע אין א גענוגנדיקער מאָס. שא-שטיל, אומגערעדט, אומדערקלערט, נאָר דאָך ווארעם דערפילט, דערפרישט, געאנט אָן ווערטער, אָבער דאָך מיט ווארעמע געפילן.

... פונקט אזוי מוז מען צוגעבן, אז אויך דאָרי האָט נישט דווקא ווי א שטרויס אויסבאהאלטן אין זאמד איר קאָפּ אין קישעלע. ניין, זי איז נישט געלעגן מיטן קאָפּ אויסבאהאלטן פונעם ארום און שוין. ניין. זי איז טאקע אזוי געלעגן, אָבער דאָרטן, הינטערן קישעלע האָט זי אויך געטראכט. אויך נישט ווילנדיק האָט זי דאָך געמוזט טראכטן. די צייט גייט. באלד איז א וואָך אריבער זינט זיי זענען דאָ צוזאמען, פייניקן

זיך דאָ צוזאמען. איז וואָס קאָן זיין, וואָס קאָן ווערן דער תכלית דערפון? ... האָט זי געמוזט, ווי געזאָגט, טראכטן און זיך דערטראכטן: יאָ, עס איז טאקע אמת אז זי פילט א ווידערווילן (זי וויל נישט פארענדיקן איר געדאנק, אז זי פילט אויך א ביסל ווי א גרויל, פון דאָרט קומען טאקע די געפילן פון איבלען!), אָבער איר ווידערווילן איז נישט געוואָנדן צון אים, צום דאָקטער, צו דאָנין, נאָר צו די מענער בכלל. זי פילט דאָך דאָס דאָזיקע מאָדנע געפיל נישט דווקא צון אים, נאָר בכלל צו סיי וועלכן מאנצביל מיט וועלכן זי קומט אין בארירונג. הייסט דאָך עס אז זי שטויסט נישט אָפּ אים פון זיך, נאָר דעם „מאנצביל" אין אים. זי קאָן נישט האָבן קיין גוט געפיל צון אים, ווען ער דערנענטערט זיך צון איר ווי א מאנצביל — דערנענטערט ער זיך אָבער צון איר ווי א פשוטער פריינד, איז ער אויפגענומען מיטן בעסטן פארגעניגן. מיט גוטן ווילן, מיט אמתער פריינדלעכקייט. נישט וואָס זי שטויסט אים נישט אָפּ פון זיך, נאָר אדרבה, זי ציט אים צו צו זיך מיט א קראפט וואָס לאָזט אים זיך נארן, אז זי ליבט אים נאָר (ווען אין דער אמתן איז ער בלויז טאָלערירט, נישט מער ווי טאָלערירט, ווי א פריינד, ווי א חבר, אפילו ווי א ברודער, נאָר ווי א „געליבטער" נישט!). און אָט דאָס, אזא מין זשעסט פון איר זייט, פארנארט אים, פארפירט אים, אויף א וועג אָן אן אויסוועג, וואָס פירט אויך אָנעם ווילן צו ליבע-פארבלאָנדזשענישן, פארבונדן אים מיט אומגעזעענע פעדעם, אז ער זאָל זיך נישט קענען באפרייען פון איר, אפילו ווען ער וואָלט עס געוואָלט טון מיטן פשוטן קלאָרן לאָגישן שכל. אמת, ער טראכט זיך דאָך, וואוהין קאָן דערגיין אזא קאץ מיט מויז שפיל, אזא מין פארבלאָנדזשעטער וועג, וואָס קאָן אין ערגעץ נישט דערפירן?!

ווידער זי, דאָרי, האָט דאָך אויך געטראכט סיי אין אירע נישט אויסגעשלאָפענע נעכט, סיי אין די וואכע טעג, ליגנדיק מיט די פארמאכטע אויגן, זיי אויסצובאהאלטן פון די זון-שטראלן אויף דער פלאזשע: נו יאָ, דאָני איז איר סימפאטיש. ער איז א פריינדלעכער העפלעכער בחור, איז נישט קיין מיאוסער, איז א קלוגער און געבילדעטער מענטש, און זוי סע ווייזט אויס, ווי אזוי ער ווייזט ארויס, איז זי אים סימפאטיש — איז האָט זי א רעכט אים אָפּצושטויסן?!

אָט גייען די טעג, באַלד וועלן זיי זיך מוזן צוריק קערן יעדער אין זיין היים: ער קיין בראַשאָוו און זי קיין סיגעט. איז וואָס וועט זיין ווייטער, וואָס וועט זי זאָגן פאַר אירע עלטערן, וועלכע וואַרטן מסתמא מיט זייער אומגעדולדיקן געוויינטלעכן וואַרטן, ווי סיי וועלכע עלטערן אין זייער לאַגע, שוין נישט קיין גאָר יונגע, ווייל זיי זענען פון יענע וואָס האָבן איבערגעלעבט „אוישוויץ"?! ... און, צוריק געשמועסט, פאַר איר גופא, וואָס וועט זי „זאָגן"?! אָפּלייגן אויף מאָרגן, אויף דער קומענדיקער וואָך, אויף קומענדיקן חודש, אויף קומענדיקן יאָר, אויף קומענדיקן — וואָס?... די יוגנט-יאָרן בכלל וואַרטן נישט און ממילא וואַרט נישט אויך איר יוגנט. זי וועט אויך פאַרוועלקט ווערן ווי סיי וועלכע פאַרזעסענע ... זי ווייסט עס. חתונה האָבן איז אַ פאַטאַלע זאַך, אָבער עס איז אויך אַ סעזאָן-זאַך: האָט מען חתונה אין די יוגנט-יאָרן, האָט מען חתונה געהאַט. זענען פאַרי-בער די ערשטע יוגנט-יאָרן — איז אויס. אַ באַן, אַ פאָרנדיקער באַן, קאָן מען נישט נאָכלויפן. עס איז אומזיסט. אויב מע האָט זיך נישט אַרויפ-געכאַפּט, כאָטש אויפן טרעפּל פונעם לעצטן וואַגאָן, איז מען אַרונ-טערגעבליבן — בלייבט מען אַ פאַרזעסענע, אומחתונהגעהאַט קאָן מען אויך נישט איבערבלייבן, עס איז פאַטאַל, מע קאָן עס נישט אויסמיידן, ווי כמעט מע קאָן נישט אויסמיידן דעם טויט.

יאָ, אַ פאַרזעסענע וויל קיין שום מיידל נישט פאַרבלייבן, אויך ווען זי איז אַ שייגיטשקע און דאָך פילט זי נישט קיין שום צוצי צון אַ מאַנצביל, אַזוי ווי זי פילט עס איצט, אין די לעצטע יאָרן ...

ט

...האָט זי טראַכטנדיק אַזוי, זיך דערטראַכט צון אַ ווייבערישער סטראַטאַגעמאַ. יאָ, נאָר פּרוּיען קאָנען זיך דערטראַכטן צון אַזאַן אויס-וועג: אַזוי ווי היינט-מאָרגן דאַרף זי באַקומען דאָס „חודשלעכע", איז וועט זי מוזן אויסניצן די געלעגנהייט, איצט, נישט וואַרטן שפּעטער. ווער ווייסט ווען דער „שפּעטער" קאָן נאָך זיין, ווען סע זאָל זיך נאָך יאַווען פאַר איר אַזאַ גינציקע געלעגנהייט.

איז זי געוואָרן אויפמערקזאַם. געלויערט אויף יעדן מינדסטן געפיל, וואָס איר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אָט-אָט ... און אַז עס איז געקומען

די „מינוט“, האָט זי פיל נישט געוואַרט. זי האָט דאָך נישט געטאָרט
מער וואַרטן. דאָס איז שוין געוואָרן קלאָר דערטראַכט און איבערגעטראַכט
און איבעראיבערגעטראַכט ... האָט זי מער נישט פאַרגראָבן איר שיינעם
געקרייזלטן קאָפּ האָר אינעם קישעלע, נאָר אים געלאָזט איבערן קישעלע ...
האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע אירע כוחות זיך צוריקצוהאַלטן און
נישט אַרויסווייזן אויך יענץ ווידערגעפיל וואָס איז איר געקומען קעגן
איר ווילן. אדרבה, זי האָט שוין נישט געוואַרט אַז ער זאָל אויסשטרעקן
די האַנט צון איר, נאָר זי, יאָ, זי האָט דאָס מאָל שוין אויסגעשטרעקט
איר האַנט צון אים ... נאָר, צוריק געשמועסט, האָט זי דען געדאַרפט
מאַכן גאָר גרויסע באַמיונגען דערצו? עס איז דאָך געווען געגנוג אַז זי
האָט אים נישט אָפּגעשטויסן ... האָט זי אים דאָס מאָל טאַקע נישט אָפּ-
געשטויסן. אדרבה, האָט צון אים אויסגעשטרעקט איר לאַץ אים צו פאַנ-
גען, אים איינצוקלאַמערן אין איר נעץ, אין אירע אָרעמס — פון וואַנען
ער איז שוין נישט אַרויס נאָר אַ „בלוטיקער“ ...

אמת, זי האָט זיך געקווענקלט, האָט זיך לפּנים געראַנגלט מיט אים,
מיט אירע מכלומרשטע ווייען און מיט זיך גופא, גלייך זי וואָלט געפילט
די ווייען פון אַ בתולה, נישט געלאָזט אים אַז ער זאָל אפילו רואיק אָפּע-
טעמען, אַז ער זאָל זיך חלילה נישט אָפּגעבן חשבון אַז דאָס גאַנצע פון
איר מאָדנע פאַרהאַלטן איז נישט מער ווי בלויז אַ שפּיל כדי אים צו „אײַ-
בערצייגן“ אַז ער זאָל מיינען און אויך גלייבן אַז זי איז ביז איצט געווען
אַ בתולה. ערשט איצט, ער, האָט זי „פאַראומגליקט“ און אויב ער וועט
זועלן פאַרריכטן די „עוולה“, וואָס ער האָט איר אָנגעטון „קעגן איר ווילן“,
זועט ער זיך שוין נישט קאָנען אַרויסדרייען אפילו ווען ער וועט שוין
אפשר יאָ וועלן — וועט ער מוזן מיט איר חתונה האָבן ...

ער האָט טאַקע קיין גאָר גרויסע הנאָה נישט געהאַט פונעם גאַנצן
„שפּיל“, אָבער דאָך האָט ער געהאַט אַ סאַטיספאַקציע אַז עס איז סוף-
כל-סוף שוין געשען ... אייגנטלעך, וואָס עס איז באמת געשען, דאָס האָט
ער דאָך בכלל נישט געוואוסט, אָבער דאָך איז עס געשען — און אים
האָט עס הנאָה געטון אַז עס איז „געשען“, און פון דער קורצער, זייער
קורצער הנאָה האָט ער זיך דאָך געפילט ווי באַפרידיקט, ווי באַפרייט
פון אַ משא, פון אַן עול — און איז צום ערשטן מאָל נאָך אַ וואָך אומגע-

שלאָפּענע נעכט, נאָך א ריי קאָשמארן, איינגעשלאָפן אין אן אויסרוענדיקן שלאָף, וואָס האָט אים אויפגעפרישט, אויפגעלעבט, אים ייִנגער געמאכט מיט עטלעכע יאָר ... איצט האָט ער שוין נישט באַדויערט פאר וואָס ער איז געקומען צום ים זוכן אוואַנטורעס — ער האָט זיי שוין געפונען.

זי, דאָרי, איז נישט איינגעשלאָפן. זי האָט נאָך ווינציקער איינגע־דרימלט ווי זי האָט עס געטון פריער, אין די פריערדיקע נעכט. איצט, נאָך דעם ווי עס איז געשען וואָס עס איז „געשען" (זי האָט דאָך יאָ גע־וואוסט דעם אמת, וואָס עס איז אייגנטלעך געשען!), דאָס הייסט, אז איר האָט זיך געגנבֿעט אייננעגעבן איר „פּלאַן" אים צו פארנארן, האָט זי געפילט א באפרידיקונג, אז זי האָט נישט פארלוירן די צייט אומזיסט. איצט וועט זי שוין קאָנען קומען אהיים און זיך בארימען סיי פאר אירע עלטערן סיי פאר אירע פריינדינס, אז אָט ענדלעך האָט זי געפונען איר אמתדיקן זיווג, אזוי ווי זיי האָבן געוואָלט (און פאר וואָס זאָל זי נישט אָנערקענען, אז אויך זי האָט עס איצט שוין געוואָלט!), אז איר חתן זאָל זיין א ייד ... יאָ, אויך פאר אירע קאָלעגינס וועט זי זיך שוין קאָנען בארימען אז ענדלעך האָט זי געפונען א לייטישן חתן, א דאָקטער, מיט וועלכן זי וועט חתונה האָבן, לייטיש, בכבודיק, אָן דעם אז עמעצער זאָל איר קאָנען אמאָל פּירווארפן אז זי איז אמאָל געווען א צו היים־בלוטיקע אין אירע גאָר יונגע יאָרן ...

אָט דאָס געפיל האָט איר געגעבן א באזונדער רואיק און בארואיקט געמיט, אזא מין רואיק געפיל, וואָס האָט זיך באלד אָנגעזען אויך אויף איר פּנים, הגם אויך די דאָזיקע נאכט האָט זי נישט צו פיל געקאָנט שלאָפן.

האָט זיך עס טאקע דערקאָנט, באלד צו מאָרגנס, ווען זיי זענען שוין ווידער געלעגן איינער נעבן אנדערן אויף דער פּלאַזשע, זענען זיי שוין דאָס מאָל געלעגן א ביסל פרייער אין זייערע באוועגונגען, מער היימי־שער ...

יאָ, דאָרי גופא האָט אויך ווייטער געמוזט האַמעווען אירע געפילן, אירע געוויינטלעכע אָפּשטויסנדיקע געפילן, און זיך אָנשטרענגען אויף נישט ארויסצווייזן איר ווידערווילן בעת ער רירט זי אָן, זי האָט געמוזט זיך צווינגען און זיך שטארקן און אויסבאהאלטן אז זי פילט ווי א גרויל

זוען סע באַרירט זי סיי וועלכער מאַנצביל, אויך ווען עס האַנדלט זיך אין אים, איר שוין „כמעט‟ מאַן ...

דאָס הייסט אַז זי האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ צוואַנג-העמד אויף נישט אַרויסצווייזן אירע אַמתדיקע נישט-ליבלעכע געפילן צו אים, וואָס זענען געווען ביי איר נאַטירלעכע ווי פון סיי וועלכער קאַלטער פרוי, געבוירענער פריגידער פרוי (ניין, ביי איר איז עס נישט דער פאַל. זי איז דאָך נישט געבוירן אַזוי, נאָר באַקומען די פריגידשאַפט פון איר אומגעווינטשענער שוואַנגערשאַפט און פונעם פיינלעכן אַקסידענט ביי יענעם גינעקאָלאָג, וועגן וועלכן זי וויל זיך שוין מער קיין מאָל נישט מער דערמאָנען!), וואָס באַמיט זיך אויסצובאַהאַלטן אירע קאַלטע געפילן, איר קאַלטקייט בכלל, אַז חס-וחלילה דער מאַן, איר אייגענער מאַן, זאָל זיך דערפון קיין מאָל נישט דערוויסן. אַלנפאַלס נישט פאַר דער צייט. בפרט נאָך פאַר דער חתונה זייערע ...

זאָל דאָ געמאַכט ווערן אַ קליינע באַמערקונג אין האַלבע לבנות, וואָס געהערט נישט צו דער דאָזיקער מעשה פון אַ מאָדנעם שידוך:

(נו, איז אַ וואונדער אַז די סטאַטיסטיק ציילט אָן אַ גרויסע צאָל יונגע פּאָרלעך וואָס צעשיידן זיך, ווער פריער און ווער אַ ביסל שפּעטער, אָבער קיין איינע דערלעבט נישט ביזן פייערן אַ „זילבערנע חתונה‟?!...

אייגנטלעך, קומט דאָך עס אויס, אַז פּונקט אַזוי ווי פון סאַמע פריסטע צייטן האָט מען זיך נישט „געפּאָרט‟ דורך ריינער און הייסער אומאינטערעסירטער ליבע, נאָר סיי מע האָט זיך אַ צייט געדאַרפט קויפן אַ פרוי, אָדער נאָר פאַנגען מיט כוח, אָדער מע האָט זיך געדאַרפט „פאַרקויפן‟ און נעמען נדן, אָדער מע האָט געמאַכט שידוכים דורך פּאָליטישע אינטערעסן פון פאַרשידענע אַדלדיקע דינאַסטיעס, דורך פאַרשידענע מיסחרים מיט „יחוס‟, מיט אַ „גזע‟, אָדער אָפּצוראַטעווען אַ ירושה, אָדער נאָר שוין אָפּצוראַטעווען דורכן שידוך דעם המשך פונעם שטאַם — אַלץ האָט געהאַט און האָט אויך ביזן היינטיקן טאָג אַן „אויסרייד‟ — בלויז דאָס וואָרט און דער באַגריף „ליבע‟ איז געבליבן נישט מער ווי אַ טעמע פאַר ליבע-ראָמאַנען, אָבער אויף קיין פאַל נישט פאַר שליסן

אמתדיקע שידוכים, דיקטירטע פון ריינער ליבע און נאָר ליבע, אָן אנדערע אינטערעסן, ווי סע חלומען אלע יוגנטלעכע, אלע אָן אויסנאַם, אָבער זייער זעלטענע קאָנען עס אויספירן אין זייער לעבן, קעגן די געוויינט-לעכע שטערונגען וואָס זיי באגעגענען תמיד אויף זייער וועג...

...דערנאָכדעם, שטייט מען פארוואונדערט און מע פרעגט זיך: ווי אזוי איז עס מעגלעך, אז אזעלכע שיינע צוויי געראָטענע מענטשן, יונגע פאָר-פעלקער, געבילדעטע הייגטצייטיקע מענטשן, וואָס וואָלטן זיך גע-קאָנט איינפארשטיין אין אלע הינזיכטן ווי ציוויליזירטע מענטשן, וואָס וואָלטן זיך געקאָנט און גענדארפט איינפארשטיין אין געמיינזאמע געפילן און הנאה האָבן פון זייער יונגטלעכקייט און פונעם לעבן בכלל — גייען זיי און צעשיידן זיך, נישט קאָנענדיק אפילו דערקלערן פאר אנדערע די אמתדיקע סיבה, פאר וואָס אייגנטלעך זיי צעשיידן זיך...

וואָס וואָלטן זיי אייגנטלעך געקאָנט זאָגן אָדער אויפקלערן כדי א פארשטאנדיקער מענטש אָבער דאָך א זייטיקער אומבאקאנטער מענטש, וועלכער ווייסט נישט וואָס און וויפל אומווירדיקע געפילן סע שטעקן הינטער אזא שידוך?!...

זיי גופא קאָנען זיך דאָך אפילו פאר זיך גופא אויך דאָס נישט דער-קלערן זייער קלאָר און שכלדיק. זיי פילן אָבער אז מער קאָנען זיי נישט צוזאמען לעבן, ניין, ווייטער גייט עס שוין נישט. זיי ביידע פילן עס טאקע, אָבער פאר קיין דריטן האָבן זיי נישט וואָס צו דערקלערן. מחמת די טאָג-טעגלעכע בייטאָגיקע קליינע מחלוקתן פון „שטוב" זענען דאָך קיין אמת-דיקע סיבה נישט. די אמתדיקע סיבה ליגט דאָך הינטער די קליינע מחלו-קתן, ערגעץ אין זייער „בעט" און דאָס קאָן מען נישט דערקלערן פאר א פרעמדן, וועלכער ווייסט נישט ווי אזוי זיי פארברענגען די „נעכט", בעת זי פילט די „מייז" וואָס קריכן איבער איר קערפער, ווען ער באַרירט זי, בעת ער גלעט זי און קושט זי, בעת זי דארף גובר זיין איר איבל-געפיל, וואָס דערגייט איר צום האלדז!)...

## 3

א

...אויב טרעפן דעם פאסיקן זיווג איז געגליכן, אין דער אוראלטער יידישער ליטעראטור, צו קריעת ים-סוף, פונקט ווי עס איז שווער גע-

זוען צו שפּאַלטן דעם ים בײַ יציאת-מצרים, און דאָס אויך אין נאָרמאַלע צײַטן — מיט אַזוי פיל שווערער איז געווען צו טרעפן דעם זיווג און נישט נאָרמאַלע צײַטן, ווי סע זענען געווען די יאָרן תיכּף נאָך דער שואה און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביזן הײַנטיקן טאָג, ווען מען איז קוים דערגאַנגען צום צווייטן דור.

און דאָ, בײַ דאָרין און בײַם דאָקטער דניאל קרויס, איז עס דאָך נאָך געווען בײַם ערשטן דור פון נאָך דער שואה.

יאָ, נישט בלויז הײַנט, אין דאָזיקן קוים אָפּגעראַטעוועטן אָדער קוים ווידער-אויפשפּראָצנדיקן נײַעם נאָכשואהדיקן דור איז עס אַזוי, תמיד איז עס אַזוי געווען. בײַ יעדן אָנהייב אָדער ווידער-אָנהייב... די לע-גענדע דערציילט אַז אָדם הראשון האָט זיך געפּאָרט מיט אַלע חיות און האָט זיך נישט „אָפּגעקילט" דאָס געמיט ביז גאָט האָט ספּעציעל פאַר אים באַשאַפן אַ חווה. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אַ ספּעציעלער באַשאַף פאַר אים, פאַרן ערשטן אָדם, די קרוין פון דער בראשיתדיקער יצירה, פאַרן ערשטן „האָמאָ סאַפּיענס", וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט באַ-פרידיקן מיט סײַ וואָס עס איז אים אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. ער האָט זיך נישט געוואָלט באַפרידיקן, נאָר געזוכט, געפאָרשט, געטאַפּט ווי אין דער פינצטערניש פונעם בראשיתדיקן אומוויסן, געוואָלט דער-גיין צום סוד פון דער „ליבע" — ביז גאָט האָט זיך אויף אים מרחם געווען, ווען ער האָט געזען אַז סע וועט נאָרנישט העלפן, עס איז דאָך נישט געווען פון וואַנען צו „אימפּאָרטירן", פון וואַנען ער זאָל זיך אויס-ווײַלן אַ פרוי, אַ געליבטע, האָט ער געמוזט, ספּעציעל פאַר אים, באַשאַפן אַ זיווג — אַ חווה.

האָט אָדם הראשון געהאַט אַ ברירה?! האָט ער געקאָנט וואַרטן ביז ער וועט באַגעגענען אַ פרוי, אין וועלכער ער וועט זיך פאַרליבן, איר שרײַבן ליבע-בריוו, אָדער גאָר פּאָעטישע ליבע-פערזן?! פון וואַנען זאָל ער זי געווען נעמען, די געליבטע, ווען אין גאַנצן איז קוים באַשאַפן געוואָרן איין איינציקע חווה?!...

יאָ, ער האָט געמוזט אָננעמען פאַר ליב און דאַנקען גאָט פאַר דעם, וואָס ער האָט שוין יאָ געהאַט כאָטש יענע חווה, אַזוי ווי זי איז, מיט אירע

מעלות און בפרט מיט אירע חסרונות — ער האָט דאָך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה...

און נישט בלויז דעמאָלט, ביים סאַמע בראשית איז עס אַזוי געווען אויך שפּעטער, ווען דער מענטש האָט געדאַרפט אָנהייבן, צוליב געוויסע געשעענישן, פון דאָס ניי, און דער אָפּקלייב איז געווען זייער אַ שיטערער, סע זענען נישט געווען קיין צו פיל מענער צי פרויען אויף דער וועלט, אָדער סע האָט זיך צו מאָל אויסגעדאַכט און טייל האָבן טאַקע געמיינט אַז סע זענען שוין נישטאָ אויף דער וועלט קיין „ברירות", פון וואַנען זיך אויסצוקלייבן אַ זיווג, אַ געליבטע, האָט מען געטאַפּט אין דער פינצטער.

אַזוי האָט פאַרבלאָנדזשעט אין זינדיקייט אויך נוחס אַ זון, טאַקע תיכף נאָכן מבול, ווען אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז סע האָט „אויסגעבראָכן" אַ מאַנגל אין אויסקלייב, ווייל אַלע מענטשן, אַלע חיות און עופות, אחוץ די פּאָרלעך וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אין דער תיבה, זענען דאָך אומגעקומען אין גרויסן וועלט-פאַרפלייץ, איז האָט דער מיטלסטער זון, אין זיין סעקסאָמאַנישער פאַרצווייפלונג, מזנה געווען מיט זיין אייגענעם פאָטער...

... און לוטס טעכטער? ווען זיי האָבן געזען אַז זייער הויז, זייער היים און היימלאַנד סדום איז חרוב געוואָרן און קיינער אחוץ זייער געציילטער קליינער משפּחה, דער פאָטער לוט און זיי, די דריי טעכטער, פאַרזעענע טעכטער, האָבן זיך נישט אָפּגעראַטעוועט — האָבן זיי איינגעשיכורט אים, זייער אייגענעם אַלטן פאָטער, דעם אויסגעמידטן אָפּגעהאָרעוועטן אויסגעמאַטערטן, אָבער דאָך איינציקן מאַנצביל, און האָבן געזוכט זיך צו ראַטעווען פון אייביקער עקרהדיקער פאַרזעסנקייט, כאָטש אַזוי, פאַרשיכורטערהייט — און אים באַשלאָפן, אויך אָן זיין וויסן (און אפשר יאָ מיט זיין וויסן, נאָר ער האָט זיך געמאַכט אַז ער ווייסט פון גאָרנישט נישט. מע קאָן ליבער גלייבן אַז ער האָט נישט געוואוסט, אַז ער האָט נישט געוואָלט וויסן פון גאָרנישט, מחמת ער האָט דאָך זייער גוט פאַרשטאַנען אויך זיין מצב און בפרט דעם מצב פון זיינע טעכטער... אפשר האָט ער טאַקע אויך געטראַכט ביי זיך, און זיך געלאָזט מיטן גוטן ווילן איינשיכורן, כדי כאָטש אַזוי אַרום אָפּצוראַטעווען זיין שטאַם פון ענדגילטיקן אונטערגאַנג?!), ווי סע ווערט דערציילט אין חומש, אַז ער

האָט נישט געוואוסט פון זיך, נישט ביים לייגן זיך פון זיינע טעכטער אים צו באשלאָפן און נישט ביים אויפשטיין פון זייער גילוי־עריותדיקן געזנות ... נו יאָ, קאָן מען טאקע אפשר גלייבן אז ער האָט טאקע נישט געוואוסט פון גאָרנישט, פון די כוונות פון זיינע טעכטער אין אָנהייב, ביים ערשטן לייגן זיך — אָבער ביים אויפוואכן? ניין, זאָל מען דערלויבן און כאָטש זיין אין ספק צי ער האָט עס באמת נישט געוואוסט ... נ״ן. זאָל מען נישט דערציילן אז ער האָט נישט געוואוסט פון גאָרנישט אויך נישט ביי זיין אויפוואכן. ער האָט מסתמא יאָ שוין געוואוסט, ער האָט זיך טאקע שוין יאָ דערוואוכט, כאָטש דעמאָלט, שוין אחר־המעשה מיט זיין ערשטער טאָכטער, אָבער ווען עס איז געקומען די ריי פון דער צווייטער טאָכטער, זאָל מען נישט גלייבן — דעמאָלט האָט ער שוין זייער גוט געוואוסט אויך ביים סאמע אָנהייב, שוין ביים ערשטן גלעזל ווין, אז דאָס ווערט געטון מיטן כיוון פון דער צווייטער טאָכטער, אויך זי וויל שוין אויך באפרוכפערט ווערן אפילו פונעם אייגענעם אלטן פאָטער, נאָר נישט איבערבלייבן א פארזעסענע עקרה, ווי א סטערפעקו, און נישט פילן קיין מאָל אין זייער לעבן דעם טעם פון שלאָפלאָזע נעכט, ווען א מוטער דאַרף אָנזייגן איר קינד, איר זויגלינג, ווען זי דאַרף עס סיי ביי טאָג סיי ביי נאכט וויגן און איינשטילן פונעם קינדישן געוויין און עס איינשלעפן, פארשטאָפנדיק אים דאָס מיילעכל מיטן וואָרצל פון איר מוטערלעכער ברוסט, פון איר איבערגעפולטער מילכיקער ברוסט ... יאָ, ער האָט עס שוין יאָ געוואוסט, שוין ביי דער צווייטער טאָכטער, אָבער אוודאי און אוודאי האָט ער עס שוין געמוזט וויסן, ווען עס איז געקומען די ריי פון זיין דריטער טאָכטער ... יאָ, ער האָט עס שוין געוואוסט, אָבער ער האָט גאָרנישט געטון קעגן דעם, הגם ער האָט שוין דאָס מאָל געזינדיקט שוין באוווסטזיניק, נישט פארשיכורטערהייט, מיט זיינע אייגענע טעכטער, טאקע דווקא ווייל סע זענען געווען זיינע אייגענע טעכטער, און ער האָט זיי נישט געקאָנט אָפזאָגן, נישט געקאָנט זיי פארמשפטן אויף אייביקער קינדערלאָזעקייט, אז ער זאָל ווי מיט זיינע אייגענע הענט אונטערהאַקן זיין שטאם און נישט לאָזן נאָך זיך קיין אייניקלעך, קיין איין יורש נישט, נאָר זיך אויסלאָשן ווי א ליכט אָן גאָרנישט, אז ארום אים זאָל בלייבן א פינצטערניש אויף דורות ... ער האָט דאָך אויך אזוי

ווי זיינע פארצווייפלטע טעכטער מסתמא געמיינט, אז מיטן חרוב מאכן סדום איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער מענטשלעכער מין אויף דער גאנצער וועלט. אין ערגעץ איז מער נישט איבערגעבליבן קיין מאנצביל, אפילו אויף א רפואה...

ב

... יאָ, נאָך דער שואה איז דאָך טיילוויז געשען, גלייך ווי נאָכן מבול, גלייך ווי נאָכן חרוב מאכן סדום, ווען בלויז עטלעכע געציילטע, און אויך יענע זענען דאָך שוין געווען אויסגעדארטע סקעלעטן, אָן א טראָפן חיות, אָן א טראָפן פרייד, אָן א טראָפן לעבנס-ווילן, אויסגע-פלאָגטע נשמות, וועלכע זענען אָפגעראטעוועט געוואָרן און זענען איבערגעבליבן עלנטע, אָן פאסיקע פּאָרלעך, אלנפאלס אין גרויסן מא-נגל פון וואנען זיך אויסצוקלויבן דאָס פאסיקע פּאָרל, דעם פאסיקן זיווג, וואָס איז תמיד, אויך אין די נאָרמאלע צייטן געווען אזוי שווער צו גע-פינען, אזוי ווי צו שפּאלטן דעם ים ביי יציאת-מצרים...

... איז ווער קאָן זיך דערלויבן צו משפּטן די עלטערן, ווער קאָן זיך נעמען דאָס רעכט צו משפּטן דבורהן-דאָרין, ווער קאָן וואגן צו טראכטן עפּעס שלעכטס אפילו וועגן דאָקטער דניאל קרויס?!...

אָט פאר וואָס די עלטערן פון דאָרין האָבן זי נישט געלאָזט צו רו, נאָר ממש איר דערעסן דאָס לעבן, אז דווקא זי זאָל זיך באמיען עמעצן „פאנגען" און וואָס גיכער איז אלץ בעסער. עס איז נישטאָ וואָס צו ווארטן. אויף נאָרנישט קיין גוטס קאָן זי זיך נישט דערווארטן — זי מוז געפינען פאר זיך א מאן, א יידישן חתן און חתונה האָבן ווי דער יידישער מנהג איז — דערנאָך, דערנאָכדעם מעג זי טון וואָס איר הארץ וועט גלוסטן... וואָס האָבן זיי צו ווארטן, האָבן זיי זיך געטראכט ביי זיך — מע ווייסט דען וועמעס מאָרגן עס איז?! ניין. זיי האָבן שוין קיין אנדערע ברירה, האָבן שוין קיין אנדערע אמביציעס נישט. זיי האָבן שוין כמעט אָפּגעלעבט זייער וועלטל, איז זאָלן זיי כאָטש נאָך דערלעבן זי זען א חתונה-געהאטע, זאָלן זיי זיך כאָטש האָבן באוואָרנט אז זייערע אייני-קלעך זאָלן זיין און בלייבן יידן.

קיין אנדערן באַגער האָבן שוין נישט דאָרים עלטערן.

אָט פאַר וואָס אויך דאָרי, יענע וואָס האָט אין אירע פריערדיקע יאָרן א ביסל געביצקעט ווי א ווילד קעלבעלע אין גרינעם גראָז, האָט זיך כּל-סוף אָפּגעקילט, א ביסעל צו אָפּגעקילט, כּמעט קאַלט געוואָרן און זיך בארואיקט און אָנגעהויבן טראַכטן צון א „תּכלית", אַזוי ווי אירע על-טערן האָבן פאַרשטאַנען איר תּכלית, נישט בלויז צוצודעקן איר קאָפּ, ווי מע זאָגט, חתונה האָבן סיי ווי אַזוי, נאָר דווקא מיט א ייד ... דאָס וואָס עס איז געשען אין צווישן, און זי האָט זיך „אָפּגעקילט" מער ווי מע באַדאַרף, אָט דאָס איז געווען אַן אַקסידענט, א ווייטיקדיקער אַקסידענט, פון וועלכן זי האָט לעת-עתּה נישט געזען קיין אויסוועג, ווי אַזוי זי זאָל זיך באַפרייען פון דער דאָזיקער מחלה אירער (מע קאָן דאָך עס נישט אָנ-רופן אַנדעריש ווי א מחלה!), און אפשר טאַקע, אַז מיט דער צייט, האָט ביי איר אויפגעשפּראָצט א געדאַנק, אפשר וועט זי טאַקע מיט דער צייט זיך אויסהיילן פון איר „קאַלטקייט-מחלה"?! ...

דערווייל, ביז וואָס ווען, דאַרף זי האַנדלען באַוואָוסטזיניק, ווייל קיין אונטערבאַוואוסטזיניקן יצר-הרעדיקן טריב פאַרמאָגט זי שוין נישט, גלייך מע וואָלט איר אַוועקגענומען דאָס ווייבלעכקייט, פילט קיין שום צוצי-רייץ נישט צון א מאַנצביל — איז טאַקע דווקא צוליב דעם מוז זי האַנדלען „באַוואוסטזיניק", אַרויסצוהעלפן דעם פוילן, איינגעדרימל-טן ביי איר אומבאַוואוסטזיין, און מיט דער צייט, מיט דער צייט, אפשר נאָר מיט דער הילף פון דאָקטערישע רפואות, וועט זי דאָך צוריקבאַקו-מען איר אַמאָליקן ווילן און אפילו תּאווה צום לעבן, צום אויפלעבן ביי איר דעם ווילן צון איר איינענעם מאַן, אויב עס איז ביי איר אָפּגעשטאָרבן סיי וועלכער באַגער צו סיי וועלכן מאַנצביל ...

יאָ, נאָך דער שואה האָט זיך אָנגעהויבן פאַר דער שארית-הפּליטה א ניי „חרוב" לעבן, אויף חורבות נישט בלויז פון הייזער, פון שטעט צי אפילו כּמעט לענדער, נאָר נאָך מער אויף די חורבות פון די גופים, אויס-געטרוקנטע פון סיי וועלכן לעבנס-זאַפט, אויף די חורבות פון די נשמות, וואָס זענען פאַרסמאַלעט געוואָרן ביים פלאַם פון די קרעמאַטאָריע-פייערן, וואָס זיי האָבן געזען מיט זייערע אויגן, און זענען כּמעט ווי אויסגעלאָשן געוואָרן לעבנדיק א צייט, א ווייטיקדיקע טרויעריקע צייט, אין שכנות

פון יענע קוימענעס, וואָס האָבן געסטראַשעט טאָג נאָך טאָג, רגע נאָך רגע ...

ג

נו, איז אַ חידוש אַז עס איז געשען מיט די איבערגעבליבענע לעבנס דאָס וואָס עס איז געשען?! ... איז ווער קאָן זיך נעמען דאָס רעכט צו משפּטן די עלטערן, ווער קאָן זיך דערלויבן צו פאַרמשפּטן דאָרין, סיי וועלכע „דאָרי", ווער מעג אפילו וואגן טראַכטן עפּעס נישט פּאַסיקס וועגן די מענער ווי עס איז דאָ געוועזן דער פאַל מיט דאָקטער דניאל קרויס, וועלכער איז מכלומרשט פאַרנאַרט געוואָרן און אַריינגעצויגן געוואָרן אין דאָזיקן מאָדנעם שידוך?! און אפשר האָט ער זיך גאָר אויך „באַוואוסטזיניק" געלאָזט פאַרנאַרן, אָבער ביי זיך האָט ער אויב נישט געוואוסט אויף זיכער, איז האָט ער כאָטש געאַנט אַז זי וויל אים פאַרנאַרן, און ער האָט דאָך זי דן געווען לכף-זכות און געמאַכט זיך נישט ווילנדיק און פאַרשוויגן, באוואוסטזיניק, ווייל קיין אַנדערע ברירה איז נישט זייער געווען?! ...

איז פאַר וואָס זאָל מען טאַקע נישט באַמיען זיך אויף צו זוכן און ממילא אויך געפינען אַ זכות אויך צו אַ מאָדנעם שידוך?!
פאַר וואָס?! ...

צוריק געשמועסט, וועלכער שידוך איז נישט „מאָדנע"? ... אַמאָל פלעג מען זאָגן, אַ שידוך איז ווי אַ טשאָלנט. קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי ער וועט געראָטן. כמעט אַלע שידוכים הייבן זיך דאָך אָן מיט געזאַנג און טענץ, מיט ברכות און האַרציקע אָנווינטשעוואַניעס, האַלדזנדיק און קושנדיק — אָבער זייער פיל ענדיקן זיך מיט טרערן און געוויינען, מיט באַרעדענישן, מיט רכילות און קללות ... אַ שידוך איז אַ מזל זאָך?!... ווי אַזוי ווער סע וויל גלייבן: טייל מענטשן גלייבן אין מזל, אַנדערע (דאָס רובֿ!) גלייבן גאָר אין שלימזל, וואָס איז אַן אָפּטערע דערשיינונג און קומט אָן דווקא דעמאָלט ווען מע דערוואַרט זיך צום סאַמע ווינציקסטן...

טייל גלייבן אין „ליבע". אז מע האט חתונה פון ליבע, אן שום מא-
טעריעלן אינטערעס, דעמאלט איז דער דערפאלג שוין פארזיכערט.

און דאך — וויפל אזעלכע „ליבעס" ווערן אויסגערינען פריער, פיל
פריער ווי מע וואלט זיך גאר געקאנט דערווארטן?!...

אדרבה, ווען דער „אינטערעס" איז יא א דויערהאפטיקער (נישט קיין
מאטעריעלער!) איז דער שידוך מער דויערהאפטיק...

לאמיר א קוק טון ארום אונדז — איז עס טאקע אזוי?!

# טראַוועסטי פון גורל

## א מאָרגנע באַגעגעניש

שושנה האָט זיך אויפן מאָמענט נישט געקאָנט דערמאָנען ווער אָט דער יונגערמאַן איז. ווער איז ער? אָבער א באַקאַנטער איז ער איר זיכער. נאָר, ווער איז ער? זינט זי איז עולה געווען קיין ישראל איז שוין אריבער אנדערטהאַלבן צענדליקער יאָרן, סע האָבן זיך געביטן פאַר איר נישט בלויז דער לאַנדשאַפט-פּייסאַזש, נאָר דער גאַנצער אויפן פונעם לעבן, איז ווי אזוי זאָל זי אויפבאַהאַלטן אין איר זכרון, וואָס איז שוין אזוי באַלאָדן, זיך צו דערמאָנען ווער דער איז און ווער יענער, וועלכע זי האָט שוין אזוי לאַנג נישט ווידערבאַגעגנט, הגם זיי זעען איר טאַקע אויס אזוי גוט באַקאַנט?!

אין אוויאָן האָט ווי געשוועבט א דערשטיקטע אויפגערעגטקייט, ווי געוויינלעך ביים אָנהייב, איידער דעם אָפּפליען, בפרט ווען די רייזנדיקע זענען אזוי פאַרשידן פרעמד איינער פונעם אנדערן. טייל זענען געפאָרן צום ערשטן מאָל, טייל זענען געקומען צוריק, טייל זענען שוין געפלויגן צום צווייטן מאָל אָדער גאָר צום דריטן מאָל. אָבער כמעט אלע, אלע זענען געווען פאַרנומען מיטן געדאַנק אז זיי האָבן זיך נישט אוועקצוזעצן אויף א באַקוועם אָרט אויף וועלכן זיי האָבן געהאָפט צו געפינען. זענען דאָך פאַראַן אויך אין דער הינזיכט פאַרשידענע מיינונגען, סיי ביי די דערפאַרענע סיי ביי די וואָס פליען זעלטן. מחמת דעם, אזוי ווי די ערטער זענען געווען אָנגעוויזן פון דער טאַראָם פליגעזעלשאַפט, כדי סע זאָל גיין מיט א סדר און נישט לויטן פּרינציפּ אז כל הקודם זכה, ווער וואו סע קאָן פאַרכאַפּן אַן אָרט, דאָך איז נישט יעדער געזעסן דאָרט וואו ער האָט געהאַט זיין פלאַץ-קאַרטע, נאָר דאָרט וואו ער האָט פאַרנומען זיין אָרט. זענען דאָך געווען פאַלן ווען טייל, בפרט מענער, האָבן אָפּגע-

טרעטן זייער אָרט נעבן פענצטער און געלאָזט דאָרט א פרוי, בפרט אז זי איז געווען לכל-הפּחות ביי דער עלטער פון דער צווייטער „יוגנט" ... איז דאָ שטעלט מען דעם האנט-באגאזש, דאָרט שטעלט מען דעם פּאָטאָ-אפּאראט, דאָ שטעלט מען דאָס איבעריקע בלוזל, וואָס מע האָט דאָ אוים-געטון צוליב דער היץ וואָס איז אין אוויאָן, ווייל דער אפּאראט פאר קאָנ-דיציאָנירן די לופט פונקציאָנירט נאָך נישט — ביז די מאָטאָרן וועלן אָנהייבן רוישן, פארטייבנדיק די אויערן, ביז ... דער אוויאָן לאָזט זיך אין גאנג. טייל כאפּן א בליק ארום זיך, אזוי ווי פון פּשוט נייגעריקייט, צו זען אויב סע פאָרט נאָך עמעצער א באקאנטער ... יאָ, אָט יענער, דאכט זיך, איז טאקע א באקאנטער, א באקאנטע פיגור, ווער איז ער?

און בעת סע מוטשעט איר געדאנק זיך צו דערמאנען ווער יענער איז, דערנענטערט זיך צון איר, צום ליידיקן אָרט, וואָס איז געבליבן נעבן איר — א יונגערמאן, אָפּגעשוויצט, פארסאפּעט, מסתּמא געלאָפן, זיך געאיילט ער זאָל נישט פארשפּעטיקן דעם אוויאָן. און איצט, ווען ער איז שוין טאקע דאָ, ער איז שוין ארויף אויף די טרעפּ, און נאָך אים האָט זיך טאקע תּיכף געשלאָסן די טיר פונעם אוויאָן, ער איז דאָך געווען דער לעצטער רייזנדיקער וואָס האָט דערפולט דעם עולם פּאָרנדיקע, האָט ער נישט געוואוסט ווי אזוי זיך אן עצה צו געבן, ווי אזוי זיך אוועקצוזעצן, וואו געפינען זיין אָרט, וואו אוועקצולייגן דאָס האנטגעפּעק, ווייל די מאָ-טאָרן פונעם אוויאָן האָבן טאקע שוין אָנגעהויבן רוישן זש-זש-זשזשזש...

שושנה האָט אים דאָך ענדלעך דערקאָנט, הגם נישט פונעם ערשטן אויגנבליק. יאָ, דאָס איז ער. שמואליק, וועמען מע האָט גערופן „סאמי" .. זי האָט אָבער באצייטנס אין אכט-גענומען, אז אין דער בהלה האָט ער זי אויך נישט דערקאָנט. נאָך מער, איצט ווען זי ווייסט שוין ווער ער איז, ווייסט עס ער נאָך נישט ווער זי איז. האָט זי נישט געוואוסט וואָס צו טון. זאָל זי אים אָפּגעבן זיין אָרט. נעבן פענצטערל, צי זאָל זי זיך נישט מאכן וויסנדיק. ווייל וואָס וועט זיין אויב ער וועט נישט האָבן אין זיך אזוי פיל העפלעכקייט אָדער גוטע דערציונג און וועט עס פאָדערן? וועט זי דעמאָלט צייט האָבן זיך אויפהייבן און אים לאָזן זיצן דאָרט. איז לעת-עתּה זיצט זי זיך ווייטער אויף נישט איר אָרט, באטראכט מיט די אויגנווינקלען יעדע באוועגונג זיינע. ווי אזוי אָפּהענטיק ער פּרואווט

אין איילעניש זיך אוועקזעצן, נישט וויסנדיק וואָס צו טון מיטן טישל פאַר אים, זאָל ער עס עפענען, אַזוי ווי ער האָט געזען ביי איר, צי זאָל ער עס אויפהייבן סע זאָל אים נישט שטערן... דערווייל זשומזשען די מאָטאָרן...

— איר פאָרט קיין רומעניע? — האָט זי אים ענדלעך אָנגעאַנקערט מיט דער פראַגע אַז זי האָט געזען אַז מצד אים קומט נישט קיין שום וואָרט נישט.

— איך פאָר אהיים — האָט ער געענטפערט, הגם נאָך אַ פאַרנומענער מיט מחשבות, פאַרטרוד, דאָך מיט אַ העפלעכן טאָן באַגלייט מיט אַ שמייכל, ווי מע טוט עס יעדעס מאָל ווען דער גורל האָט צונויפגעבראַכט מיט אַ מיטפאָרעריז, הגם אַן אומבאַקאַנטע, אָבער דאָך נאָך גענוג יונג און אפילו חנעוודיק. אומבאַקאַנטע? נו, פליענדיק אין אַן אַוויאָן, צי אפילו אויף אַ שיף, צי אַ באַן, געדויערט נישט פיל צו ווערן „באַקאַנט", אפילו צו מאָל גאָר נאָענט באַקאַנט. עס איז באַוואוסט, קיין מאָל וועלן צוויי מענטשן זיך נישט אַזוי גוט באַקענען אין אַזאַ קורצער צייט, זיך צונויפרעדן, ווי סע טוען עס ריינדיקע אויפן זעלביקן וועג, ווי קורץ ער זאָל נישט זיין, וועלן זיי זיך אויסדערציילן, אפילו גאָר אינטימע זאַכן, וואָס זיי וואָלטן אפשר נישט דערציילט אפילו פאַר זייערע אייגענע נישט. נו, אויב, פאַר אייגענע נישט, איז פאַר פרעמדע וואָס זענען געוואָרן פשוט באַקאַנט אוודאי און אוודאי נישט — דאָס וואָס זיי דערציילן זייער גערן פאַר אַ ווילד פרעמדן מענטש, וועמען זיי קאָנען בכלל נישט, און וועלן שפעטער מיט עטלעכע שעה, נאָכן פאַרענדיקן די רייזע, ווי־טער נישט קאָנען און וועלן זיך אפשר קיין מאָל נישט מער אין זייער לעבן ערגעץ באַגעגענען. יאָ, דווקא מהאי טעמא, ווייל זיי וועלן זיך אפשר מער קיין מאָל נישט באַגעגענען, דווקא צוליב דעם דערלויבן זיי זיך פאַר זיי אָפצורעדן פונעם האַרץ און דערציילן גאָר אינטימע איינצלהייטן, וואָס וואָלטן נישט געוואָלט אַז אַ פרעמדער, אָבער דאָך אַ באַקאַנטער, זאָל זיך דערוויסן פון זייער אינטים לעבן. אָט דער? ניין, דער איז נישט קיין פרעמדער, דער וואָס זיצט נעבן דיר און הערט דיך אויס מיט אַזאַ ניינעריקן גוטווילִיקן שמייכל, אָט דער איז גאָר אַן אַנדערער מין מענטש. ער איז אַ גאָר באַזונדערער מין „פריינד". ער הערט אויס מיט געדולד,

דייסט נישט איבער די רייד, בפרט איז ער דיך נישט סותר, אלץ וואָס דו זאָגסט, אלץ וואָס דו דערציילסט, נעמט ער אָן אזוי ווי דו שטעלסט עס פיר. ער מאכט דעם איינדרוק אז ער גלייבט אלעם אזוי ווי דו שילדערסט עס, נישט אזוי ווי דו ווייסט אז עס איז באמת געשען ...

פאר וואָס זשע דערציילט מען עס פאר א ווילד פרעמדן מענטש? דווקא צוליב דעם וואָס ער איז א ווילד פרעמדער, און וועט מסתמא אזעלכער פארבלייבן, נאָך די עטלעכע שעהען צוזאמען פליען, וועלן זיי זיך דאָך צעגיין יעדער אין זיין וועגס, און מער זיך נישט באגעגענען — איז וואָס דארף מען זיך אויסבאהאלטן פאר אזא מענטש, אזא פריינדלעכן, מיט וועמען מע וועט זיך סיי ווי סיי מער נישט באגעגענען? ער ווייסט נישט פינקטלעך ווער דו ביסט, וואו דיך צו באגעגענען, ער ווייסט אפילו נישט גוט ווי אזוי דיין אמתדיקער נאָמען איז, איז וועט ער דאָך אויסבאהאלטן דיין סוד, בעסער פון דיר גופא, ווייל אפילו ער וואָלט יאָ געוואָלט עמעצן דערציילן, וועט ער עס קאָנען טון סתם אָן א נאָמען אָן אן אדרעס. העכסטנס קאָן ער דערציילן פאר א דריטן, וואָס ער האָט זיך איצט דערוואוסט, אפשר אן אינטערעסאנטער עפּיזאָד, אן אוואנטורע פון דיין אינטים לעבן, אָבער ער וועט דאָך נישט וויסן אָנצוגעבן דיין נאָמען, אויך ווען ער וואָלט געוואָלט, ווייל דו האָסט אים נישט געזאָגט קיין שום פאמיליע-נאָמען, שושנה, און מער גאָרנישט. נו, ביסטו דען די איינציקע שושנה, וויפל שושנהס זענען פאראן אין מדינת ישראל?! ...

אין איין זאך איז זי שוין קלאָר געווען, אז ער פאָרט „אהיים“, בעת זי פאָרט בלויז אין א טוריסטישער רייזע, באזוכן רומעניע ... און אין איר מוח האָט אויפגעבליצט א געדאנק, א קאָמישער, וואָס זי האָט זיך קוים געקאָנט איינהאלטן אים נישט צו זאָגן, ווער זי איז, כדי זיי זאָלן ביידע לאכן פון אזא מאָדנעם שפּאס פונעם גורל ... יאָ, אויך איצט, דאָ אין אוויאָן, זיצט זי אויף זיין אָרט און ער, סאמי, זיצט גאָר אויף איר אָרט ... נישט בלויז דאָ, אין אוויאָן, נאָר אין זייער לעבן בכלל, ווי סע ווייזט אויס, האָבן זיי זיך געביטן מיט זייערע ערטער, מיט זייער גורל:

זי פאָרט אין וויזיט און ער פאָרט „אהיים“ קיין רומעניע.

עס איז פּשוט ווי א מין „טראַוועסטי“.

ער, ווידער, איז געבליבן פון איר פראגע ווי אויפגעשויבערט און די מחשבות האָבן זיך ביי אים אָנגעהויבן וויקלען: דאָס קול אירס ווייזט אים אוים צו זיין זייער באַקאָנט, אָבער ער קאָן זיך בשום אופן נישט דער־מאנען פון וואנען און ווען. ווידער דער אופן פון אָנקניפּן א שמועס מיט איר האָט אים אויסגעזען מער ווי א טיפּשות: הערט א פראגע, אויב ער פאָרט קיין רומעניע?!... וואָס פאר אן ענטפער האָט זי געוואָלט דערווארטן פון אים, אז ער פאָרט קיין בויבעריק, מיט אן אוויאָן וואָס פליט בלויז קיין בוקארעשט און שטעלט זיך אין ערגעץ נישט אָפּ?!... הייסט עס, אז זי איז אזא מין שוטה, פון יענע ווייבער, אויף וועלכע מע זאָגט אז זיי האָבן לאנגע האָר און קורצן שכל?!... האָט ער נישט געוואוסט ווי אזוי זי צו נעמען. מיט וואָס אָנהייבן אָנקניפּן א שמועס. אפשר וועט ער זיך אין־צווישן דערמאנען פון וואנען ער קאָן זי. אז ער קאָן זי, דאָס איז שוין גאנץ זיכער ביי אים, נאָר ער ווייסט נאָך נישט פון וואנען, ווען און וואו האָבן זיי זיך באגעגנט... ווידער, צוריק געשמועסט, איז איר פראגע אויך נישט אזא נארישע, ווען מע טראכט זיך, אז עפּעס אנדערש האָט זי דאָך נישט געהאט וואָס צו פרעגן א ווילד פרעמדן מאנצביל, מיט וועלכן מע וויל אריין לאָזן זיך אין א שמועס, פון לאנגווייליקייט, ביז דער אוויאָן וועט זשומזשען אין די אויערן, ביז ער וועט אָנקומען קיין בוקארעשט. וואָס האָט זי געקאָנט עפּעס אנדערש פרעגן, אז זי האָט גע־זען אז ער האָט נישט גענומען די „איניציאטיוו“ זיך צו ווענדן צון איר, צו עפּענען א שמועס מיט א קלוגערער פראגע. יאָ, זי איז גערעכט. ער האָט דאָך דאָס געדארפט טון, נישט ווארטן אז זי זאָל אים נאָר ער זאָל זי עפּעס פרעגן, אפילו זיך פירשטעלן, מאכן באַקאַנטשאפט, ווי מע טוט געוויינטלעך מיט א מיטרייזנדיקן, וועלכער איז נישט קיין אָנגעבלאָ־זענער און שטויסט דיך נישט אָפּ... האָט ער טאקע איצט געוואָלט פאר־ריכטן:

— לאָמיר זיך באקענען... אויב דער גורל האָט אונדז „פארמישפּט“ צו פאָרן קנאַפּע דריטהאלבע שעהען — האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל, וואָס וויל זיין א שפּאַס, וואָס מע באַזאלצט געוויינטלעך מיט א קאָמפּלי־מענט פארטיק קאָנפעקציאָנירט ביי סיי וועלכן מיטרייזנדיקן מאנצביל — פאר מיר איז א „פארמישפּטן לכף זכות“. מיר איז תמיד געווען,

און צוריק געשמועסט: ווען מען איז נישט אָנגענעם צו פאָרן צוזאמען מיט א שיין פריילין?! ...

– כא-כא, איר טרייבט איבער — האָט זי אים אונטערבראָכן מיט א קאָקעטיש געלעכטערל, וואָס איז געווען איר אופן צו לאשטשען זיך זוי א קינד, ווען מע האָט גערעדט וועגן איר שיינקייט — איך בין שוין קיין פריילין נישט ... איך בין שוין א מאמע פון כמעט א פריילין ...

— ביי מיר זענט איר ווי א פריילין — האָט ער צוגעגעבן מיטן זעלביקן שמייכעלע און אויסגעשטרעקט די האנט צו איר, נישט ווארטנדיק, לויט דער מאָדע, אז זי זאָל אים שטרעקן די האנט — מיך רופט מען סאמי בערקאָוויטש, בעסער געזאָגט, בערקאָ ... אָבער איר מאָגט מיר בעסער זאָגן „סאמי“, עס איז לייכטער ....

— מיך רופט מען שושנה פרחי — האָט זי געזאָגט מיטן זעלביקן געלעכטערל, גלייך זי וואָלט געזאָגט עפּעס א זייער קאָמישן שפּאַס, אָבער ביי זיך האָט זי געטראכט, ווען איך זאָל אים געווען זאָגן, אז פריער מיט א העכער צענדליק יאָר האָט מען מיך גערופן „פלאָריקא“, וואָלט ער זיך געווים שוין דערמאנט אין איר, אָבער צו וואָס דארף זי זיך איילן? אוודאי וועט זי אים יאָ זאָגן ווער זי איז, אויב ער וועט זיך נישט דערמאנען אין איר. יאָ, זי וועט אים דערמאנען, ווייל זי האָט געפילט א סאדיש פארגעניגן, אים צו רייצן, ווייל פון אָט דעם ווינציקן וואָס זי ווייסט שוין איצט פון אים, איז עס שוין קלאָר פאר איר, אז זייערע ראָלן נישט נאָר וואָס זיי האָבן זיך געביטן, נישט מיט זייערע ערטער דאָ, אין אוויאָן, נאָר בכלל אין זייער לעבן, האָבן זיך געביטן די יוצרות: זי פאָרט מיט אים צוזאמען קיין בוקארעשט, נאָר מיט אזא קליינעם חילוק, בעת זי פאָרט באזוכן איר געבורט-לאנד, פאָרט ער „אהיים“. דאָס איז ער, וועלכער האָט אויסגעדרייט דעם רוקן צו איר, דעמאָלט, צוריק מיט אנדערטהאלבן צענדליק יאָרן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט פארבינדן מיט אים איר גורל, מיט אזא תנאי, וואָס איז איר געווען מינדסטנס מאָדנע, אויב נישט לגמרי פרעמד, אפילו אָפּשטויסנדיק.

— שושנה, דאכט זיך, הייסט אויף עברית „בלום“? — זאָגט ער מיט א טאָן פון איינעם וואָס וויל ארויסווייזן אז ער איז נישט אזוי פרעמד פון עברית, און גלייכצייטיק האָט ער געוואָלט זיך דערוויסן איר פריערדיקן

נאָמען. קאָן זײַן אַז אַזוי וועט ער זיך דערמאָנען אָדער גאָר דערוויסן פון איר, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, אין וועלכע אומשטאַנדן — אָבער פאַרוואָס? יאָ, איך קאָן אַזאַ משפּחה. בײַ אונדז זענען פאַראַן אַזעלכע נע-מען, מײַנסט שפּאַנישע, ספרדישע...

— פרחי איז אויף העברעאיש אויך „בלום" — זאָגט זי מיט אַ מין האָפערדיקייט, וואָס אפילו איצט האָט ער אויך נישט געקאָנט דעררעטן ווער זי איז — פרח, פרעך איז אַ ביבליש וואָרט, אַ בלום.

— איך וויל נישט זוכן אײַער נאָמען אין תנך — האָט ער שוין גע-זאָגט מיט אַ שטעכווערטל, ווײַל ער האָט געפילט אין איר קול אַ דינעם, גאָר פײַנעם, אָפּקלאַנג פון איראָניע. הייסט עס, אַז זי וויל אים נעמען אויף דער האָצקע, אַזוי וויל זי פאַרברענגען אין אַזאַ מין פאַרווײַלן זיך בעת זייער רייזע?! — איך האָב גיכער געוואָלט זוכן דעם מקור פון אײַער נאָמען אין רומעניש לשון... איז נישט געווען אײַער פריערדיקער פאַ-מיליע-נאָמען „טראַנדאַפיר", אָדער בעסער געזאָגט פון אײַער מאַן, און איז דאָרט, אין ישראל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פרחי"?!

— פאַר וואָס זאָגט איר „דאָרט"? — האָט זי פּירגעזעצט מיטן זעל-ביקן שטעכווערטלדיקן טאָן — מיר זענען נאָך „דאָ", אויפן באָדן פון מדינת ישראל...

— איר זענט אַ פּאַטריאָטקע — האָט ער גערעדט ווי צו זיך גופא, ווען ער האָט דערהערט ווי אַזוי סע קלינגען אין איר מויל די ווערטער „מדינת ישראל", גלײַך זי וואָלט געזאָגט אַ לאָזונג, אויפּוויקלענדיק דאָ אַ בלוי-ווײַסע פאָן, אים געשטאָכן אין די אויגן מיטן מגן-דוד...

— איך פאַרשטיי נישט — האָט זי געזאָגט ווי פאַרוואונדערט, אָבער שוין מיט אַ גאָר ערנסטן טאָן — פון וואַנען דרינגט איר אַז איך בין אַזאַ „פּאַטריאָטקע", ווײַל איך האָב אײַך אָנגעוויזן דורכן שײַבל פונעם אַוויאָן, אַז מיר זענען נאָך נישט אַרויסגעפלויגן פון ישראל, און גראַ-מאַטיקאַליש דאַרף מען נישט זאָגן „דאָרט", ווען מע געפינט זיך נאָך „דאָ"?!

— נישט וועגן „גראַמאַטיק" גייט עס — האָט ער געוואָלט אויסבע-סערן זײַן פריערדיקן אפשר שוין נישט העפלעכן זאָג, ער האָט דאָך געפילט איר אַרויסרופערישן טאָן, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין,

פון וואנען ער שטאמט — נאָר אינעם אופן ווי אזוי איר האָט ארויסגע־רעדט די ווערטער „מדינת-ישראל", גלייך סע וואָלט זיך געהאנדלט אין טאטנס ווייננאָרטן, אין אייער אייגנטום...

— נו, אויב איר ווילט דווקא, איז עס טאקע מיין אייגן פּערזענלעך אייגנטום — האָט זי שוין געזאָגט נישט מיט א שמייכל, נאָר מיט אן אָפן פּראָוואָצירישקייט — עס איז שוין צייט, דאכט זיך, אז מיר זאָלן אויך האָבן אונדזער אייגן אייגנטום... געעטעמט פרעמדע לופט, געטרעטן אויף פרעמדער ערד, געטרונקען פרעמד וואסער און געגעסן פרעמד ברויט, דאָס האָבן מיר שוין גענוג, איבער און איבער גענוג, כמעט צוויי טויזנט יאָר...

— איר רעדט ווי אן אמתדיקע ציוניסטקע — האָט ער שוין געוואָלט ארויספירן דעם שמועס אויף א היימישערן טאָן, אויף א פריינדלעכן אופן, צו וואָס טויג זיך איינרייסן מיט אָט דער נישט מיאוסער מיטרייזנדיקער?!

— און דאָס איז אפשר גוט, יעדער דארף זיך איינשטעלן פאר זיין לאנד, אנדערש קאָן ער זיך נישט פילן אין דער היים, אין ערגעץ נישט, נאָר ווי אן אויסגעוואָרצלטער... אָבער דערלויבט מיר, איך, איך לעב אין רומעניע, דאָרט בין איך געבוירן, אויפגעוואקסן, זיך דערצויגן אין דער רומענישער קולטור, האָב קיין מאָל נישט געפילט אז איך „עטעם פרעמדע לופט", ווי איר ווילט זאָגן...

— קיין מאָל?! — האָט שושנה זיך ארויסגעכאפּט מיט אָט דער ספּאָנטאנער פראגע אָן איר ווילן, זי האָט דאָך נישט געוואָלט זיך פאררעטן אז זי קאָן אים יאָ...

— וואָס „קיין מאָל"? — האָט ער איבערגעפרעגט, ווייל ער האָט נאָך נישט גענוג גוט פארשטאנען איר פראגע. וואוהין וויל זי דערגיין מיט איר ארויסרופערישקייט?

— איר האָט געזאָגט אז „קיין מאָל האָט איר נישט געפילט אז איר עטעמט פרעמדע לופט" — האָב איך אייך געוואָלט ארויסהעלפן, אפשר וועט איר מאכן א גאָר קליינעם אָנשטרענגונג, וועט איר זיך קאָנען דער־מאנען, אז סע זענען געווען צייטן, ווען איר האָט געטראכט דווקא דעם היפּוך...

סאמי האָט ווי שוין נישט געהערט אירע רייד. אים האָט זיך אויסגע־דאכט, אַז אָדער זי איז אַ כישוף־מאכערין און לייענט זיינע מחשבות, וואָס ער האָט זיי אפילו איצט נישט געטראכט, אָבער זענען דאָך ביי אים איינמאגאזינירט אין זיין מוח, אָדער זי איז אַזאַ גוטע פּסיכאָלאָגין, וואָס קאָן ארויסלייענען פון זיינע עטלעכע רייד, וואָס ער האָט קוים ארויסגע־רעדט, און ווייסט שוין מיט וועמען זי האָט צו טון.

— נו, אוודאי, — האָט ער געענטפערט ווי גלייכגילטיק, הגם נאָר גלייכגילטיק איז ער שוין נישט געווען — פון תמיד האָב איך זיך גע־פילט אין דער היים: איך בין דאָרט געבוירן, דאָרט אויפגעוואקסן, ווי געזאָגט, דאָרט געשלאָגן וואָרצלען ...

— הייסט עס — האָט זי אים ווידער ווי גענומען אויף זיכער — הייסט עס, אַז איר האָט דאָרט חתונה געהאט מיט אַ ...

— יאָ, יאָ, איר מעגט זאָגן, מיט אַ רומענישער פרוי, וואָס איז נישט מינדער, גלייבט עס מיר, ווי סיי וועלכע יידישע טאָכטער.

— חלילה, איך האָב דען עפּעס געזאָגט? — האָט זי שוין אויפריכטיק געוואָלט אויסבעסערן איר פריערדיקן טאָן, צו רעדן שוין מיט מער ערנסט־קייט — איך ווייס, סע זענען פאראן פרויען און פרויען, פאראן יידישע פרויען מיט וועלכע יידישע מענער פירן מיט זיי אַ לעבן גלייך זיי וואָלטן געווען „געמישטע חתונות" מער צו מאָל ווי אמתע געמישטע חתונות ...

ער האָט אויסגעדרייט זיין בליק צון איר:

— איר הערט, פרוי שושנה, דאָס מאָל האָט איר שוין געזאָגט אַן אמת מיט וועלכן איך מוז מודה זיין.

ביי זיך ווידער האָט ער שוין געטראכט, אַז דאָס דאָזיקע ווייבל איז גאָר נישט קיין נארישע ווי ער האָט געוואָלט מיינען אין די ערשטע מינוטן. נו, יאָ, ער ווייסט דען נישט אַז זי איז פולקאָם גערעכט?!

— נישט אלע מאָל זענען די חתונות געמישטע בלויז דערפאר וואָס איינער פון זיי איז אַ נישט־ייד, ניין. סע זענען פאראן נישט זעלטן, וועןביידע זענען לויט זייער אָפּשטאם יידן, ביידע זענען געבוירן פון יידישע מאמעס, ווי סע פאָדערט דער יידישע דין, אָבער דאָס לעבן גייט ביי זיי, ווי ביי ווילד־פרעמדע, האָבן גאָר ווינציק געמיינזאמס — איז דאָס נישט מער „געמישט"?!

אויף א ווײַלע זענען בײדע אנטשוויגן געוואָרן. בײדע זענען פאַרזונ־קען געוואָרן אין זײערע מחשבות, יעדער אײנער פון זײ אין זײַנע אײגענע, וואָס האָבן נישט געהאַט קײן געמײנזאַמס מיטן אַנדערנס מחשבות.

און דער אוויאָן איז געפלויגן, אומגעשטערט פון לאַבירינטישע מחשבות פון עטלעכע פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען „געזעסן" פאַרביטן, אײנער אויפן אַנדערנס אָרט, אי אין לעבן און אויך אין אוויאָן. סע מאַכט זיך דאָך אין לעבן אַז א מענטש זאָל נעמען על פּי טעות און זיך אויפ־זעצן אויף א באַן, וואָס פירט אויף צוריק אַנשטאָט אין דער ריכטונג אין וועלכער דער רײזנדיקער דאַרף אײגנטלעך פאָרן...

# ווער איז שושנה?

... שושנה?

יאָ, פריער האָט מען זי טאַקע גערופן פלאָריקאַ, אַזוי איז זי אויך געווען פאַרטראָגן אין איר מעטריקע. הגם איר מוטער פלעגט זי רופן פאַרפעסטעט „פלאָרי" איז זי אַריבער צום דאָזיקן נאָמען אויך צווישן אירע חברטעס, פלאָרי. איר ברודער, א גרעסערער פון איר מיט דרײַ יאָר, ער האָט זי א צײַט גערופן „פלאָראַנס". בײַ אים האָט עס געקלונגען אויסטערלישער, אינטערעסאַנטער, מער פאַרפראַנצײזישט. בלויז דער פאָטער האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן. ער האָט דווקא געוואָלט זי רופן, ווען ער איז געווען גוט אויפגעלײגט, „פלאָראָווא"... פאַר וואָס האָט זיך אים געוואָלט אַז סע זאָל קלינגען מער פאַררוסיפיצירט? נו, איז דאָך דאָס געווען דעמאָלט אין דער מאָדע, יעדער האָט געוואָלט אַז זײַן נאָמען און זײַן לשון זאָל קלינגען מער־וויניקער ווי דאָס לשון פון די „באַפרײַער".

דער פאָטער? ער גופא האָט אויך געביטן זײַן נאָמען. אויב נישט אָפי־ציעל, איז כאָטש אַזוי, דורך זײַנע דערקלערונגען, ווען מע האָט אים געפרעגט אויף זײַן נאָמען, האָט ער נישט געזאָגט אַז ער הײסט יאַנקל צי יאַקאָב, נאָר ער האָט געזאָגט: „יאשא"... דער חבר יאשא.

ער האָט אײגנטלעך געוואָלט אַז מע זאָל אים אויך זאָגן „יאָסיף",

ווי סע האָט געהייסן דער גרעסטער „חבר“ אויף דער וועלט, אָבער פון יאנקל אויף „יאָסיף“ איז נישט זייער געגאנגען, איז האָט ער זיך לעת-עתה געמוזט באגנוגן מיט „יאשא“. מעגלעך אז שפּעטער, מיט דער צייט, וועט עס טאקע ווערן „יאָסיף“.

דער חבר יאשא איז געווען בטבע א גוטער. שפּאסיקער מענטש מיט וועלכן מע האָט געקאָנט זיך ווילצלען, אָבער מיטן באדינג, אז דאָס זאָל זיין אין דער היים, אָדער ווען ער איז געווען צווישן חברים טרינקען א גלעזל וויין צי ביר, אזוי פיל און נישט מער. וואָלט עמעצער זיך דער-לויבט מיט אים צו ווילצלען ביי זיין ארבעט, וואָלט ער עם טייער באצאָלט. זיין ארבעט איז געווען צו ערנסט, צו פאראנטוואָרטלעך, אז ער זאָל זיך קאָנען דערלויבן צו ווילצלען. מיטן „שונא“ מיטן „קלאסן-שונא“ ווילצלט מען זיך נישט. אדרבה, מע דארף זיין וואך, וואך און ווידער אמאָל וואך כדי דער שונא זאָל דיך נישט פירן ביי דער נאָז. ער, דער שונא ווארט דאָך נאָר אויף אזוי פיל, אז דו זאָלסט שטיין און גלאָצן ווי א תם מיטן אָפענעם מויל, וועט ער שוין דיך ארייינכאפּן אין זיין נעץ...

„אן אָפּנמוילעקער“, אזוי האָט מען דאָך טאקע אָנגערופן אזא איי-נעם, וואָס האָט פארגעסן פון וואכזאמקייט, דאָס וואָרט איז אריין אין טאָג-טעגלעכן שמועס, אין טאָג-טעגלעכן באניץ, ווי א... גוטן טאָג? ניין, נאָך מער. אָן א „גוטן טאָג“ קאָן מען לעבן, אָבער אָן דעם אז מע זאָל איבערחזרן דאָס דאָזיקע מאגישע וואָרט, „אָפּנמוילעקער“, וואָס איז אריבער פון דער רוסישער שפּראך אין אלע לשונות, סיי ווי אזוי מע זאָל עס געוועז נישט איבערזעצן, האָט עס תמיד געהייסן — איינער וואָס איז נישט וואכזאם, און ווער עס איז נישט וואכזאם איז כמעט אן ארויסהעלפער פארן שונא, נישט נאָר וואָס לאָזט אים פריי אונטערגראָבן די רעוואָלוציע פונעם סאמע יסוד, נאָר כמעט וואָס ער העלפט אים צו, און ווי באוואוסט, פון א מיטהעלפער ביז אן אייגנאיניציאטיווודיקער איז גאָר א קליינע מחיצה. זאָל מען נאָר פּרואוון אָפּמעקן די „כמעטס“, פונעם פריערדיקן פסוק, וועט מען באלד זען, אז מע האָט גאָר צו טון נישט מיט קיין „אָפּנמוילעקן“ נישט וואכזאמען „חבר“, נאָר ממש מיט אן אויסבאהאלטענעם „שונא“, וואָס לויערט אויף... נו, האָט דער חבר יאשא געקאָנט זיך דערלויבן צו זיין אן „אָפּנמוילעקער תם“?!... וואו

און ווען, בפרט אין יענער צייט, האָט מען געהערט אז איינער וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אין איבערקוקן די טעקעס פון חברים, זיי בודק זיין צי זיין זענען טריי, איבערגעגעבן בלב-ונפש דער רעוואָלוציע, אזא איינער זאָל קאָנען זיך דערלויבן צו זיין אַן אָפּנמוילעקער, א נישטוואכזאמער?!

איר, שושנהס פאָטער, ניין, ער האָט זיך נישט דערלויבט צו זיין א נישט וואכזאמער...

פלאָריקאס פאָטער איז אייגנטלעך געווען נישט מער ווי א שניידער. אפילו דאָס אויך נישט קיין גוטער. עפּעס א טאנדייטניק, א לאטע-שטעלער. והא-ראיה, אז ער האָט געוואָלט אמאָל, אמאָל, קיינער זאָל דערפון נישט וויסן און אוודאי נישט זען, ארבעטן עפּעס פאר זיך, פאר די קינדער צי פאר זיין „חברטע" (פרוי האָט ער נישט געזאָגט קיין מאָל נישט, נאָר זיין „חברטע"!), האָט ער זיך געדרייט מיט דער שער אין דער האנט, ווי סע דרייט זיך א הון, ווען זי געפינט זיך נישט דאָס פאסיקע אָרט וואו צו לייגן איר איי... אזוי האָט ער זיך געקאָנט ארומדרייען א גאנצן ליבן טאָג, ביז זי, די „חברטע" זיינע האָט גענומען דאָס שטיקל קרייט אין די הענט און אים אָנגעוויזן, אָט א דאָ, א דאָ שנייד... און דערנאָכ-דעם האָט זי אים נישט זעלטן געמוזט אויך דאָס וויזן וואו ער זאָל נייען מיט דער נאָדל, מיט די הענט, ווייל די זינגער-מאשין האָט ער שוין נישט אין זיין הויז. ער האָט זי אריינגעגעבן, ווי א גוטער געטרייער חבר און ווי אלע אנדערע גוטע און געטרייע חברים האָבן עס געטון, נאָך אין די ערשטע וואָכן, אריינגעגעבן זייערע זינגער-מאשינען אין דער קאָאָפּע-ראטיוו, הגם זיי האָבן דאָרט נישט געארבעט, נאָר זענען צוגעטיילט גע-וואָרן צו פּאָליטישער טעטיקייט, צו פּארטיי-ארבעט!)... וויי, וויי, ווי פיל ער האָט שפּעטער מיט יאָרן באדויערט זיין מאשין, וואָס ער האָט ארויסגעלאָזט פון זיין האנט, מיט די אייגענע הענט, ווען קיינער האָט עס פון אים נישט געפאָדערט, נאָר ער גופא האָט געפילט דעם „חוב" עס צו טון, כדי אזוי ארום ארויסצווייזן פון זיין „מיטלקלאס", דעם בעל-מלאָכישן, וואָס געגערירט קליינבירגערטום, אפילו „קאפּיטאל", שעה-נאָך-שעה און נאָך דערצו „מאסנווייז"...

נו, איז ער ארוים פון זיין „מיטלקלאסישן" קליינבירגערלעכן בעל-מלאָכישן שניידעריי, געוואָרן א פּארטיי-אקטיוויסט, ביי דעם אָפּטייל

פון קאדרען, שפּעטער האָט מען עס שוין אָנגערופן „פּערסאָנאַל-אָפּטייל‟ אָבער די ארבעט איז געבליבן די זעלביקע. ער האָט געדאַרפט צונויפשטעלן טעקעס פאַר די אָנגעשטעלטע, וואָס איז נישט געווען גאָר לייכט, בפרט ווען איינער, ווי ער, האָט עס גענומען ערנסט.

און ער, יאשא, האָט עס גענומען גאָר ערנסט. ער האָט געוואוסט אַז אַלע, אַלע, אויב זיי זאָגן נישט קיין גראָבע שקרים אין זייערע אויטאָ-ביאָגראַפיעס, וואָס ער דאַרף ארויספישן און קלאָר מאַכן, יאָ, אויב זיי זאָגן נישט אַזעלכע גראָבע שקרים איז כאָטש פאַרשווייגן זיי עפּעס, פאַר-דעקן עפּעס פון זייער נישט-ערלעכער, נישט-פּראָלעטארישער טעטיקייט, כדי נישט ארויסצוווייזן דאָס אמתדיקע בירגערלעכע פּרצוף. יעדער וויל דאָך איצט ארויסווייזן אַז ער שטאַמט פון סאַמע צדיקים, אַלע זענען זיי געווען אָדער זענען כאָטש זין פון באַן-ארבעטער. אפילו דער זון פון גענעראַל-דירעקטאָר ביים טראַנספּאָרט-דעפּאַרטאַמענט, אויך ער זאָגט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אַז זיין פאָטער איז געווען אַ „באַנער‟, אַ באַן-ארבעטער, וואָס וויל מען נאָך האָבן פון אַזאַ כשרער נשמה? ... אָט, פאַר וואָס מע דאַרף זיין וואַך, מע דאַרף זוכן און אויסגראָבן דעם אמת, מע דאַרף נעמען רעפערענצן, אינפאָרמאַציעס, רעפערענצן און רעפערענצן ...

נו, וועט נאָך עמעצער וואַגן צו זאָגן אַז דאָס איז אַזאַ לייכטע פּליכט? יאָ, ער איז באַוואוסטזיניק וועגן זיין אחריות, איז ער טאַקע גאָר ערנסט ביי זיין ארבעט. דאָרט שפּאַסט ער נישט. דאָרט איז ער אַן אַנטשלאָסענער און ווייסט וואו און ווען מע דאַרף „אריינשניידן‟ ווי מיט אַ מעסער. דאָרט וואָרט ער נישט אַז זיין פרוי זאָל אים ווייזן וואו ער דאַרף שניידן מיט זיין שער ... אַ מעסער איז קיין שער נישט.

זיין לעבן? נו, ער האָט דאָך זייער גוט פאַרשטאַנען דעם מצב, איז ער געווען צופרידן, אוודאי קאָן מען איצט זיך נאָך נישט דערלויבן צו האָבן אַלץ וואָס מע דאַרף האָבן אין שטוב. מע דאַרף נאָך צוּוואַרטן אַ ביסל, אָט הייבן זיך אָן די פינעפיאָרפּלאַנען, נאָך איינער, און אפשר נאָך איינער, און דאָס לעבן וועט זיין ווי אַ גן-עדן. יעדער וועט האָבן נישט בלויז לויט זיין ארבעט, ווי ער האָט עס איצט — נאָר מע וועט האָבן לויט וויפל עס איז נייטיק, ווי אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, ווי סע

שטייט געשריבן, נישט בלויז אין די ביכער, נאָר אויך אין דער קאָנסטי־
טוציע ...

אָבער דערווייל דאַרף ער נאָך צוארבעטן אין דער היים, נישט חלילה
פאַר אנדערע, פאַר קונים, נאָר איבערצומאַכן א מלבוש פאַר זיין הויז־
געזינד, ביז מע וועט קאָנען קויפן א נייעם...

שושנה? מיט דעם איז זי אויפגעוואַקסן. מיט דעם האָט זי געלעבט,
אָבער זי האָט אויך נהנה געווען פון איר פאָטערס טעטיקייט. א דאַנק
אים, און זיין קאַדערישע ארבעט, איז זי אָנגעקומען אין דער
הויכשול.

אין יענער צייט, פון דער רעוואָלוציע־בהלה און הייסן התלהבות
איבערצומאַכן די וועלט, האָט מען זיך פיל אָפּגעגעבן מיטן רעוואָלוציאָ־
נירן דעם מענטש גופא, צו שאַפן א „נייעם טיפ מענטש“, א שלימותדיקן
מענטש, וואָס זאָל זיין העכער פונעם פריערדיקן קליינבירגערלעכן דור
— איז צום אלעם ערשט האָט מען געדאַרפט אָנהייבן מיטן אלפאבעטי־
זירן די מאַסן, זיי אויסלערנען דעם אלף־בית, שרייבן און לייענען.
עס איז דאָך פּשוט און גאָר פאַרשטענדלעך אז די אויפקלערארבעט קאָן
נישט געפירט ווערן נאָר בעל־פּה, דורך לייענען לעקציעס צי שמועסן,
געפירטע פון התלהבותדיקע אגיטאַטאָרן. הייבן דעם ניוואָ סיי דעם פּאָ־
ליטיש־קולטוראלן בכלל, סיי דעם פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן, בפרט, קאָן
געטון ווערן נאָר דורך יסודותדיקער אויפקלערונג, דורך די קלאַסישע
ווערק פון מאַרקס־ענגעלס און לענין־סטאַלין — אָבער דאָס קאָן מען נישט
אויספירן מיט אזעלכע, מעגן זיי זיין די סאַמע איבערגעגעבנסטע פּראָ־
לעטאַרישע עלעמענטן, וואָס קאָנען נישט אליין לייענען די ווערק זייערע.
יאָ, עס איז זייער פּשוט דאָס צו פאַרשטיין, טאַקע מחמת דעם האָט מען
אונטערגענומען א קאָמפּאַניע פון אלפאבעטיזירן די דערוואַקסענע.
אָבער וואָס שייך די יונגע, יענע וועלכע קאָנען גיין אין שולן, יענע האָט
מען אונטערגעשטופּט זיך צו לערנען, פאַרשטייט זיך, אז מע האָט אויס־
געקליבן די סאַמע אָרעמסטע קינדער, די סאַמע פּראָלעטאַרישסטע, וואָס
זייערע עלטערן זענען געווען פונעם ריינעם ייחוס פון פּראָלעטאַרישקייט,
און מע האָט זיי געשיקט אין שולן, מיטלשולן און דערנאָכדעם אויך
אין הויכשולן.

אָט, ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, אין דער אקציע פון אויסקלייבן די קומענדיקע קאדרען פון צווישן די פּראָלעטארישע עלעמענטן, טאקע דעמאָלט האָט דער חבר יאשא נישט פארגעסן אז ער האָט אויך צוויי קינדער, וואָס הגם זיי זענען נישט קיין ריין פּראָלעטארישע מיוחסים, זענען זיי אָבער דאָך קינדער פון איינעם וואָס איז נישט מער ווי אַן אָרעמער בעל-מלאָכה, וואָס האָט געלעבט שווער און אין דחקות פון זיין אייגענער ארבעט, קיין מאָל קיינעם נישט אויסגעניצט. איז פאר וואָס זאָלן זיינע קינדער, דער זון און די טאָכטער זיך נישט לערנען אויף צו ווערן מענטשן, ניצלעכע קאדרען פאר דער נייער געזעלשאפט, וואָס באנט איר וועג צום ליכטיקן עתיד, ווען סע זעען זיך שוין אָן די „שטראלן פונעם קאָמוניזם אויפן רויטן האָריזאָנט?!“...

שושנה, ווען זי וויל אָפּשאצן אויפריכטיק אירע עלטערן, מוז זי אָנערקענען אז הגם זי האָט קיין מאָל זיי נישט געקאָנט פארשטיין און תמיד געווען מיט זיי אין קאָנפליקט, זי האָט דאָך נישט אין אירע זכרונות קיין איין מאָמענט, קיין איין איינציקן, וואָס זאָל זי דערמאנען פון א משפחה-אידיליע, ווי זי האָט אמאָל געלייענט אין מעשה-ביכלעך צי געהערט דערציילן פון אנדערע קאָלעגן אז נישט אלע מאָל זענען מחלוקות צווישן עלטערן און קינדער. ניין, זי האָט נישט אין קיין איין קעמערל פון איר זכרון, כאָטש איין איינציקן פאל, אז זי זאָל האָבן זיך אמאָל איינפארשטאנען סיי מיט איר פאָטער סיי מיט איר מוטער, נאָר תמיד געווען אין מחלוקות. תמיד האָט זי געהערט פון זיי בלויז מוסר-רייד, אָבער קיין מאָל נישט קיין גוט וואָרט, וואָס לויט איר מיינונג וואָלט זי עס צו מאָל יאָ באדארפט נייטיק האָבן, אז זי זאָל האָבן מאָראלישן כוח זיך ארויסצופּלאָנטערן פון אירע פארשידענע פערזענלעכע פּראָבלעמען, סיי אינטימע יוגנטלעכע, ווען סע האָט זיך געהאנדלט אין פראגן פון „ליבעם“, סיי אין פראגן פון מאטעריעלע צי גייסטיקע סיכסוכים מיט זיך גופּא.

יאָ, זי קאָן זיך נישט דערמאנען קיין גוטע זכרונות פון אירע עלטערן — אָבער דאָך מוז זי אָנערקענען אז אירע עלטערן, ווי צוריקגעשטאנענע זאָלן געווען נישט זיין (אזוי האָט זי דאָך זיי געהאלטן, נאָר צוריקגעשמועסט, וועלכע קינדער האלטן נישט זייערע עלטערן פאר צוריקגעשטאנענע?!) — די מוטער כמעט אַן אלפאבעטין, דער פאָטער האָט

קיין בילדונג נישט געהאט, נאָר פּאָליטישע פּראַקטיק מיט וועלכער ער האָט זשאָנגלירט, מיט די עטלעכע איינגעחזרטע פראַזן, אָט דאָס איז געווען אַלץ ... נו, מוז זי דאָך מיט אַזוי פיל מער דאַנקבאַר זיין אָט דעם פּאָטער אירן, אז ער האָט געהאַט די השגה זי צו שיקן אַפילו קעגן איר ווילן, זיך לערנען אַפילו אויף אַ הויכשול.

אָט דאָרט האָט זי טאַקע באַגעגנט יענעם שיינעם הויכן סטודענט, נעלן, מיט וועלכן זי האָט זיך באַפריינדט, קודם ווי קאָלעגן, דערנאָכ-דעם ווי שוועסטער און ברודער — דערנאָכדעם ווי כמעט מאַן און ווייב ...

אמת, סע זענען שוין פאַריבער זינט דעמאָלט אַ שיינע אַנדערהאַלבן צענדליקער יאָרן, אָבער איצט, אין אַוויאָן, ווען זי האָט זיך צופאַליק באַגעגנט מיטן דאָזיקן מיטרייזנדיקן, מיט בערקאָן, האָט זי זיך דווקא דערמאַנט נישט אַזוי פיל וועגן די אומשטאַנדן אין וועלכע זי האָט זיך מיט אים געהאַט דעמאָלט באַקענט, ווי נאָך מער אין אירע פאַרבינדונ-גען מיט נעלון, פון וועלכן זי האָט זיך געמוזט אַזוי ברוטאַל אָפּרייסן, קעגן איר ווילן און קעגן אירע געפילן. יאָ, זי מוז עס אָנערקענען כאָטש ביי זיך אין געדאַנק, אַז זי האָט אים נאָך נישט פאַרגעסן, ערגעץ אין אַ קע-מערל פון איר מוח איז ער נאָך איבערגעבליבן.

נעלן ... ער איז דאָך איצט שוין נישט פאַר איר קיין ליבע-אינטריגע, עס איז דאָך בלויז פאַרבליבן פונעם גאַנצן עסק נישט מער ווי אַן עפּיזאָד, וואָס רופט ביי איר אַרויס נאָר כעס, אַפילו שינאה, קעגן וועמען? קאָן זיין אַז אויך קעגן אים, וועלכן זי האָט געהאַלטן פאַר איר הייסן געליבטן, פאַרן מענטש מיט וועלכן זי האָט זיך אַ צייט צום בעסטן איינפאַרשטאַנען, פאַר וועמען זי האָט געקאָנט אָנטרויען אירע אינטימע סודות, ווי פאַר קיינעם נישט. און וואָס איז געבליבן פונעם גאַנצן פאַרפלאָנטערניש? נישט מער ווי עקל. עקל. אדרבה, זי וויל מער זיך נישט דערמאַנען אין יענעם גאַנצן פאַרפּלאָנטערניש, וואָס רופט ביי איר נישט אַרויס קיין אָנגענעמע זכרונות, ווייל אַפילו יענע וואָס וואָלטן יאָ געקאָנט זיין אָנגע-נעמע האָבן זיך פאַרוואַנדלט מיט דער צייט אין פיינלעכע, און ווייטיק-דיקע דערמאָנונגען וואָס קלעמען זי ביים האַרץ.

וואָלט זי עס זיך געווען אַמאָל געקאָנט פירשטעלן?!

ניין, קיינער קאָן זיך נישט מאכן אזעלכע פירוואַרפן ווען עס איז שוין אחר-המעשה. זי האָט דעמאָלט געמיינט אז יענע ליבע-סצענעס וועלן בלייבן ווי אָנגענעמע וואַרעמע שטראַלן, אויך דעמאָלט ווען דער יוגנט-לעכער אייפער וועט זיך אָפּלעשן און מיט דער צייט זיך אויסקילן.

ניין, פון יענע אַלע זיסע מינוטן, פאַרבראַכטע מיט נעלון, און געמיינט (ווי אַלע יונגע פאַרליבטע מיינען!) אז זיי וועלן אָנהאַלטן אויף איר גאַנץ לעבן, ווי סע מיינען געוויינטלעך אַלע פאַרליבטע, אין יענע זיסע און הייסע מינוטן, זענען פאַרבליבן זייער ביטערע נאָכטעמען, ווי ווען מע פילט אין מויל נאָכן עסן א ביטער מאכל. נו, איצט ווייסט זי דאָס שוין, נישט פון ביכער, פון ראָמאַנען געשריבענע פון מענטשן וואָס האָבן מסתמא אין זייער גאַנץ לעבן דאָס נישט איבערגעלעבט און ממילא נישט געוואוסט דעם אמתדיקן אמת ווי אזוי דאָס צו באַשרייבן. יענע שרייבער, די מחברים פון יענע ראָמאַנען, האָבן אויסגעזויגן פון זייערע פינגער זיסע סצענעס מיט שבועות פון אייביקער ליבע, מיט גע-פילן געבוירן געוואָרענע אין יענע הייסע מינוטן, ווען די חושים האָבן געהערשט אין זייער אויסגעלאַשנקייט — און בכל אופן נישט דער שכל-הישר ... און אפשר האָבן יענע שרייבער יאָ געוואוסט דעם ריינעם אמת, אז ליבע איז זייער א צייטווייליקער ענין, ווי עס איז אַלץ וואָס גייט אַרויס פון „געפילן", פון איינדרוקן און נישט פונעם לאָגישן טרוקענעם פאַרשטאַנד. וויי, וויי, ווי נאַריש זי טראַכט ... וואו וויל מען זוכן „לאָ-גישן טרוקענעם פאַרשטאַנד"? אין בעט, צי אין די אָרעמס פון יונגע פאַרליבטע, וואָס מיינען אז זיי האָבן די ערשטע אַנטדעקט וואָס ליבע הייסט און אין יענעם מאָמענט שווערן זיי אין איר „אייביקייט", זיי וואָס ווייסן אפילו נישט וואָס סע באַטייט, נישט וואָס „ליבע" הייסט און אוודאי און אוודאי נישט וואָס „אייביקייט" הייסט?!

ניין, אוודאי האָט עס נישט געקאָנט אָנהאַלטן „אייביק", ווי זיי האָבן זיך געשוואָרן אין יענע „הייסע" מינוטן, ווען זיי האָבן געמיינט אז אויף דער וועלט עקזיסטירט שוין בכלל נישט גאָרנישט, גאָר בלויז זייער „ליבע". זייער ליבע, בפרט זייער „בעט", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קודם מיט ארומהאַלדזן, מיט ליידנשאַפטלעכן קושן — און זיך אויסגע-לאָזט אין עטלעכע אומבאַוואוסטזיניקע מינוטן, ווען זיי האָבן פאַר

לאָרן דעם קאָנטראָל איבער זייערע חושים, זענען פארזונקען געוואָרן אין א זיסן שיכרות, פון א פארגעסנדיקן, פון אלץ פארגעסנדיקן, ווען מע שטעלט זיך קיין פּראָבלעמען נישט, מע פרעגט גאָרנישט, און אויב עמעצער וואָלט אפשר אין יענער מינוט יאָ עפּעס געפרעגט, וואָלט ער געשטערט, וואָלט מען דאָך אים סיי ווי נישט אויסגעהערט, ווי סע האָבן נישט אויסגעהערט קיינער נישט, פאר זיי, פון פריערדיקע דורות, און מסתמא וועלן עס נישט אויסהערן קיינער נישט אויך אין די קומענדיקע דורות, קיין מאָל נישט, ווייל אזוי איז שוין דאָס געבאָט אפשר פון קיי-נעם נישט געשאפן אָבער יעדעס מאָל פון יעדן אָנערקענט, אז דער זכר און די נקיבה זאָלן זיך פּאָרן, פּאָרן, יעדער אויף זיין אופן, וועלכער ברו-טאַל, ווילד, אפילו חיהש, און וועלכע לאשטשענדיק אונטערן אויסרייד פון „ליבע" סצענעס, פון ליגנערישער פארנארערישקייט, פון צוזאָגענישן און אויך שבועות — אין וועלכע מע האָט אפשר הייליק געגלייבט אין יע-נער פארגעסנדיקער מינוט, אָבער קיינער האָט זיך מער נישט געוואָלט דערמאנען, שפּעטער מיט א שטיקל צייט, מער-ווייניקער שפּעטער, ווען די „חושים", דער „ער-זי" אימפּולס האָט זיך אָפּגעלאָשן, אָפּגעקילט, אויסגערונען...

נו, דאָס אלץ ווייסט זי איצט, איצט, ווען זי איז שוין אויסגעוואקסן און איבערגעוואקסן פון די „קינדער-שיכלעך", האָט שוין איבערגעלעבט אי די ליבע-אוואנטורעס אי די ליבע-בגידה, זיך אויסגעניכטערט פון יענע פארנארערישע ליבע-חלומות. אָבער דעמאָלט, דעמאָלט, פון וואנען האָט זי געזאָלט דאָס אלץ געוועזן וויסן?

נו, יאָ, איר מוטער האָט זי טאקע געוואָרנט. יאָ, די מוטער, מער ווי דער פאָטער, ווען די מוטער האָט דערזען איין מאָל, צום ערשטן מאָל איר א פּאָטאָ מיט נעלון, ווי זיי האלטן זיך בלויז ביי די הענט בעת א שפּאציר, האָט זי נישט אויסגערופן, נאָר ממש אויסגעשריגן:

— פלאָריקא, וואָס איז דאָס?!

— וואָס זאָל זיין — האָט זי געענטפערט מיט א קינדישער אומשול-דיקייט — א פאָטאָ... זעסט דען נישט?!

יאָ, די מוטער האָט דווקא יאָ געזען, און זייער גוט געזען, אז הגם דאָס איז אויבנאויפיק א פשוטע פאָטאָ, האָט עס אָבער זייער פיל געזאָגט

פאר איר מוטערלעכן הארץ, אז דאָס איז נישט סתם א פאָטאָגראפיע, געמאכט צופאליק פון א גאסנפאָטאָגראף, צו דער מינוט, אָן פּאָזע, אָן ספּעציעלן שטעלן זיך מיט א שמייכל פאר אן אפּאראט, נאָר זי מיט איר מוטערלעך הארץ און איר מוטערלעכער אינטואיציע האָט ארויסגעלייענט אז זייערע באציאונגען האָבן שוין אריבערגעטרעטן די גרענעץ פון קאָלעגיאלשאפט. יאָ, דאָס קאָן בלויז א מוטערלעך אויג מיט א מוטערלעך הארץ באמערקן, און זי האָט עס טאקע זייער גוט און טאקע תיכף באמערקט.

האָט די מוטער טאקע איר געהאלטן א לעקציע פון מוסר, וועגן ליבע, וועגן באציונגען צווישן א יינגל מיט א מיידל, וועגן די באציאונגען צווישן א יידיש מיידל מיט א נישט-יידישן יינגל און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער ... אָבער סע האָט דען געהאָלפן? ... ווען האָבן נאָך געהאָלפן אמאָל די מוסר-רייד פון א מוטער, אן עלטערע יידענע, צו א טאָכטער, א יונגע, א שייניטשקע, א פארליבטע, וואָס האלט זיך אין יענע יאָרן מער קליגער פון די אלטע, מער געבילדעט, מער פירגעשריטן, מער-מער און נאָכמער-מער, און מערער-נאָכמערער?! ...

— מאמע, היינט, איז שוין נישט די אלטע וועלט, אין וועלכער דו ביסט אויפגעוואקסן ... היינט איז א נייע וועלט, מיט אנדערע פּרינציפּן וועגן שדכנות, וועגן ליבע און בכלל וועגן חתונה האבן, און וועגן אלץ וואָס איז שוין אויסגעוועפּט.

די מוטער האָט זיך געוואָלט שיצן קעגן איר טאָכטערס ביטול:

— פלאָריקא טייערע, זאָלסט נישט מיינען אז דאָס איי איז קליגער פון דער הון ... ליבע איז געווען זינט די וועלט שטייט און וועט אוודאי פּונקט אזוי צוזאָגעריש-ליגנעריש זיין אויף אייביק, און וואָס שייך די וועלט, די אלטע וועלט, זי איז געווען און איז, וועט זיין ... פאר אלע קינדער זענען די עלטערן „די אלטע וועלט‟, פּונקט ווי די זעלביקע קינדער ווען זיי וועלן ווערן עלטערן, וועלן זיי אויך ווערן „די אלטע וועלט‟ ... ווער סע האָט זיך אָבער נישט פארלוירן, ווער סע האָט א קאָפּ אויף די פּלייצעס, יענער ווייסט צו מישפּטן וואָס מע מעג יאָ טון און וואָס מע דארף נישט טון ...

— ווער זאָל מיר זאָגן, וואָס מע מעג יאָ טון? — האָט פלאָריקא לאכנדיק נישט גענומען ערנסט דער מוטערס רייד — ווען זאָל איך

עם פרעגן, די אלטע וועלט? ... יאָ, איך פרעג בלויז דאָס הארץ. דאָס הייג־טיקע דור פרעגט אין ליבע־ענינים בלויז דאָס אייגענע הארץ, דאָס הארץ ...

— און דאָס הארץ זאָגט דיר — האָט די מוטער זיך נישט געלאָזט

— אז עס איז שוין נישט קיין חילוק צווישן ייד און נישט־ייד ...

— ניין, ס'איז נישט קיין חילוק — האָט פלאָריקא אנטשלאָסן איבער־געהאקט איר מוטערס רייד — פאר דעם האָבן זינט דורות מענטשן זיך מקריב געווען אז סע זאָל קומען אָט די דאָזיקע נייע געזעלשאפט, אין וועלכער סע זאָל נישט זיין קיין חילוק צווישן ייד און „גוי". סע זענען שוין היינט נישטאָ קיין „גוים", סע זענען פאראן בלויז מענטשן ...

— יאָ, האָט די מוטער מיט איר פשוטן פאָלקס־שכל פארשטאנען וואָס זי וויל זאָגן צו איר טאָכטער, אָבער נישט געוואוסט מיט וועלכע ווערטער:

— יאָ, היינט איז טאקע שוין נישט קיין חילוק צווישן יידן און נישט־יידן, ווי דו ווילסט זאָגן, וואָס שייך דעם געזעץ, וואָס שייך רדיפות, אָבער דאָס איז נישט חל אין ליבע־ענינים. דאָס איז אן אנדערער עסק. דאָס איז אן ענין פאר זיך. זיי מיט זייעריקע און מיר מיט אונדזעריקע ... פלאָריקא, דו ווייסט דעם אמת, דו ביסט א געלערנטערע פון מיר — האָט די מוטער זיך ווי געבעטן ביי איר, און ארויסגעוויזן איר אָפּהענטיקייט אין דער דיסקוסיע — איך האָב נישט געלערנט אין קיין שולן, ווי דו, איך בין אויפגעוואקסן אין דחקות, אָבער מיט א ירושה פון אן אלט פאָלק, פול מיט חכמה, פון דערפארונג, טרויעריקע דערפארונג פון פאר־שידענערליי דערפארונגען, פון פאָגראָמען, פון אינקוויזיציעס, פון גלות, פון דעפּאָרטאציעס און קרעמאטאָריעס ...

— מיר ווילן ארויפווארפן פון אונדזערע אקסל די דאָזיקע שווערע משא פון גלות. מיר דארפן נישט די דאָזיקע ירושה ... מיר ווילן לעבן פריי, גלייכבארעכטיקטע מיט אלע מענטשן אויף דער וועלט — האָט פלאָריקא זי איבערגעשריגן מיט אירע ארגומענטן, וואָס האָבן געקלונגען איבערצייגנדיקער אין איר מויל — אָבער נישט פאר איר מוטער. א מו־טערס הארץ קאָן מען נישט איבערצייגן מיט ארגומענטן און אוודאי נישט מיט קיין פראזן ...

— יאָ, — האָט די מוטער געזאָגט מיט א געפּייניקטן שמייכל — אוו־דאי איז דאָס אַלץ זייער שיין און פיין ... „מיר ווילן לעבן פריי'' ... אוודאי ווילן מיר, מיינסטו חלילה אז אונדזערע אורעלטערן האָבן דאָס נישט גע־וואָלט, זיי האָבן זיך אָפּגעגעשטעלט און לִמען־השם דווקא געוואָלט לעבן אין געטאָס? ... פּונקט איצט איז געקומען דאָס נייע דור, ווי דו ווילסט עס אויסטייטשן, וואָס וויל לעבן פריי?... אַנו, טו א טראַכט אויף איין מינוטקעלע: און אויב מע וויל לאָזט מען דען לעבן פריי, מיט לייטן גלייך?!

— פרייהייט דאַרף מען אויסקעמפן — האָט פלאָריקא איר א שליידער געטון אין פּנים א פראַגע, וואָס זי האָט שוין געקאָנט אויף אויסנווייניק — פרייהייט באַקומט מען נישט במתנה פון קיינעם נישט. דאָס דאַרף מען זיך אויסקעמפן. יאָ, מיט געוואַלט, מיט פאַראייניקטע כוחות אויס־קעמפן ...

— אוודאי ווייסטו דאָס בעסער, אויף דעם האָב איך דיך דאָך גע־האַלטן אין די שולן, אז דו זאָלסט ווייסן בעסער פון מיר, אַלץ, — האָט די מוטער ווי זיך אונטערגעגעבן, ווייל זי איז געווען אוממאַכטיק קעגן דער טאָכטערס אַרגומענטן — אַלץ ווייסטו בעסער פון מיר, דו קאָנסט רעדן מיט אַנדערע ווערטער, וואָס זענען ווי פרעמד פאַר מיר, קאָן איך דיך נישט איבערטענהען ... אָבער וואָס א מאַמע פילט, אָט דאָס איז דער גרעסטער און שטאַרקסטער אַרגומענט, וואָס דו קאָנסט נישט צוריק־ווייזן מיט אַזעלכע ווערטלעך, וואָס דו האָסט אויסגעלערנט אין די שולן ... אָט דאָס וואָס א מאַמע פילט, דאָס וועסטו קאָנען פאַרשטיין בלויז דע־מאָלט ווען דו וועסט זיין א מאַמע און וועסט נישט רעדן פון די ביכער נאָר פון די געפילן, פון דיין מוטערלעכן האַרץ, די מוטערלעכע גע־פילן זענען דאָס גרעסטע און הייליקסטע בוך אויף דער וועלט. מע דאַרף עס נאָר „לייענען'' אָט דאָס מאַמעשע האַרץ־בוך ...

... וואָס זאָל געווען אַזאַ פּשוטע יידינע ווייסן, אז אין אָט דעם דאָ־זיקן מאָמענט האָט זי אַרויסגעזאָגט אַזאַ ברוטאַלן אמת, וואָס זי אַליין האָט אפשר נישט געוואוסט זיין ווערט ... טאַקע איצט, אין די טעג, האָט פלאָריקא געלעבט אונטער דער מורא, נישט מורא — נאָר פּאַניק, אז זי איז געבליבן מעוברת ...

אָט, און אז זי וועט קענען איר ווילן טאַקע ווערן א מוטער?! ...
זי וועט מוזן אָנהייבן טראַכטן וועגן אַלץ אין דער וועלט ארום איר, נישט ווי איינע פונעם נייעם דור, מיט פּאָליטישע „אמתן“, וואָס געדויערן בלויז אזוי פיל צייט, ווי די פּאָליטיק אין דער מאָדע געדויערט, נאָר ווי א מוטער, וואָס האָט אירע אייגענע אומגעשריבענע געזעצן, נישט פּראַזעאָלאָגישע „פירגעשריטענע“, נאָר מוטערלעכע, מיט אייביקע אמתן ...

פלאָריקא האָט נישט געוואָלט זיך ארײַנלאָזן אין אזעלכע „רעאַק-ציאָנערישע“ געדאַנקען פון א „מוטער“ ... זי איז ארומגעגאַנגען פאַר-מרה-שחורהעט, באַהאַלטן איר סוד אין זיך, נישט אין איר מוח, נאָר אין איר „בויך“ אין וועלכן סע האָט ווייזט אוים אָנגעהויבן שפּראָצן א פרוכט פון דער „ליבע“. זי האָט עס פאַר קיינעם נישט אויסגעזאָגט ... מאָדנע, וויפל מענטשן אין אן עת-צרה מיינען, ווען זיי פאַרשווײַגן זייערע זאָרגן, פּרואוון זיי אזוי אויסמיידן, ווי דער שטרויס ווען ער שטעקט ארײַן זײַן קאָפּ אין זאמד, מיינען זיי אז די צרה זייערע עקזיסטירט נישט מער, אָדער וועט נישט עקזיסטירן מער?! ...

אָבער אויף תמיד קאָן מען נישט אויסבאַהאַלטן אַלץ און פאַר יעדן. דער ערשטער האָט עס באַמערקט טאַקע ער, נעלו, אז זײַן „געליבטע אויף אייביק“ איז נישט אזוי ווי תמיד. זי איז געפּלאָגט פון עפּעס, אָבער זי זאָגט אים גאָרנישט. הגם ער האָט געפרעגט, האָט זי אים גאָרנישט געזאָגט.

איצט, ווען זיי האָבן שוין געענדיקט די הויכשול, געוואָרן צוגע-טיילט, נישט צופאַליק, נאָר לויט זייער ביידנס בקשה, צו דער זעלביקער אינסטיטוציע, אז זיי זאָלן ארבעטן צוזאמען — ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן ארויסווייזן אז אָנשטאָט זיי זאָלן זײַן מער פרייער, אומאָפּ-הענגיקער ווי פריער פון זייערע משפחות, פון זייערע עלטערן, זיי קאָ-נען דאָך איצט כמעט אָנהייבן לעבן באַזונדער, מחוץ זייער עלטערנס הויז, ערשט איצט האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס ביז איצטיקע איז נאָר געווען בילכער פאַר זיי ביידע. ווען זיי האָבן זיך צופאַליק באַ-געגנט בגניבה, אראָפּגעכאַפּט א לוסטיקע מינוט, פון ליבע, פונעם יונגן לעבן — ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן קאָנטורירן א שאָטן פון

לאנגווייליקייט, ווען זיי האָבן זיך טאַקע פּונקט אַזוי ליב ווי פריער, נאָר... אַ ביסל אַנדערש.

יאָ, זי איז עס געווען די, וואָס האָט גענומען די איניציאַטיוו און אים געפרעגט אַזוי, בדרך אגב, צי סע וואָלט נישט געווען בעסער אַז זיי זאָלן זיך נעמען אַ געמיינזאַמע דירה... איצט האָבן זיי דאָך זייערע הכנסות, זענען שוין נישט אָנגעוויזן אויף אָפּהענגיק פון זייערע עלטערן. אדרבה, סע וועט אויך פאַר די עלטערן פיל לייכטער זיין, ווען זיי וועלן נישט זיין מער קיין עול אויף זייער קאָפּ?!

יאָ, זי האָט עס געזאָגט. אָבער, ער, נעלו, האָט גאָרנישט נישט געזאָגט אין יענער מינוט, נישט יאָ און אויך נישט ניין. קודם האָט ער עס ווי נישט דערהערט און דערנאָכדעם האָט ער עס שוין יאָ געהערט אָבער ער האָט עס אָפּגעלייגט, ער האָט געזאָגט:

— אוודאי ביסטו גערעכט, אָבער קודם וואָלטן מיר געדאַרפט אָפּשפּאָרן עטלעכע הונדערטער, אייגענע, אַז מיר זאָלן האָבן מיט וואָס זיך איינצוריכטן... נישט אַזוי? (דער „נישט אַזוי?“ האָט געקלונגען מער רעטאָריש ווי אַ פראַגע!).

אוודאי האָט זי נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע, וואָס איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. וואָס איז אַזוי ערלעך און אומשולדיק ווי אַ פראַגע „נישט אַזוי“?...

אָבער, ביי איר, אין איר אינטימען „איך“, האָט פלאָריקאַ נישט געפעלן דער דאָזיקער ענטפער זיינער. וואָס הייסט „קודם דאַרף מען אָפּשפּאָרן“? אַזוי רעדן בלויז קליינבירגער, מיט קליינבירגערלעכע השגות, אַמאָליקע פאַרשדכנטע פּאָרלעך, וואָס האָבן געלעבט מיט „חשבון“ נישט מיט „ליבע“... וואָס דאַרפן זיי אָפּשפּאָרן? אַזוי ווי זיי האָבן געגעסן, זיך געקליידט ביז איצט, וועלן זיי עס טון פון איצט אָן און ווייטער נאָך פיל גרינגער, בשותפות, מיט די בשותפותדיקע הכנסות. זיי האָבן דאָך שוין זייערע אייגענע הכנסות, וואָס זיי האָבן ביז איצט נישט געהאַט.

נאָכן דאָזיקן קורצן שמועס מיט נעלון האָט פלאָריקאַ געהאַט אַ געפיל פון אייגעם וואָס מע האָט אָפּגענאַרט ביי די קאָרטן. געזאָגט האָט מען איינס און געוויזן האָט מען גאָר עפּעס אַנדערש. נישט נאָר האָט זי

געזען אז די שיינעריידעלעך און די ארומהאלדזונגען בעתן ליבן זיך האָבן קיין שום אמתן יסוד נישט, נאָר אדרבה, סע האָט זיך ארויסגע־וויזן, אז נעלו האָט אפילו נישט געהאט אין געדאנק דאָס, וואָס ער האָט געפּליסטערט אין די אויערן, דעמאָלט ווען פון זיין מויל ביז צון אירע אויערן איז נישט געווען קיין שום ליידיקער חלל, נאָר זי האָט ממש גע־פילט זיין הייסן אָטעם, זיין כמעט ווילדן באגער זי ארומצונעמען... איצט ווייזט זיך גאָר ארויס, אז דאָס אלעס איז נישט געווען מער ווי חייהשע אינסטינקטן, וואָס זענען נישט געווען געצילט צון איר, צון איר, נאָר צון א „פרוי", וואָס וואָלט זי נישט געווען, וואָלט געקאָנט זיין אַן אנדערע אויף איר אָרט... אָבער איצט, איצט, ווען זי האָט אים אויסגעזאָגט איר סוד, אז פון יענעם „ער" און „זי" שפּיל איז פּירגע־קומען אזא מין אקסידענט, וואָס פריער אָדער שפּעטער געשעט ער כמעט תמיד אין אזעלכע פאלן, און דווקא דאמאָלט ווען מע דערוואַרט זיך נישט, איצט האָט ער זיך פּשוט אויסגעדרייט מיטן רוקן, ווי מיט א שינאה וואָס ער האָט זי שוין נישט געקאָנט אויסבאהאלטן, אז בלייבנדיק מעוברת איז זי שוין פארפרעמדט געוואָרן פאר אים. איצט, ווען זי האָט אים סוגערירט (סוגערירט? זי האָט דאָך בפירוש דאָס געזאָגט: מע דאַרף לעגאליזירן זייערע אינטימע באציאונגען!) אז ער און זי זענען נישט קיין פּשוטע באקאנטע, נאָר האָבן אחריות צון א קומענדיקן קינד — האָט ער קודם זיך ארויסגעדרייט פונעם ענין מיט א „חשבון", אז זיי קאָנען לעת-עתה נישט חתונה האָבן... אָבער זינט דעם דאָזיקן שמועס זענען פארביי עטלעכע טעג, איצט זעט זי אז ער מיידט זי אויס. זיי באגעגענען זיך גאָר דערפאר, ווייל זיי קאָנען זיך נישט מערער אויס־מיידן. זיי עסן שוין נישט צוזאמען אין דער קאנטינע. אָדער זי עסט קודם, אָדער ער. גלייך יעדער איינער וואָלט געלויערט אויפן אנדערן: זי, אז זי זאָל אים יאָ באגעגענען, און ער אז ער זאָל זי אויסמיידן...

איז אז סע זענען אדורך אזוי וואָכן, האָט פלאָריקא שוין נישט געהאט קיין אנדערע ברירה ווי צו זאָגן איר פאָטער, אז ער זאָל איר געבן אַן עצה.

פארשטייט זיך, דער פאָטער, וועלכער איז געווען בלב-ונפש (ניין, מען קאָן אויך זאָגן „מיט לייב און לעבן", אָבער אויך דאָס וואָרט וואָלט

נישט אויסגעדריקט דעם גאנצן אמת. ער איז דאָך געווען מער אהינ-געגעבן ווי מיט לייב און לעבן!) איבערגעגעבן דער פארטיי, האָט לאנג נישט געטראכט נאָר זיך געוואָנדן צום סעקרעטאר פון דער פארטיי-אָרגאניזאציע, וואו ער האָט געארבעט.

דאָס ספעקטאקל איז געווען אי קאָמיש אי טראגיש. קאָמיש איז עס געווען ווייל ביידע, אי פלאָריקא אי נעלו, זענען געקומען צוזאמען, גלייך זיי וואָלטן געקומען אהער זיך מסדר-קידושין זיין.. אָבער ווען סע האָבן זיך אָנגעהויבן די דיסקוסיעס, מיט פארטייאישער ערנסט-קייט, ווען דער סעקרעטאר האָט געשטעלט דירעקט נעלון די פראגע, אויב ער וויל חתונה האָבן און לעגאליזירן זיינע באציאונגען צו דער „חברטע" פלאָריקא, האָט יענער קודם געשוויגן, אפילו געשמייכלט (ביז אהער איז עס נאָך געווען אין די גרענעצן פון דער קאָמישער לאַ-גע!), אָבער אז דער סעקרעטאר האָט נישט געהאט קיין געדולד אליין אויסצוטייטשן יענעמס שווייגן און איז געוואָרן צודרינגלעך צו באקו-מען א קלאָרן ענטפער, דעמאָלט איז געקומען דאָס טראגישע, דאָס זייער טראגישע:

— פון וואנען ווייסט מען, אז איך בין דער פאָטער פונעם קינד? — האָט ער געזאָגט פאמעלעך, ווי געצויגן די ווערטער פון א בייטעלע, וואו ער האָט זיי געהאלטן באהאלטן, און איצט שלעפט ער זיי ארויס, מיטן זעלביקן שמייכעלע, אָבער סע דאכט זיך שוין נישט פון גוטן ווילן, נאָר פון א מין חוזק-שמייכעלע פון עזותדיקער צינישקייט — איך בין דען געווען דער איינציקער?! זי האָט זיך דאָך געלייגט מיט אזוי פיל?! .

אָט דאָ איז געשען די עקספלאָזיע: דער פאָטער איז געבליבן גע-פלעפט. ער האָט נישט געקאָנט ארויסרעדן קיין איין וואָרט. ער האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן, נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן פונעם סעקרע-טאר, וועלכער האָט דווקא איצט זיך געוואָנדן מיט זיין בליק צו אים, צום פאָטער, ווי איינער רעדט: נו, אויף דעם וואָס ווילט איר זאָגן?!...

פלאָריקא ווידער, איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט. דאָס פנים אירס האָט געפלאמט פאר כעס, גלייך סע וואָלטן זיך אין איר אָנגעצונדן די געבליטן. אויף אלעמען האָט זי זיך געקאָנט ריכטן, אויף אלעמען, זי האָט שוין געהערט אזעלכע פאלן, אז די מענער פרואוון זיך ארויס-

דרייען אין אזעלכע פאלן פון סיי וועלכן אחריות, מיט ליגנערישע צו־זאָגן, פון וועלכע סע לאָזט זיך אויס ביזן סוף א בוידעם — אָבער אויף דעם, אז ער, נעלו, איר נעלו, וועלכער האָט זי אזוי „ליב", וואָס האָט זי געקאָנט טראכטן אויף א מענטש וועלכער האָט זי געהאלטן שוין פון לאנג פאר זיין אייגענער, זאָל זי זיך געווען ריכטן אז ער וועט דאָ, אין די אויגן פון איר פאָטער, און נאָך מער, אין די אויגן פון א פארטיי-סעק-רעטאר, זאָל איר שליידערן אין פּנים אזא מיאוסן שקר?! ... ער ווייסט דאָך בעסער ווי סיי ווער, אז זי איז געווען זיינע און בלויז זיינע, און ווי אזוי זשע וואגט ער צו זאָגן אזא ליגן, אזא בילבול, אזוי זי צו פאר-שעמען, נישט נאָר זיך ארויסצודרייען פון סיי וועלכן אחריות, נאָר פּשוט זי צו בארעדן אין אזא עפנטלעכקייט?! ...

האָט זי אָנגענומען דעם פאָטער ביי דער האנט און ווי אויסגעשריגן, אויפגעבראכט, מיט עקל, מיט ביטול צו דעם וועלכער, איז געווען „איר" ביז איצט, אָבער איצט איז ער נישט נאָר פרעמד פון איר, נאָר ווי סע ווייזט זיך ארויס, איינער וואָס איז אזוי נידעריק פארזונקען, וועלכער קווענקלט זיך נישט זי צו מאכן בבושה, נאָר כדי ער זאָל ארויסגיין אומ-שולדיק:

— קום! — האָט זי אויסגעשריגן צום פאָטער, און אָן א גוטן-טאָג זענען זיי ארויס.

סע האָט זי שוין נישט אינטערעסירט וואָס דער סעקרעטאר שמועסט איצט מיט נעלון. סע האָט זי שוין נישט אינטערעסירט אויך דאָס נישט, וואָס איר פאָטער טראכט איצט וועגן איר. איין זאך האָט זי געוואָלט, וואָס גיכער אוועק פון דאָרט. זי וויל אים מער נישט זען פאר די אויגן. קיין מאָל נישט. קיין מאָל נישט. קיינעם, קיינעם וויל זי שוין מער נישט זען, קיין שום מאנצביל...

זי איז טאקע מער נישט געגאנגען צון איר ארבעט, כדי זי זאָל זיך נישט דארפן באגעגענען מער מיט אזא „בעסטיע"... וויי, וויי, ווי אזוי דאָס לשון קערעוועט אָפּ פונעם נאָרמאלן וועג: פריער איז ער געווען דער „ליבער", איצט איז ער מיט אמאָל געוואָרן די „בעסטיע"... האָט זי גענומען אורלויב, און אָנשטאָט זי זאָל זיך אויסרוען האָט זי זיך אויסגעזוכט א ניי אָרט וואו זי זאָל ארבעטן.

אין צווישן האָט זי אוואָרטירט...

נו, נאָך דעם ווי זי האָט זיך ווי אויסגעניכטערט ווי פון א שיכרות צי פון א קאָשמאַר, האָט זי שוין געקאָנט צוהערן די רייד אויך פון אירע עלטערן. דאָס הייסט, פון איר מוטער... אז זי, א יידישקע, דאַרף נעמען א ייד, נישט קיין „שטינקאַן"... הגם, צווישן אונדז גערעדט, זענען פאַראַן אויך יידן...

אזוי איז עס געשען, וואָס זי האָט מסכים געווען זיך צו באַגעגענען מיטן דאָזיקן סאמי, וועלכן זי האָט איצט באַגעגנט אין אוויאָן...

## סאמי

סאמי בערקאָ איז געווען א... וואָס איז ער דען נישט געווען?! כמעט אלץ, פון יעדער מלאָכה האָט ער שוין אָפּגעטון אָדער געפּרואווט אַרבעטן נאָר כדי זיך צו געפינען אן אָרט אונטער דער זון. איז ביי וואָס זשע זאָל מען אָנהייבן, צו זאָגן אויף זיכער וואָס ער איז יאָ געווען. דאָס הייסט, וואָס פאַר א מלאָכה ער האָט געהאַט? איז דאַרף מען אָנהייבן א ביסעלע פונעם אָנהייב, לויט דער ריי, דערנאָכדעם זאָל יעדער זיך מאַכן אזא בילד ווי אזוי אים ווערט זיך ווילן. איז דאַרף מען אָנהייבן פון די שול-יאָרן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין די מלחמה-יאָרן און זיך געצויגן ביז אין די ערשטע קלאַסן פון דער גימנאַזיע. אזוי פיל און נישט מער. געענדיקט די גימנאַזיע האָט ער דאָך נישט. ער האָט שוין קיין צייט נישט געהאַט, הגם איצט, נאָך דער פאַרשאָלטענער מל-חמה, האָט שוין די גימנאַזיע, די יידישע, אָנגעהויבן פונקציאָנירן לע-גאַל און אויך די יידישע שילער האָבן שוין געקאָנט שטודירן עפנטלעך און פריי. אָבער... ער, סאמי, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער פּאָלי-טישער טעטיקייט, וואָס האָט אָנגעהויבן זיך קאָכן בפרט אויף דער יידישער גאַס, אויף די יידישע גאַסן, דודעשטי און וואַקאַרעשטי. ווי אזוי ער איז אָנגעקומען דווקא צו דער קאָמוניסטישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע, הגם אין זעלביקן הויף זענען דאָך געווען אויך אַנדערע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס

פון פועלי-ציון, אפילו ביתר — דאָס קאָן מען נישט אויפקלערן מיט קיין לאָגישע סיבות, סיידן מיט פאטאלן גורל. מסתמא איז עס געווען א „באשערטע זאך“, מיינט ער גופא היינט, ווען ער פרעגט זיך גופא די דאָזיקע שאלה. אָבער א פאקט איז, אז ער האָט געהאט אונטער זייגיג אויגן די יידישע אָרגאניזאציעס, זיך מיט זיי געראנגלט, „געקעמפט“ און באקעמפט, צוזאמען מיט זיינע אנדערע חברים דאָרט אויסגעקלאפט די שויבן, צעשטערט זייערע פארזאמלונגען, צעשטערט זייערע „היימען“, ביז ממש געשלעגן, בלוטיקע געשלעגן, אין וועלכע ער האָט זייער אייפערדיק זיך באטייליקט, ווי איינער וואָס איז געווען אויפריכטיק איבערצייגט אז מע דארף הינדערן אָט די דאָזיקע „פאשיכטיש-אימפעריאליסטישע“ שאָוויניסטישע באוועגונגען, וואָס שטייען אין וועג פון דער רעוואָלוציע ... די עלטערן? די מוטער האָט זיך נישט געמישט אין קיין פאָליטיק. זי האָט בלויז מורא געהאט אז פון געשלעגן זאָל ער נישט ארויסקומען דער „געשלאָגענער“. דער פאָטער, יאָ, ער האט יאָ געפרואווט זיך אקעגנשטעלן און אָפּלענקען זיין זון פון דער דאָזיקער טומלענדיקער טעטיקייט, וואָס איז אפשר יאָ גוט, אָבער נישט איצט, שפּעטער, ווען ער וועט האָבן געענדיקט די גימנאזיע. און אפשר וועט ער זיך לערנען אויך אויף אן אוניווערסיטעט?

נאָר ווער האָט געהערט וואָס א „רעאקציאָנערער“ פאָטער רעדט צונויף? סאמי האָט זיך נישט צוגעהערט. אדרבה, ער האָט זיך אָפן אקעגנגעשטעלט, געסטראשעט זיין פאָטער, אז אויב ער וועט זיך שטעלן אין וועג און אים הינדערן אין זיין טעטיקייט, אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, וועט ער אים מסרן אז ער איז אן אויסניצער, א „ספּעקולאנט“ ... דאָס האָט ער געזאָגט אין דער היים, טאקע פארן פאָטער, אָבער דאָרט, ביי דער אָרגאניזאציע, ווען ער האָט געדארפט געבן אן אויטאָביאָגראפיע, האָט ער געשריבן אז זיין פאָטער איז א פשוטער „פארקויפער“ אין א געוועלב פון צוגעהערן פאר שניידעריי, אויב מע וויל קאָן מען אים גופא אויך פאררעכענען פאר א בעל-מלאָכה, א שניידער ... אזוי האָט ער קודם געזאָגט בעל-פּה, ווען מע האָט אים געפרעגט אויף זיין סאָציאלן אָפּשטאם. אָבער דערנאָכדעם האָט ער עס טאקע אזוי אויך געשריבן, ביז עס איז טאקע אזוי פארבליבן אין זיין טעקע.

און עס איז געווען זומער און עס איז געווען ווינטער, און ווידער אמאָל איז געווען זומער און ווידער אמאָל איז געווען ווינטער — און עס איז געווען „גוט", אזוי ווי סע שטייט געשריבן אין חומשל בראשית, ביים וועלט-באשאף... אָבער, אזוי ווי סע גייען די יאָרן, סיי וואו מע זאָל נישט זיין טעטיק, ווערט פון א יוגנטלעכן א דערוואקסענער, און א דערוואקסענער „מוז" אריבער פון דער יוגנט-אָרגאניזאציע אין דער פּארטיי... און דאָס איז נישט אזוי פּשוט. דאָס איז א געשעעניש אין לעבן, ביי סיי וועמען — בפרט ביי אייניקע איז עס אן אָנהייב, צו מאָל פון פרייד און נישט זעלטן פון א דראמע. נאָר לאָמיר נישט כאפּן פאָרויס...

געארבעט האָט איצט סאמי... אייגנטלעך, איז נישט פּאסיק איצט דאָס וואָרט „ארבעט". מע זאָגט דאָך נישט אזוי. מע זאָגט „ער איז טעטיק" אין א רעדאקציע פונעם אָרגאן פון דער יוגנט-אָרגאניזאציע. אָט דאָרט האָט ער זיך „אויסגעריבן" און געוואָרן א גאנץ גוטער זשורנאליסט, מיט א פּאָליטישן חוש. געוואוסט ווי אזוי אָנצוהייבן שרייבן אן ארטיקל (און ווי באוואוסט, איז דער אָנהייב, דאָס סאמע שווערס-טע. ווער סע ווייסט ווי אזוי אָנצוהייבן שרייבן אן ארטיקל, דער בלייבט נישט שטעקן. ענדיקן קאָן סיי ווער!), סיי אויף וועלכער טעמע, האָט ער געוואוסט ווי אזוי מע דארף אָנהייבן. געוואוסט וואו צו געפינען די „צי-טאטן", ווי אזוי מע דארף קודם אָנהייבן מיט די „פּאָזיטיווע זייטן" און פארענדיקן מיט „קריטיק", ארויסצוהייבן די „נעגאטיווע" זייטן.

יאָ, ער האָט שוין געקאָנט גאנץ גוט די מלאָכה, ער פלעגט זיך אוועק-זעצן ביי דער שרייבמאשין און אָפּגעקלאפּט דאָס ארטיקל, אין וועלכן מע האָט נישט געהאט כמעט גאָרנישט וואָס אויסצוקאָריגירן. „ס'איז געגאנגען"... וואָס שייך זיין נאָמען (וועלכער איז געווען שמואל בער-קאָוויטש!) איז ער געוואָרן געענדערט אויף „ס. בערקאָ". מע זאָל נישט וויסן אז ער איז א ייד?! שטותים. וואו האָט מען נאָך געהערט אז א רומענער זאָל הייסן „ס."? וואו האָט מען נאָך געהערט אז א רומענער זאל הייסן „בערקאָ"?... מע האָט שוין געוואוסט, אז אויב א „חבר" האָט בלויז אן איניציאל פון א נאָמען, איז עס גאנץ זיכער א ייד. א נישט-ייד רופט מען נישט מיט ראשי-תיבותן. למשל, אָנשטאָט א „ס." שרייבט מען ארויס מיט גרויסע אותיות „סטעפאַן". במקום „וו." שרייבט

מען ארויס „וואסילע״. און אויב מע שרייבט עס נישט אזוי ארויס בפירוש, ווייסט שוין סיי ווער, אז דאָס איז שלמה, אָדער שמואל וכדומה... אָבער ווער האָט דעמאָלט געהאַט די העזה צו שטעלן אזעלכע נישט כשרע פראגעס, וואָס קאָנען פארשריגן ווערן פאר שאָוויניסטיש-אנטיסעמיטישע, צי גאָר ממש פאשיסטישע?!

איז ס. בערקאָ געזעסן אין זיין רעדאקטאָרישער שטול זייער באקוועם. קיינער האָט אים נישט געשטערט מיט קיין פראגן, וואָס זאָל באאומרואיקן זיין „טעטיקייט״.

אָבער, „אין א שיינעם טאָג״ (דאכט זיך, אז אלע מעשיות וואָס דערציילן פון אן אומגליק, הייבן זיך אָן אָדער ענדיקן זיך אזוי, מיט אָט דער פראזע!), האָט מען איבערגעקוקט די ריינקייט פון די קאדרען. בפרט פון די אידעאָלאָגישע אָפּטיילן, ווי עס איז דער פאל אין די רעדאקציעס, פון פארטיי-אָרגאנען... דעמאָלט האָט מען געפאָדערט צו שרייבן נייע אויטאָביאָגראפיעס. מע האָט געזאמלט נייע רעפערענצן, געמאכט נייע כאראקטעריסטיקעס, און... אָט דאָ האָט זיך עס פארכליסנעט... עס איז גאָר ארויסגעקומען אז דער חבר ס. בערקאָ האָט פשוט פארנארט די באוועגונג, געזאָגט אזא גרויסן שקר, אז זיין פאָטער איז... ווען אין דער ווירקלעכקייט האָט זיך גאָר ארויסגעוויזן אז ער איז געווען דער אייגנטימער פונעם געוועלב מיט צוגעהערן, א שותף מיט זיין ברודער. הייסט דאָך עס, אז דער חבר ס. בערקאָ איז א זון פון אן אויסניצער, א ספעקולאנט — איז ווי קאָן אזא מין „עלעמענט״, א זון פון א ספעקולאנט, א קלאסן-שונא, וואָס האָט זיך אויסבאהאלטן אונטער א ליגן, זיין אויף אזא וויכטיקן פאָסטן, וואו סע פאָדערט זיך אידעאָלאָגישע וואכזאמקייט?!...

אומזיסט האָט זיך ס. בערקאָ געפּרואווט פארטיידיקן, אז דער פאָטער איז געווען בלויז א „פארקויפער״, אויך ווען ער איז געווען אן אָנגעשטעלטער ביי זיין אייגענעם ברודער, אָבער דאָך נישט מער ווי אן אָנגעשטעלטער... אומזיסט. אומזיסט. קיינער האָט עס אים נישט געגלייבט. ווער זאָל עס קאָנען גלייבן אזא גראָבן ליגן, ווען עס איז פאראן א בפירושע רעפערענץ, געחתמעט פון איינעם בערקאָוויטש (אויך א בערקאָוויטש? אפשר איז עס גאָר א קרוב פון סאמין?!), אין וועלכן

סע ווערט בפירוש געזאָגט, אז חבר בערקאָם פּאָטער איז א שותּף צום געוועלב, צוזאמען מיט זיין ברודער איז ער אן אייגנטימער ...

האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון דער באוועגונג און, פארשטייט זיך, אויך פון זיין „טעטיקייטס" ארבעט.

אָט איצט, ווען ער איז געבליבן ווי א פיש אויף דער טריקעניש, האָט ער גענומען טראכטן צו פאָרן קיין ישראל ... איז, אז ער האָט זיך באַגעגנט (נישט צופאליק, נאָר דאָס באגעגעניש איז אָרגאניזירט גע-וואָרן דורך קרובים!) מיט פלאָריקאַן, האָט ער זי תיכּף ביי די ערשטע ווערטער געפרעגט, אויב זי איז גרייט צו פאָרן מיט אים ... קיין ישראל.

פארשטייט זיך, אז פלאָריקא האָט דעמאָלט אפילו הערן נישט גע-וואָלט. אדרבה, זי האָט געהאלטן עס פאר א חוצפּה, ווען א בחור שטעלט אזא פראגע ביים סאמע אָנהייב פון זייער באקאנטשאפט. האָט זי מער זיך אפילו נישט געוואָלט באגעגענען מיט אים. הגם, דעם אמת געזאָגט, ער האָט איר יאָ געפעלן. נאָר, מיט זיינע נארישע ווערטער האָט ער זי אָפּגעשטויסן. ווער שטעלט אזא פראגע פאר א מיידל, ביי דער ערשטער באגעגעניש. וואָלט ער געווען געוואַרט, אז זיי זאָלן זיך באקענען נעענ-טער — וואָלט זי אפשר נישט געזאָגט „ניין". אָבער אזוי, האָט זי אים אויסגעמיטן.

ער, ווידער, האָט זיך געטראכט: וואָס זאָל איך זיך ארייַנלאָזן אין לאנגע רייד מיט א מיידל, וואָס איז נישט גרייט אוועקצופאָרן?

האָט ער זיך פארשריבן צו פאָרן, אומחתונה-געהאט. דערוויילע, ביז וואָס ווען, ביז ער וועט באקומען דעם פּאַס, איז ער אריין ארבעטן אין א קאָנפעקציע-פאבריק. קודם ווי א נישט-קוואַליפיצירטער ארבעטאָ-רער, דערנאָכדעם האָט ער זיך פאמעלעך ארייַנגעדרייט אין א „טעטי-קייט", וואָס איז געווען „גוט" אי פאר אים אי פאר דער פאבריק. ווי אזוי ער איז אָנגעקומען צון א קאָנפעקציע-פאבריק? פּשוט. דער דירעקטאָר, א ייד, אן אָנגעזעענער „חבר" האָט נישט מורא געהאט צו אנגאזשירן אן „עלעמענט" ... ער האָט דאָך געקאָנט אויך זיין פאָטער, אז ער איז קיין מאָל קיין עושר נישט געווען; האָט ער אים א טובה געטון, צו אנ-גאזשירן אים ווי א פשוטן ארבעטאָרער, א נישט-קוואַליפיצירטן ... ביים „רעדאַקטירן" די באריכטן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאראיין-זיצונ-

גען, צו אנדערע באריכטן, צו פּראָיעקטן פון באשלוסן, צו ארטיקלען פאר דער וואנט-צייטונג וכדומה. אמת, ער איז געשטאנען אין שאָטן, ווי אן אומגעזעענער נישט-קוואליפיצירטער ארבעטאָרער. אין ערגעץ איז זיין נאָמען נישט דערמאנט געוואָרן. אפילו אין דער וואנט-צייטונג איז אויך נישט דערמאנט געוואָרן זיין נאָמען. אין ערגעץ נישט.

...און עס איז געווען זומער און עס איז געווען ווינטער... און, עס איז ווידער שוין געווען „גוט". רעלאטיוו גוט. אלץ אויף דער וועלט און אין לעבן בכלל איז דאָך נאָר רעלאַטיוו... ער קאָן דען זיך דערוואַרטן אויף בעסערס?! פאָרן האָט ער נישט געקאָנט, ווייל ער האָט נישט באקומען די דערלויבעניש. ער האָט בכלל נישט באקומען קיין ענטפער, אויך ווען ער האָט אים געפּרואווט באקומען. דערנאָכדעם האָט ער שוין אפילו נישט געפּרואווט, נאָר זיך צוגעפּאסט צו די נייע שטיפמוטערישע באדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געלעבט.

אָבער אזוי ווי פעאיק איז ער דווקא יאָ געווען, האָט ער פאמעלעך געפונען א „וועג" צו „טעטיקייט" אויך אין זיין מלאָכה פון א זשורנאַליכט. ער האָט זיך, הייסט עס, ארייננגעשלייכט דורכן פענצטער, צי דורך א הינטער-טיר... ער האָט געשריבן „קאָרעספּאָנדענצן" וועגן דער טעטיקייט אין דער פאבריק, וועגן די אויפטוען, די רעאליזירונגען, וועגן די דערפינדונגען וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן יאווען ווי שוועמלעך נאָך א רעגן, וועגן די פארמעסטן, וועגן איבערשטייגן די נאָרמעס, א דאנק דער מאָביליזיר-ארבעט פון דער באוועגונג... וכדומה, וואָס זענען דערשינען אין די צענטראלע צייטונגען, אָבער פארשטייט זיך אונטער אן אנדערנס נאָמען. איין מאָל איז געווען געחתמעט דער סעקרעטאר פון דער אָרגאניזאציע אין דער פאבריק, איין מאָל דער אייבער-אינזשעניר און דערנאָכדעם אפילו ממש דער דירעקטאָר...

אָט דאָס זענען געווען דערפאָלגן, וואָס האָבן פארלייכטערט זיין מצב, אָבער געבליבן איז ער ווייטער אי ווי אן „אויסגעשלאָסענער" פון דער באוועגונג, אי ווי איינער וואָס ארבעט ווי א נישט-קוואליפיצירטער — ווי איינער וואָס האָט זיך „פארשריבן" צו פאָרן. אמת, ער איז טאקע נישט געפאָרן, און אפשר וועט ער מער שוין אפילו נישט טראכטן דערצו, אָבער קיין צוטרוי צו אזעלכן קאָן מען נישט האָבן, הגם סע דאכט

זיך אז ער ארבעט געטריי, קוקט נישט אויפן זייגער ווען מע האָט אים געגעבן עפּעס אן „אויפגאבע", ער ווייזט ארוים מסירת-נפש ווי א "קאָמוניסט, הגם שוין מחוץ דער פּארטיי"... אזוי איז עס דערגאנגען, אז מיט דער צייט איז שוין דערשינען זיין נאָמען אין „קאָלעקטיוו פון דער רעדאקציע" פון דער וואנט-צייטונג. אמת, ווי דער „טעכנישער סעקרעטאר" פון דער רעדאקציע.

טאקע אָט דאָ האָט ער באגעגנט סילוויאַן, א יונג שווארץ-חנעוודיק מיידל, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פונעם דאָרף, נאָך געגאנגען האלב פּויעריש געקליידט, אָבער זי האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין גענוג קלוג, אז זי זאָל זיך גיך איינשליסן אין די נייע באדינגונגען סיי ווי אן ארבעטאָרערין, סיי ווי א „צוזאָגנדיקער עלעמענט". צוריקקומענדיק פון דעם פּאָליטישן קורס, וואו זי האָט זיך געלערנט זעקס חדשים, האָט מען זי געשטעלט ארבעטן אין דאָקומענטארן ביורא. דאָס האָט מען געטון בכוונה אז זי זאָל צייט האָבן צו ענדיקן אירע שטודיעס אין די אָוונט-קורסן. טאקע אָט דאָ, אין דאָזיקן ביוראָ פאר טעכנישער דאָקומענטאציע, האָבן זיי זיך באגעגנט. סילוויא האָט פיגורירט ווי די פאראנטוואָרטלעכע און בערקאָ איז געווען דערווירקלעכער אויספירער פון איר ארבעט, נאָר ער האָט נאָך אלץ פיגורירט ווי אן אומקוואליפיצירטער ארבעטאָרער... ער האָט געטון איר ארבעט, איר ארויסגעהאָלפן אין אירע לימודים — און טאקע אזוי האָבן זיי זיך באפריינדט...

ווי אזוי עס איז געשען? זיי ביידע ווייסן עס אויך נישט. מע קאָן זיך אָבער פירשטעלן, אז ער, סאמי בערקאָ, וועלכער האָט געלעבט עניוותדיק, צוליב זיין פּאָליטישן מצב, נידעריקער ווי דאָס גראָז און שטומער ווי א פיש (דאָס האָט אים אזוי זיין פאָטער געעצהעט!), פון זיין מויל האָט דאָך געטריפט לויטער חכמה (יידישע!), ווערטלעך וואָס סילוויא האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט ביי קיינעם — איז א וואונדער אז אזא מיידל זאָל זיך אפילו פארליבן, נישט נאָר אים פארגעטערן און טון אלץ וואָס ער „זאָגט", ווייל ער ווייסט דאָך אלץ בעסער?!

איז קיין וואונדער נישט וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן לעבן צוזאמען ווי מאן און פרוי, הגם זי האָט אים קיין מאָל נישט געוואָלט צוליב טון,

אים פירן צו אירע עלטערן, אז זיי זאָלן אים קענען, ווייל זי האָט גע־וואוסט, אז אירע עלטערן וועלן נישט מסכים זיין אז זי זאָל זיך פאַר־בינדן דעם קאָפּ מיט א ייד...

זיינע עלטערן? ניין, זיינע עלטערן האָבן שוין נישט געהאט וואָס צו זאָגן קיין דעות אין די דאָזיקע ענינים, שוין לאנג נישט, בפרט ווען ער איז ארויס פון אונטער זייער רשות. ער לעבט דאָך שוין אויף זיין אייגע־נעם חשבון. ער איז דאָך דער וואָס פארדינט נאָך עפּעס, אויפן שטיקל ברויט, בעת דער פאָטער, פארדינט שוין גאָרנישט.

זי, דאָס קעפּס־ווייב, איז געוואקסן אונטער זיינע אויגן און מיט דער צייט געוואָרן אן „אקטיוויסטקע", דאָס וואָס ער האָט שוין נישט געקאָנט זיין צוליב זיין „בירגערלעכן" אָפּשטאַם, און צוליב זיין אוים־געשלאָסנקייט פון דער באוועגונג, פאר נישט זיין אויפריכטיק אין זיין אויטאָביאָגראפיע...

איז זי, סילוויא, געוואָרן אויף זיין אָרט, דאָס וואָס ער וואָלט גע־דארפט אָבער שוין נישט געקאָנט זיין. אויף דעם יסוד האָבן זיי געפונען זייער צוזאמענלעבן, הארמאָניש, חבריש, אָן חופּה־וקידושין, אָבער דאָך שוין פון יעדן באקאנט, אזוי אז מע קאָן זאָגן אז מיט דער הסכמה אויך פון דער באוועגונג.

אָט דאָס איז געווען סאמי בערקאָ. ער האָט זיך אויסגעלעבט אינ־קאָגניטאָ... ווי אין „טראַוועסטי" געשפּילט א ראָלע אויף א פרעמדן סטא־טוס, אָבער דאָך מיט זיינע אייגענע פיס און הענט.

וועגן פאָרן? ניין, דער דאָזיקער געדאנק איז ווידער אויסבאהאלטן געוואָרן ערגעץ אין אן ארכיוו, צווישן פארשטויבטע פּאַפּירן, וואָס קיינער האָט נאָך נישט געהאט קיין אינטערעס זיי ארויסצוזוכן. אמת, מע האָט שוין ווידער אָנגעהויבן געבן פּעסער, אָבער ער האָט שוין נישט פארלאנגט צו עמיגרירן...

## זיגזאגן

צו וואָס טויג חקרענען זיך אין די דרכים פונעם לעבן? סע העלפט דען דאָס חקרענען?! ניין. מע פארלירט בלויז די צייט. אומזיסט דאָס

חקרענען. זינט די וועלט איז וועלט. און מסתמא וועט עס שוין אזוי פארבלייבן ביז משיח וועט קומען, ביזן סוף פון דער וועלט... ווען סע וועט זיין דער סוף פון דער וועלט? אויך וועגן דעם איז אומזיסט דאָס חקרענען, ווייל אָדער-אָדער: אָדער מע גלייבט אז דער סוף וועט קומען צו רייטן אויף א משיחיש אייזעלע, אָדער מע גלייבט אין דעם נישט, און ווי יעדער אפּיקורס גלייבט מען גאָר יאָ, אז די וועלט וועט אין א שיינע פּאָר מיליאָן יאָרן ארום אויסגעקילט ווערן און אפילו די זון וועט ווערן א פּשוט שטיק אייז, אן אייזבארג, וואָס וועט מסתמא ביסלעכווייז זיך אָנהייבן צעטאָפּען און מיט עטלעכע מיליאָנען יאָרן ארום וועט ווערן פונסניי א ים, אן אומענדלעכער אָקעאן מיט בלויז וואסער, און-מעטום וואסער, פון וועלכן סע וועט זיך ביסלעכווייז, בהדרגהדיק, אויסשיילן, אויסאנטוויקלען ווידער אמאָל א יבשה און אין א דארוויניסשער „עוואָלוציע" וועט געבוירן ווערן (אפשר ווייסט איר ווי אזוי?) א מין בעל-חי, פון וועלכן סע וועט זיך אויך בהדרגהדיק ווידער אמאָל אנטוויקלען ביסלעכווייז, ווי געזאָגט, ביז צום דערגיין צון א מאלפּע... און אויב מע וועט שוין דערגיין צו דער „מאלפּע", צום ערשטן „אָדם", צום „האָמאָ-סאפּיענס" איז שוין גאָר א קליינער שפּרונג, און סע וועט זיך אם-ירצה-השם ווידער אָנהייבן א מענטשלעכע געשיכטע, פונסניי, פון בראשית, ביז מע וועט דערגיין צו דער „באוועגונג" און מע וועט שוין ווידער דארפן שרייבן „אויטאָביאָגראפיעס" און מע וועט שוין ווידער געמען „רעפערענצן", מע וועט שוין ווידער זיך קעגנזייטיק מסרן, קעגנזייטיק קריטיקירן, ארויסהעלפן אין דער „טעטיקייט"...

ניין, סע לוינט נישט דאָס חקרענען. כלעבן ווי סע לוינט נישט. מע פארלירט בלויז די צייט, די טייערע צייט, וואָס אין מענטשלעכן לעבן איז עס אזוי קורץ און אזוי טייער, אז מע טאָר עס נישט פארטרענצלען, די צייט, נאָר אויסניצן און לעבן, לעבן ביז מע קאָן, און א מאָל אויך ווי אזוי מע קאָן... און נישט חקרענען ווי אזוי סע וועט קומען און ווען סע וועט קומען דער סוף פון דער וועלט!... איז, ווי געזאָגט, זינט די וועלט איז וועלט און ביז די וועלט וועט זיין וועלט — וועלן זיין די זעלביקע „ליבע-עפּיזאָדן", הגם יעדעס מאָל זעען זיי אויס אנדערש, די אקטיאָרן וואָס שפּילן די ראָלע פון די פארליבטע, און אויך

די עבֿיזאָדן מיינט מען אז זיי זענען גאָר אנדערש ווי סיי וועלכער עפּיזאָד, וואָס איז געשען ביז איצט. פּאַקטיש חזרט זיך עס בלויז איבער, אַלץ איז אלט, אזוי ווי עס איז געווען ביי דעם צי ביי יענעם, אין דעם דור צי אין פריערדיקן, צי אויך אין א מאָרגנדיקן, קומענדיקן דור... יאָ, עס איז כּלעבן באנאל. כּלעבן ווי עס איז לאנגווייליק און באנאל. נאָר די מענטשן, יאָ, דווקא יענע מענטשן, וועלכע לעבן עס איבער, גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון דערפון און מיינען, אז אָט-א-דאָס, וואָס זיי לעבן איצט איבער איז ניי, בראשיתדיק. מיט זיי הייבט זיך אָן אָט די דאָזיקע „דראַמע" צי גאָר טראַגי-קאָמישע געשיכטע, וואָס איז ווערט אז זי זאָל באשריבן ווערן אין ראָמאנען... ניין, כּלעבן עס איז באנאל און פאַרעלטערט. אפשר האָט עס אַן אנדערע נואַנס, אַן אנדערן אָפּקלאַנג, אָבער אין תוך איז עס דאָך דאָס נישט עפּעס אנדערש ווי דאָס פאַרעלטערטע, דאָס איבערגעקייטע, שוין פון דורות שוין איבערגעחזרטע...

און דאָך: מוז מען דאָך פאַרענדיקן און דערציילן אז די איצטיקע ווידערבאגעגעניש פון דער היינטיקער שושנה און געוועזענער „פּלאָריק", מיט כאמי בערקאָ — דאָ, אין אוויאָן, איז נישט קיין צופאל. נישט קיין שפּאַס פונעם גורל, ווי סע וויל זיך אויסדאכטן אויבנאויפיק. ניין, נישט צופאליק איז שושנה א ישראלישע, קעגן אירע חלומות פון איר אויפגעשויבערטער יוגנט-אוואַנטורע. זי איז דען די ערשטע צי די לעצטע, זי איז דען די איינציקע, וועלכע האָבן אין זייער לעבן נישט געטראכט אז זיי וועלן אָנקלאַפּן אין דער טיר פון ישראל, האָבן זיך דערפון אָפּגעטרייסלט, אָפּגעזאָגט, פאַרשריגן, „באַקעמפט" און אויפגעקלערט אויך אנדערע... און דערנאָכדעם זענען זיי גופא אויך אוועק. זענען עולה געווען.

פונקט אזוי ווי נישט צופאליק איז סאמי „געזעסן" פּאַקטיש און אויך מעטאַפאָריש, נישט בלויז דאָ אין אוויאָן אויף איר אָרט. נאָר ממש אין גאַנצן לעבן, דאָ, אין רומעניע, און געלעבט צופרידן מיטן גורל, וואָס איז פאַטאל, נישט אזוי צופאליק ווי א פּועל-יוצא פון סיבות, וואָס סע לוינט זיך נישט איצט זיי צו זוכן און אויפקלערן, ווייל דער אויפקלער וועט אין ערגעץ נישט דערפירן...

... האָבן זיי זיך באַגעגנט דאָ, אין אַוויאָן. זי פֿאָרט אין וויזיט קיין רומעניע, נישט אַזוי זיך צו זען מיט קרובים צי מיט באַקאַנטע, נישט אַזוי זיך אויסצורוען אין די שיינע רומענישע אָפּרו־געגנטן — ווי צו ווייזן זיך, אַז אויך זי פֿאָרט קיין חוץ־לאָרץ, אַז אויך זי קען זיך דער־לויבן פֿאָרן אויף אַ „טיול" אין חוץ־לאָרץ — נאָר, אָט דאָ, איידער זי האָט זיך דערהויבן אין דער לופֿטן מיטן אַל־על אַוויאָן, האָט זי גאָר באַגעגנט איר יוגנט־פֿאַרגאַנגענהייט, האָט זיך דאָ געשפּאַטעט ווי אין אַ שטרויכלונג, אין דאָזיקן סאַמי, וואָס איז געווען אַ מאָדנער עפּיזאָד, אין איר ביאָגראַפֿיע — און ער האָט זי אַפֿילו נישט דערקענט, זיך נישט דערמאַנט, אַז אַמאָל־אַמאָל, צוריק מיט אַן אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָרן צוריק, האָט ער זי געוואָלט נעמען פֿאַר אַ פֿרוי, בלויז מיטן באַדינג אַז זי זאָל מסכים זיין פֿאָרן מיט אים קיין ישראל, אָבער זי האָט זיך דעמאָלט געפֿונען באַליידיקט, בלויז פֿונעם פֿירלייג האָט זי זיך באַליי־דיקט, און אים אָפּגעשטויסן ...

די גורלות האָבן זיך געביטן, ווי ווען מע פֿאַרבייט זיך, על־פּי טעות, די שירעמלעך, אין איילעניש ...

דאַכט זיך אַז ביידע זענען זיי צופֿרידענע: ער פֿאָרט אַהיים, נאָך דעם ווי ער האָט געמאַכט אַ וויזיט ביי זיינע קרובים און ידידים אין ישראל. מע האָט אים שיין און פֿיין אומעטום אויפֿגענומען, סיי ביי זיינע קרובים פֿון וועלכע ער האָט אַזוי פֿיל צייט נישט געוואָלט וויסן. ער האָט דאָך זיי פֿאַרשוויגן, געשריבן אין זיינע אויטאָביאָגראַפֿיעס אַז זיי זענען „טויט", אַז ער האָט נישט קיין קרובים אין אויסלאַנד, וואָס סע וואָלט געווען נאָך איין פּסול אין זיין פֿערזענלעכער טעקע... סיי ביי זיינע ידי־דים, סתם באַקאַנטע פֿון די פֿריערדיקע יאָרן. קיינער האָט עם אים אַפֿילו נישט דערמאַנט, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל אויסגעבראָכן די שויבן, באַ־וויזן העלדישקייטן צו שטערן די אסיפֿות, ממש צו צעשטערן די „היי־מען" אין יענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס (נישט מאַכנדיק קיין חילוק צווישן „שומר־הצעיר" און דעם „ביתר", וואָס האָבן תיכּף נאָך דער שואה געטומלט אין דורעשטי און אין וואַקאַרעשטי, אין די בוקאַרעשטער יידישע קוואַרטאַלן) ... ניין, קיינער האָט אים דערפֿון נישט דערמאַנט. אדרבה, ער טראָגט איצט אַהיים שיינע טייערע מתנות, אויעררינגלעך,

קייטעלעך פון גאָלד, אמת, ישראל-גאָלד, וואָס אויב עס איז נישט קיין לויטער פערצענער גאָלד, דאָך איז עס א צוועלעף-דרייצן קאראטיקער — אויך פאר זיין נישט-יידישער סילוויא...

יאָ, סאמי בערקאָ איז ביי זיך צופרידן. מע האָט אים שיין אויפגע-נומען אין ישראל. ער איז אפילו שוין שטאָלץ געוואָרן מיט מדינת-ישראל, גלייך ער וואָלט אויך שוין דאָרט געהאט א חלק, גלייך ער וואָלט אויך מיט עפּעס ביינעשטייערט צו יענעם העלדישן אויפבוי, וואָס ער האָט דאָרט געזען, מיט די אייגענע אויגן. אַנגעטאַפּט דיווירקלעכקייט מיט די אייגענע הענט, נישט געלייענט אין די צייטונגען צי געהערט אין ראדיאָ...

זי, שושנה, איז אויך אָ צופרידענע: זי גייט זיך באַגעגענען מיט איר געבורט-אָרט, מיט איר היימישקייט גייט זי זיך באַגעגענען, גלייך מע קוקט אריין אין שפּיגל כדי צו זיין מיט „זיך", צו וואָס זי האָט געפילט א נאָסטאַלגישן באַגער צו דער געוועזענער סביבה, איבערצולעבן פונ-סניי כאָטש א טייל פונעם איבערגעלעבטן אין דער יוגנט-צייט, פון ווען מע האָט אויך גוטע זכרונות, פון שיינע יוגנט-חלומות, הגם סע האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי פון אלע חלומות.

דאָס איז דאָך די מעיָה פון מענטשלעכן זכרון: ער דערמאַנט זיך מיינסט בלויז דאָס אַנגענעמע. דאָס אומאַנגענעמע פארבלייבט ערגעץ פארשטעקט אין א קעמערל פונעם זכרון און ווערט זעלטן דערמאַנט...

נאָכן אראָפּגיידערן פונעם אוויאָן האָבן זיי זיך צעשייד.

שושנה איז צוגעפאָרן צום האָטעל, אין וועלכן זי האָט געהאט רע-זערווירט איר צימער נאָך פון דער היים, דורך דעם ישראלדיקער רייזע-ביוראָ. פאָרנדיק אין ספּעציעלן אויטאָבוס. פאר טוריסטן, האָט שושנה זיך צעשמייכלט: ער האָט מיך נישט דערקאַנט....א מאָדנער עפּיזאָד...

סאמי, ווידער, איז געפאָרן מיט א טאַקסי צו זיך אהיים, אָבער פאָרנ-דיק אויף די ברייטע שאָסייען פונעם אריינפאָר אין בוקארעשט, בעת די בילדער האָבן זיך געראָלט פאר זיינע אויגן — אָט, ערשט איצט, שוין א ביסל צו שפּעטלעך, האָט ער זיך דערמאַנט ווער שושנה איז, אז זי

איז נישט קיין אנדערע ווי יענע פלאָריקאַ, וועלכע ער האָט אמאָל געשרכ-
נט ... יאָ, פון „פלאָרא'' איז געוואָרן שושנה ...

אים האָט באנג געטון וואָס ער האָט זי תיכף נישט דערקענט, ערשט
איצט האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון אז זי האָט אים דווקא יאָ דערקענט ...

אָבער, צוריק געשמועסט, האָט אים אָנגעהויבן הנאה טון, וואָס ער
האָט זי תיכף נישט דערקענט. וואָס וואָלט ער געוועזן גערעדט מיט איר?!
וועלכע זכרונות וואָלטן זיי אויפגעראָלט?

יאָ, בעסער איז געווען אזוי, ווי אזוי זיי האָבן זיך צעשייד, אויף
אייביק. און אויף זיין פנים האָט זיך באוויזן א שמייכל: א מאָדנער עפּי-
זאָד ...

# מאָרגן?

... קינדער? איר פרעגט צי איך האָב קינדער? כּלעבן ווי איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן, ווי אַזוי עס אויפצוקלערן, מע זאָל עס פאַרשטיין. אָט, תּיכּף ביים ווידעראָנהייב איז געווען כּמעט אַן עקספּלאָזיע פון געבורטן. אָט יענע ווינציקע וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון די אומבּרענג-לאַגערן, האָבן אָנגעהויבן דאָס לעבן פון דאָס ניי. האָבן געוואָלט ווי דערזעצן, אָניאָגן, דעריאָגן דאָס, וואָס מע האָט פאַרשפּעטיקט, אָדער גאָר לגמרי פאַרלוירן בעת די פינצטערע שואה-יאָרן: סע זענען געבוירן געוואָרן אַ ריי קינדער, אויך יידישע קינדער, אַ מין ווידערוואוקס, ווי נאָך דעם ווי מע האָט אָפּגעקאָסעט דאָס ערשטע גראָז פונעם פעלד ... דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, תּיכּף. דאָס הייסט, אין די יאָרן נײַנצן פינעף און זעקס און פערציק. דערנאָך, אָבער, ווען די „הייסע" מילחמה האָט זיך אַ ביסל אָפּגעקילט, איז מען גאָר דערגאַנגען צו דער „קאַלטער" מילחמה, וואָס האָט געשטעלט נייע פּראָבלעמען, נייע זאָרגן, וואָס האָבן צוריק געשלעפּט די נשמה אין אַ שטימונג פון נייע, אויב נישט דווקא אומקום-קרעמאַטאָריעס, איז כּמעט אין אַ יאוש-קאָנצלאַגער, וואָס האָט אָפּגעטעמפּט דעם אויך אַזוי שוואַכן לעבנס-ווילן, דעם בלאַסן המשך-דראַנג. בכל-אופן האָט עס נישט דערמוטיקט צו האָבן פון דאָס ניי קינדער.

אין דער הײַנטיקער עפּאָכע, פון כּמעט תּיכּף נאָך — אוישוויץ און פאַר, ערב ... וואָס? ... פאַר אַ ווידער-אוישוויץ, אָדער אפשר גאָר אַן אַנדער וועלט-אומקום, אַ פיל גרעסערס ווי אוישוויץ, אָבער אפשר אפילו שוין נישט אַזוי דירעקט געצילט קעגן יידן? אין אַזאַ עפּאָכע קאָן מען באַוואוסטזיניק געבאָרן קינדער?!

ווי אזוי זאָל מען עס אויפקלערן? ווי אזוי וועט עס אויפקלערן דער קומענדיקער פאָרשער, דער דעמאָגראַפישער צי היסטאָרישער פאָרשער, פאר וואָס סע זענען געווען אין די דאָזיקע יאָרן אזוי ווינציק יידישע געבורטן?!

כדי מע זאָל עס פארשטיין, וועל איך פרואוון זאָגן דעם גאנצן אמת, וואָס סע האָט געברענגט צו דעם דאָזיקן געדאנק:

... מיין פאָטער, זכרונו לברכה (אָדער, הישם ינקום דמו!), האָט געהאט א „שטאָט", א זיצאָרט אין דער מיזרח-וואנט, אין דער אייבער-שטער שיל פון מיין מאראמאָרעשער געבורט-שטעטל. „דעמאָלט" האָט דאָס אָרט, די מיזרח-שטאָט, געהאט א ווערט, אויך א מאטעריעלן ווערט. וואָלט ער זי געוועזן געוואָלט דעמאָלט פארקויפן, וואָלט ער געוועזן גע-קאָנט באקומען א שיינעם סכום, פארן געלט וועלכן ער וואָלט געוועזן געקאָנט קויפן אן עטלעכע קלאפטער האָלץ, אָנצוואַרעמען ווינטער די שטוב, די קינדערלעך זאָלן געוועזן נישט ציטערן פאר קעלט. ער וואָלט געוועזן געקאָנט קויפן א קו, צי א צוויי טויזנט ליטער מילך, אָדער א דריי טויזנט אייער ...

... שטייט די שיל אויף איר אָרט. די מיזרח-שטאָט איז אויך אויף איר אָרט. גאָר קיין יידן, בעל-עסקנים, צו קויפן אזא מיזרח-שטאָט, זעט איר, אָט דיע זענען שוין מער נישטאָ. מע האָט זיי פארטריבן און אומ-געברענגט אין די קרעמאטאָריע-קוימענעם ... אגו, פרואווט געבן עמעצן יענע „שטאָט" בחינם און וועט נישט געפינען וועמען. איז דאָך דער גרעסטער רוב פון יענע יידן, ווי געזאָגט, געבליבן אין אוישוויץ, ווידער די גאָר ווינציקע וואָס האָבן זיך יאָ צוריקגעקערט, דארפן נישט מער קיין זיצערטער אין יענעם בית-המדרש, אפילו נישט אין דער מיזרח-וואנט. פשוט, ווייל סע זענען איבערגעבליבן צו פיל מיזרח-בענקלעך פאר אזוי ווייניק איבערגעבליבענע יידן, וועלכע פילן זיך נישט מער ווי תושבים, נאָר ווי צייטווייליקע געסט, אָקערשט געקומען פון אוישוויץ, גלייך ווי אין א וויזיט אָדער גאָר אויף קבר-אבות, נייִן, אויפן אייגענעם קבר, אָנצוצינדן א ליכטל ... צו וואָס זשע טויג פאר א „גאסט", וואָס פילט זיך אזוי אומהיימיש, א זיצאָרט אין א פארחרובטן און פארוויסטן, פאריתומטן בית-המדרש?! ...

ניט, אדרבה, אַן עצה: וואָס זאָל מען טון מיט דער „שטאָט“, וואָס איז איבערגעבליבן בירושה?

פארקויפן, ווי געזאָגט, איז נישטאָ פאר וועמען (די נישט-יידישע שכנים, וועלכע האָבן זיך יאָ געלאקעמעט אויף יידיש האָב בעתן דע־פּאָרטירן, ווילן נישט „קויפן“ אפילו בחינם קיין זיצערטער אין א פאר־וואַרלאָזטער יידישער שיל!). וועמען זשע וועל איך זי לאָזן בירושה?... און נישט בלויז די „שטאָט“ אין בית-המדרש. פּונקט אזוי שטעלט זיך די פראגע מיט דעם „ווילנער שם“, וואָס דער פאָטער האָט באקומען נדן, און איצט האָט ער עס איבערגעלאָזט פאר דער צייט, אָן זיין ווילן, ממילא אָן א צוואָה, בירושה ... וואָס זאָל מען טון מיט די „חוקים“, אין לעדער־נעם לייש-גאָלד געבונדן, מיטן שיינעם אויסגעהאַפטענעם חלה-טישטעכל, מיטן זילבערנעם בשמים-שקעטעלע, מיטן הדסל, מיטן חנוכה-לעמפל? ...

ווייסט איר וויפל אזעלכע אמאָל יידיש-הייליקע חפצים סע וואלגערן זיך ארום ווי פארוואלגערטע פארמישפּטע נשמות, אין א מין כף-הקלע, און געפינען נישט זייער „תיקון“?

אמת, מע וואָלט געקאָנט מאכן א מוזיי פון אָט די חפצים. יאָ, אָבער פאר וועמען? און וויפל מוזייען דארפן זיין פאר נישט-יידן?

... און דאָס זיצאָרט אין דער מיזרח-וואנט — זאָל מען אויך שטעלן אין א מוזיי? ... אפשר זאָל מען גאָר שטעלן אין „מוזיי“ א ייד, וואָס איז צוריקגעקומען פון אוישוויץ און געפינט נישט זיין אָרט? אפשר וועט ער גאָר זיין דער איינציקער ייד דאָ, א תושב? ...

אנו, אפשר האָט איר כאָטש איין איינציקן ענטפער אויף אָט די דאָזיקע ווייטיקדיקע שאלות, וואָס מע קאָן נישט פארענטפערן מיטן בלויזן באנאלן „עבדים היינו“?

אָט ווי אזוי מען איז אָנגעקומען צו די דאָזיקע פינצטערע זעלב־אומברענג-געדאנקען: וואָלט די „שטאָט“ אין דער מיזרח-וואנט פונעם בית-המדרש געהאט א ווערט, צו פארקויפן אָדער צו לאָזן עמעצן בירושה, ווי סע האָט זי געלאָזט דער זיידע און דערנאָך דער פאָטער — ניין,

נאָר ביז אהער. דער פאָטער האָט זי שוין קיינעם נישט גלאָזט בירושה. וואָלט ער זי געוועזן יאָ געקאָנט איבערלאָזן בירושה. דעמאָלט וואָלט יאָ כדאי געווען צו האָבן קינדער. וואָלט איך אויך גענדארפט האָבן א זון, ער זאָל ירשענען דאָס זיצאָרט אין דער אייבערשטער שיל, זאָל דאָרט ווייטער דאווענען מיטן דאָרטיקן וויזשניצער נוסח, זאָל שפּינען ווייטער דעם יידישן המשך אין די מאַראַמאָרעשער יידישע שטעטלעך און יידישע דערפלעך.

איז אָבער, ווי געזאָגט, די מיזרח-שטאָט געבליבן אָן א ווערט. איז פרעגט זיך: איז כדאי צו האָבן קינדער?...

אויב יאָ, איז וואו?!...

... אין מיין מאראמאָרעשן געבורט-שטעטל איז דער פּייסאזש א וואונדערלעך מחייהדיקער, א זעלטנקייט מאָלעריש-פאַרכאַפּנדיקער. אויף די גרינע באוואלדעוועטע בערג, פּאַשען פאַרצויבערטע שאָף און לעגענ־דארע רינדער, און סע פּייפן זיך צו מיט פלאָיערס פאַרליבטע פּאַסטעכער, נאָסטאלגישע רומענישע דוינעס מיט א יידיש-חסידישן אקצענט... אין די סעדער ברעכן זיך אָט-אָט די צווייגן, איבערגעלאָדענע מיט זעלטן קאָלירטע שיינע עפּל און פאַרהויכטע בלאָע פלאָמען, פון וועלכע מע האָט אמאָל געמאכט כשרע פּסחדיקע שליבאָוויצע, וואָס האָט ביים קידוש געקוויקט דעם גומען... אויך היינט מאכט מען דערקוויקנדיקע „פאלינקס'', וואָס האָט א שם אריבער די רומענישע גרענעצן — אָבער לײַדער שוין נישט קיין „פּסחדיקע''...

אין די טייכלעך שפּילן זיך מיט די זונענשטראַלן קליינע מערעניק־לעך און אפילו פּיסטראָנג-פישעלעך, פאַרמעסטן זיך צו שווימען קעגן דעם באַרגיקן שטראָם. שוועלבעלעך בויען ווידער נייע נעסטן יעדן פרי־לינג, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון די ווארעמע לענדער, וואו זיי האָבן זיך איבערגעווינטערט. יאָ, די שוועלבעלעך בויען טאקע ווידער אויף זייערע חרוב-געמאכטע נעסטן — אָבער לײַדער שוין נישט אונטער יידישע דעכער...

... קינדער? איר פרעגט צי איך האָב קינדער?! ... זייט מוחל, איך קאָן עס נישט דערקלערן. דאָס הארץ קלאַפּט נישט געגוג ריטמיש כדי ארויסצורעדן די נייטיקע רויִע ברוטאלע „ווערטער", זיי בלייבן דערשטיקט אין האלדז ...

... זייט מוחל, סע קומט אָן שווער דערפון צו רעדן. סע שטיקט דער רויך פון די קרעמאטאָריע-קוימענעס ...

...קינדער?... יידישע קינדער?!...

יידישער „מאָרגן"?!...

אוי!!!...

# אליינער, אליין...

אליינער, אליינער —
עלנטע שטיינער;
יידיש שיינער,
כמעט אָן לייענער ...

אליין האָב נאָך מיר גופא זיך שבעה געזעצט,
נישט געוואַרט אנדערע זאָלן מיך באַקלאָגן;
אליין באַצייטנס האָב מיין יאָרצייט געהאַלטן,
ווער דען זאָל נאָך מיר אמאָל א קדיש זאָגן?! ...

געמוזט האָב איך באַצייטנס מיך באַוואָרענען, —
היינט, איצט, כל-זמן איך בין נאָך ביים לעבן;
האָב נישט געקאָנט וואַרטן אז א „שטומער" יורש,
זאָל מיין אומשולדיקער נשמה-פיין א תיקון געבן ...

אלץ, אלץ, אפילו דעם אייגענעם קבר גראָבן אליין, —
מיט אומגעלייענטע יידיש-שרייבער געברודערט און געשוועסטערט;
פרייוויליק וועל איך פון גן-עדן אין גיהנום גיין —
ווייל גאָט האָט זיינע יידן און אונדזער יידיש געלעסטערט...

דור מיינער,
גאָר קליינער;
יידיש-לייענער,
אָן ביינער,

בלייבט אליינער,
יידיש-ריינער,
פיין-פיינער,
חן-חנער,

כמעט קיינער?!

גאָט איינער!...

# מײַן אדל-ייחוס

אזוי איז שוין די טבע פון א מענטש. אויב ער האָט נישט קיין אייגענע מעלות, מיט וועלכע ער זאָל זיך קאָנען רימען (און אומגערימט, דאכט זיך, אז מע קאָן זיך גאָרנישט אויסלעבן!), רימט מען זיך מיט די מעלות, אמתע אָדער אפילו אויסגעטראכטע, פון די פירגייער, פון די זיידעס און עלטער-עלטער-זיידעס, וועלכע רוען זיך אוים זייערע ביינער אויף ווער ווייסט וועלכן חרוב געוואָרענעם בית-עלמין און ממילא קאָן מען שוין נישט נאָכפּרואוון און אָפּלייקענען אויב יענע שבחים זענען טאקע אמתע. פון אָט דאָ שטאמט דער מנהג פון האלטן בכבוד א ייחוס-בריוו, בפרט מיט אן אדלדיקן הערב, א ירושהדיקן סימבאָל וואָס זאָל דערמאנען אויב נישט ממש עדות וועגן אזא מין ייחוסדיקן רומפולן אָפּשטאם, וואָס זאָל זיינע שטראלן אויסשפּרייטן כדי צו באלייכטן און באשיינען דעם לעבנסוועג פון די נאָכגייער, די „אייניקלעך“.

פארשטייט זיך. אז דאָס איז אויך, ווי פיל איבערסטרוקטורעלע באגריפן, היסטאָרישע דערשיינונגען, וואָס טראָגן דעם חותם און כאראקטער פון זייער צייט.

פאר וואָס דערמאן איך עס דאָ, טאקע ביים אָנהייב? כדי מע זאָל נישט דערוואַרטן אז איך זאָל אפירנעמען פון אונטער דער סטריכע אן איינגעוויקלטן פארמעט מיט וואָס איך זאָל באווייזן אז איך שטאם ממש פון ... מע זאָל נישט דערוואַרטן אז איך זאָל אפירנעמען פון אונטערן בעט אן אלטן קינסטלעריש געדרעקסלטן קופערט מיט מעשן באשלעג, פון וועלכן איך זאָל ארויסנעמען פארגעלטע פאפּירן כדי צו באווייזן אז איך שטאם פון ... זאָל מען נישט דערוואַרטן אז איך זאָל ווידער אמאָל (ווי איך האָב עס שוין אמאָל געטון!) באווייזן מיט געקינצלטע ראיות אז איך

שטאם פונעם „צמח דוד“, פונעם באקאנטן היסטאָריקער פון פּראג ר׳ דוד גאנז (ווייל מיין מוטער זכרונה לברכה האָט געהייסן גאנז!), עס איז דאָך געבליבן דעמאָלט אומבאוויזן ווי אזוי איז פון פּראג ביז מאראמאָ-רעש דערגאנגען די משפחה גאנז... אָבער, צוריק געשמועסט, במשך פון קנאַפּע דריי הונדערט יאָר וואָגלען איז פאר א יידישער משפחה אין מיטלאלטער דאָס נישט געווען קיין גאָר גרויסער מהלך.

איז באוואוסט, קיינער וועט נישט אָנהייבן זיך רימען מיטן ייחוס, אָנהייבנדיק מיט די עלטערן. דאָס איז צו ווינציק. מע הייבט געוויינלעך אָן כאָטש מיט א זיידע. און דאָ הייבט זיך אָן דער פארמעסט צווישן די בעלי-מיוחסים: וואָס ווייטער, וואָס טיפער מע גראָבט כדי מע זאָל קאָנען דערגיין צו א וואָס גרעסערן און אָנגעזעענעם מיוחס. להבדיל די נישט יידן, ביי זיי איז עס לייכטער. ביי זיי, אז מע דערגייט ביז צו א גראַף, א באראָן, א שליאכשיץ, א באָיאר, א פירשט — העכסטנס א הונדערט יאָר, איז שוין איבער און געגנוג. ביי אונדז, ביי אונדז יידן אָבער, מיר זענען דאָך א גאָר אלט „אויסדערוויילט פאָלק“, ביי אונדז איז א הונדערט יאָריקער ייחוס נישט מער ווי אויף א רפואה, סיידן אז סע האנדלט זיך אין א רבים „אייניקל“, טאקע אן אָרעמער אין ייחוס, וועלכער ביי אלע אָנ-שטרענגגן קאָן ער נישט דערגיין ביזן בעל-שם-טוב הקדוש, וועלכער האָט קיין זין נישט געהאט, איז כאָטש צו זיין א תלמיד...

מחמת דעם, איז ביי אונדז פאראן אן אנדערער מנהג. מע זוכט „עלטערע“ ייחוס-בריוו, וואָס קיינער פארמאָגט זיי טאקע נישט, אָבער דאָך טראכט מען זיי אויס, קודם רעדט מען זיך אליין איין, ביז מע הייבט אָן אליין גלייבן אין זיי... אנדערע? אנדערע מוזן נישט גלייבן, ווער סע וויל גלייבט, ווער נישט, נישט. דער עיקר איז, אז מע קאָן אליין זיך חת-מענען דעם נאָמען און אונטערן נאָמען אָנגעבן דעם ייחוס-אָפּשטאם, די גזע, וואָס פארזיכערט אז מען איז נישט ווייניקער ווי אן אָפּשטאמי-קער פון...

נו, וואָס זאָל איך טון? איך בין זיך מודה, אז איך בין נישט ווינצי-קער בעל-גאווה און אויך נישט מער עניו פון סיי וועלכן בשר-ודם. אין נאָרמאלע צייטן, ווען מע זאָל נישט לעבן אין א וועלט פון פארמעסט צווישן ייחוס, וואָלט איך זיך אויך געקאָנט באגנוגן אז איך בין א פשוט

אייניקל פון אברהם, יצחק און יעקב. א גרעסערער ייחוס פעלט מיר?! ווייזט
אָבער אויס אז דאָס קלעקט שוין היינט נישט. וואָלט עס יאָ געווען געגוג,
וואָלטן זיך נישט געפונען מענטשן ערנסטע, וועלכע באנארעשן זיך
אזוי קינדיש מיטן זוכן און אָנזאָגן זייער ייחוס, איינער ביז רשי, אַן
אנדערער ביזן רמבם, אנדערע מער געוואגטע גייען ביזן סאמע טראָן פון
דוד המלך ... נו, איז ווי אזוי זשע וואָלט מען געקאָנט זיך דערווארטן
אז איך זאָל זיצן מיט די פארלייגטע הענט און זיך צוקוקן ווי אנדערע
ווערן אויפגעריכט און ממש זיי זשעברעווען מיט פולע קעשענעס ייחוס,
טייל זענען „אייניקלעך" פון אדמורים, אנדערע פון ראָטשילדן (נישט
פונעם היינטיקן ראָטשילד, וועלכער איז לגבי זיינע זיידעס, די אמתע
ראָטשילדס, כמעט א קבצן און האָט קוים אויף שבת-הוצאות, נאָר פון
זיין עלטער-עלטער-עלטער-זיידע, דער לעגענדארער גביר, וועלכער האָט
פארמאָגט „ראָטשילדס פארמעגן"!), און נאָך אנדערע ווי געזאָגט שטא-
מען אויב נישט פון ישעיה הנביא, איז כאָטש פון ר' יהודה הלוי, צי פון
אבן-עזרא, אָדער פון אברבנאל, וועלכער איז געווען, דאכט זיך, פינאנץ-
מיניסטער ביים שפאנישן קאטוילישן קיניג ... בקיצור, א ייחוס וועלכער
לאָזט אייך געפּלעפט מיט אן אָפן מויל און איר געפינט קיין וואָרט נישט,
איר ווייסט נישט: זאָלט איר עס אראָפּשלינגען און גלייבן אָדער אויס-
שפייען און אָפּלייקענען, אז עס איז א פשוטער שקר, וואָס מע וויל עס
אייך פארקויפן ווי א פאלש מינץ-שטיק.

איז פארשטייט זיך, אז עמעצער ווערט געוואויר אז ער שטאמט פון
א לאָמיר זאָגן, נאָר געמיינעם ייחוס, אוודאי וועט ער עס נישט אויספּויקן,
נאָר אדרבה, ער וועט עס אויסבאהאלטן בסודי-סודות, אז קיינער זאָל
דערפון זיך נישט דערוויסן. מיט דער צייט, נישט נאָר וואָס אנדערע
וויסן עס נישט, נאָר ער גופא האָט אויך שוין פארגעסן, ווייל ער האָט
עס זיך נישט געוואָלט דערמאנען און מיט דער צייט טאקע באמת שוין
פארגעסן — און צו ביסלעך, צו ביסלעך פון היינט אויף מאָרגן אָנגעהויבן
זיך רימען מיט אן אויסגעטראכטן ייחוס, אין וועלכן ער האָט אליין נישט
געגלייבט, דערנאָכדעם האָט ער שוין יאָ אָנגעהויבן גלייבן און דערנאָכ-
דעם האָט ער געוואָלט אז אויך אנדערע זאָלן אים גלייבן, אזוי ווערט פון
א פשוטן אויסגעטראכטן ליגן — א לעגענדע ...

איך וועל נישט ווארטן אז אנדערע זאָלן מיך דערמאָנען אז איך שטאַם נישט פון דוד המלך צי פון רבי יהודה הלוי צי יהודה הנשיא — איך וועל אַליין אויסזאָגן דעם ריינעם אמת, און עס פּרואוון דאָ איבערצייגן אז איך שטאַם נישט פון קיין אנדערן ווי אזא טרויעריק בארימטן פּארשוין ווי „קמצא און בר-קמצא״.

... יאָ, יאָ — קודם זאָל מען וויסן אז דאָס זענען טאַקע צוויי נעמען, אָבער איך האָב געהאַט דאָס מזל אָדער שלימזל צו שטאַמען פון זיי ביי-דע, ווייל דער פּאָטער האָט געהייסן קמצא און זיין זון האָט געהייסן בר-קמצא, פּונקט אזוי ווי מע וואָלט אים היינט גערופן „קאמצאָוויטש״ צי „קאמצאַסאָן״, צי אין אונגדזערע רומענישע קאַנטן „קאמצעסקו״...

איז וועט מען זיך אפשר וואונדערן, אויב שוין יאָ אזוי, פאר וואָס זשע פּארשווייג איך עס ליבער נישט, אז קיינער זאָל זיך דערפון נישט דערוויסן אז איך שטאַם פון אזא מין נידעריקן ייחוס, פון עלטער-עלטער זיידעס צוליב וועלכע עס איז חרוב געוואָרן ירושלים?!

יאָ, אָט דאָס וויל איך טאַקע דערוויזן איצט, אז איך האָב זיך בכלל נישט מיט וואָס צו שעמען — הגם אַלע יענע וועלכע האָבן אמאָל געלערנט אין חדר האָבן געוואוסט, אָדער זיך דערוואוסט אין דער וואָך פון תשעה-באָב, ווען מע האָט געלערנט דעם שיעור אין דער גמרא גיטין (דף נה-נו) אז צוליב קמצא און בר-קמצא איז חרוב געוואָרן ירושלים — וועל איך עס איצט דערווייזן, אז אפילו א בלינדער וועט עס קאָנען זען, ווי מע זאָגט, און אויב ער וועט עס נישט „דערזען״ וועט ער עס קאָנען ממש „אָנטאַפּן״ מיט די הענט, אז נישט קמצא און נישט בר-קמצא זענען נישט שולדיק געוועזן אין חורבן פון דער הייליקער שטאָט ירושלים. אויב שוין יאָ שול-דיקע, דאַרף מען זיי זוכן צווישן יענע וועלכע האָבן די מעשה דערציילט אויף אזא אופן, אז זייערע נעמען זאָלן ארויסבלייבן און מע זאָל פון זיי, די אמתע שולדיקע, גישט רעדן היינט. אָבער איך, ווי אן אייניקל פון קמצאן, וועל עס איצט פּרואוון מגלה זיין.

לאָמיר קודם נעמען די מעשה-לעגענדע, אזוי ווי זי ווערט דערציילט דאָרט, אין דער גמרא, דערנאָכדעם וועל איך זי איבערדערציילן אזוי ווי אזוי איך שטעל זי מיר פיר, אז עס איז באמת געשען:

„... ווענן קמצא און בר-קמצא איז ירושלים חרוב געוואָרן ... ווייל איין מאָל האָט איינער, וועלכער האָט געהאַט א פריינד קמצא און א שונא בר-קמצא, געמאַכט א סעודה. שיקט ער זיין משרת צו פאַרבעטן קמצאן. איז ער געגאַנגען און פאַרבעטן בר-קמצאן. איז יענער געקומען. ווען ער האָט אים געפונען זיצנדיק ביי דער סעודה, זאָגט ער צו אים: דו ביסט דאָך מיין שונא, וואָס טוסטו דאָ? שטיי אויף, גיי ארויס פון דאַנען! זאָגט ער צו אים: אויב איך בין שוין דאָ, לאָז מיך; איך וועל דיר באַצאָלן דאָס עסן און דאָס טרינקען. ענטפערט ער אים: ניין. — איך וועל דיר באַצאָלן די העלפט הוצאות פון דער סעודה. זאָגט יענער: ניין. — איך וועל דיר באַצאָלן די הוצאות פון דער גאַנצער סעודה ... ענטפערט יענער: ניין, און נעמט אים אָן ביי דער האַנט, הייסט אים אויפשטיין און פירט אים ארויס. דעמאָלט זאָגט ער זיך: אויב די רבנים, וועלכע זענען געווען אָנוועזנדיק, האָבן יענעם נישט צוריקגעהאַלטן, איז האָט דאָס זיי וואוילגעפאַלן, איז וועל איך גיין צום מלכות עסן א קיכל, דאָס הייסט, זיי מסרן ... איז ער געגאַנגען און געזאָגט דעם קיסר: די יידן האָבן אין דיר מורד געווען ... אזוי איז עס דערגאַנגען, אז די רוימער זענען אָנגעפאַלן און חרוב געמאַכט ירושלים" (גיטין נה-נו).

ביז אהער איז די מעשה. איצט, מיט אייער דערלויבעניש, וועלן מיר זען, ווי אזוי סע זעט אויס דער אמת, וויפל שולד סע האָבן געהאַט מיינע שטאַם-עלטערן אין חורבן ירושלים.

קודם-כל, לאָמיר זען ווער סע זענען די פאַרשוינען פון דער מעשה: קמצא, בר-קמצא, „איינער", זיין משרת און רבנים, וועלכע ווערן נישט אָנגערופן ביי די נעמען. שוין ביים ערשטן בליק איז לייכט צו זען אז „קמצא" איז דאָ בכלל נישט קיין שותף צו דער גאַנצער מעשה. אים האָט מען צו דער סעודה נישט פאַר בעטן, ער האָט בכלל נישט געקאָנט וויסן אז סע קומט פיר אזא סעודה. און אויב ער האָט זיך יאָ עפּעס דערוואוסט וועגן דער דאָזיקער מעשה, איז האָט ער עס זיך מסתמא דערוואוסט פון זיין אָן אייניקל, וועלכער האָט עס געלערנט אין דער גמרא,

אין דער וואָך פון תשעה-באָב ... איז הייסט עס, אז פון די פינעף „צדדים“ געבליבן בלויז פיר.

וואָס שייך דעם משרת, וועלכער האָט געמאכט אזא געוואלטיקן טעות און גערופן א שונא אַנשטאָט א פריינד, איז קאָן מען פּינקטלעך נישט וויסן היינט אויב ער האָט עס געטון מיט א כיוון צי האָט ער פשוט שלעכט פארשטאנען, צוליב די פאָלגנדיקע סיבות: בר-קמצא איז געווען קמצאס זון, און פון וואנען זאָל ער געוועזן אנען אז דער חילוק צווישן די שייכותן מיטן זון זאָלן זיין אזוי פרעמד און פיינטלעך לגבי יענע שייכותן צו זיין פאָטער?! שנית, איז בר-קמצא געווען א חשובער נגיד, זיך געציילט צווישן די גרויסע נגידים. א ראיה, אז ער האָט זיך געקאָנט דערלויבן אויסצוצאָלן די הוצאות פון דער גאנצער סעודה, צו וועלכער ער האָט אויפריכטיק געמיינט, אז הגם ער איז נישט קיין ידיד פון דעם בעל-הסעודה, האָט ער דאָך יאָ געמעגט טראכטן, אז יענער „איינער“ ביצט איצט אוים די געלעגנהייט, ווי עס איז געוויינטלעך צווישן דיפּלאָ-מאטן, פון דער דאָזיקער סעודה, כדי זיך מיט אים צו פאראייניגן און שלום מאכן ... דריטנס, איז בר-קמצא געווען, ווי מע זעט, א יוצא-ונכנס ביים קיסר ... הייסט עס, אז דעם משרת קאָן מען אין גאנצן נישט באשול-דיקן ביז מע וועט זיך נישט איבערצייגן אז ער האָט עס געטון בכיוון, נישט חלילה צו שטעלן בבושה בר-קמצאן, צו וואָס ער האָט נישט געהאט קיין שום סיבה דערצו. אויב שוין יאָ, אויב ער האָט יאָ געוואָלט אין עמעצן זיך נוקם זיין און אָנגעשטעלט א „שפּיצל“, איז האָט ער עס געטון קעגן זיין בעל-בית, וועלכן ער האָט געקענט פאר א ... (איך וויל נישט אָנרופן קיין שום עפּיטעט. זאָל יעדער לייענער משפטן ווי אזוי זיין געוויסן וועט אים דיקטירן, נאָכן איבערלייענען די דאָזיקע מעשה!).

הייסט עס, אז מיטן משרת האָבן מיר שוין כמעט גאָרנישט.

וואָס שייך בר-קמצאן, וואָלט מען אים געקאָנט באשולדיקן אין איין זאך, וואָס ער איז געגאנגען מסרן (און ווי באוואוסט, איז מסרן איינע פון די הארבסטע עבירות וואָס זענען אָנגענומען אין דער יידישער טרא-דיציע, ווייל פון מסירות האָבן יידן געליטן נישט ווייניק במשך דעם לאנגן גלותדיקן לעבן!), נישט בלויז „איינעם“, וועלכער האָט אים מבייש געווען ברבים, אין דער עפנטלעכקייט, נאָר ער האָט געמסרט אלע, אלע.

די שולדיקע ווי די אומשולדיקע. ער איז געגאַנגען זאָגן דעם קיסר, אָדער דעם שטעלפאַרטרעטער פונעם קיסר: די יידן האָבן מורד געווען... נו, אז מע לייגט אָבער אויף דער וואָגשאָל ביידע, אי „איינעם'' אי בר-קמצאן, זעט מען באשיימפערלעך אז די בושה בפרהסיה פון „איינעם'', וואָס ער האָט אָנגעטון פאַר בר-קמצאן, איז פיל הארבער. פאַר מבייש זיין א מיט-מענטש ברבים פארלירט מען חלק עולם הבא... אמת, א ייד דאַרף נישט לויפן תיכף מסרן. קודם דאַרף מען פרואוון בשלום דערלעדיקן סיי וועלכן סיכסוך. קודם רופט מען צון א דין-תורה און מע בעט שאָדן-דערזעץ...

ער האָט זיך אָבער געטראַכט אזוי: אויב די רבנים וועלכע זענען געווען אָנוועזנט, געכלעפּטשעט וויין פון די בעכערס, האָבן זיך באַלעקט פון די געשמאַקע מאכלים און האָבן נישט רעאגירט אויף אזא מין מיאוסער מעשה, קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט אָנגערופן און נישט געזאָגט קיין פּיפּס, כדי צו שטערן „איינעם'' פון אזא הארבער עבירה, קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט אויפגעהויבן צו פאַרלאָזן די סעודה, סאָלידאַרי-זירנדיק זיך מיטן פאַרשעמטן, אפילו ווען יענער זאָל געווען זיין דער ארגסטער צווישן די ארגסטע, אויב זיי האָבן זיך פירגעזעצט געמיטלעך זייער סעודה — איז דאָך א באַוויז, אז „די יידן האָבן מורד געווען'' אין גאָטס תורה, און אויב זיי האָבן געהאַלטן אזוי ווינציק פון דער תורה, פונעם הימלישן קיסר, איז וואָס האָט זיי געשטערט נישט מורד צו זיין אין ערדישן קיסר?!... צו אזעלכע רבנים זאָל ער גיין האַלטן א דין-תורה?!

קומט דאָך אויס, סוף-כל-סוף, אז אויב אין „איינעם'' האָט זיך שוין יאָ אָנגעצונדן די רציחה, ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן חשבון וואָס ער טוט, בעת ער האָט מבייש געווען אין דער עפנטלעכקייט א מיטמענטש, אויך ווען ער האָט אים געהאַלטן פאַר א שונא — האָבן די רבנים, וועלכע האָבן זיך דערמאָלט צוגעקוקט צום גאַנצן סקאַנדאַל און געזען דאָס אומ-רעכט וואָס ווערט אָפּגעטון — האָבן דאָך זיי געדאַרפט אינטערווענירן: אָדער איינשטילן יענעם „איינעם'', אז ער זאָל נישט ארויסטרייבן בר-קמצאן, אָדער פּשוט זיך אויפהייבן און פאַרלאָזן די סעודה, צוזאַמען מיטן פאַרשעמטן און ארויסגעטריבענעם, זיי האָבן פאַרגעסן אין זייער

איינעם פרינציפ: בעסער זאָל מען זיין צווישן די פארשעמטע ווי צווישן יענע וועלכע פארשעמען?! ...

קומט דאָך אויס, אז שולדיק איז „איינער" — און נאָך מערער זענען שולדיק די רבנים ... מיין אורעלטער-עלטער זיידע בר-קמצא איז נישט מער ווי א קרבן אין דער גאנצער מעשה. ניין, צוליב אים איז די הייליקע שטאָט ירושלים נישט חרוב געוואָרן. זיין זינד איז געווען פיל קלענער, אז מע געפינט אים א זכות צוליב דער בושה וואָס מע האָט אים אָנגעטון, און דעריבער איז דאָס געווען פארשטענדלעך. אים קאָן מען מוחל זיין, אויב ער האָט געהאנדלט אונטערן אימפולס פון דער בושה וואָס ער האָט געליטן, אין א מאָמענט ווען ער האָט געמיינט אז מע האָט אים פארבעטן כדי מיט אים שלום צו מאכן, נישט כדי פון אים חוזק צו מאכן, אז לייטן זאָלן שפעטן פון אים ... ער האָט דאָך טאקע אזוי געמיינט, אז מע האָט אים ספעציעל אהין פארבעטן, כדי מע זאָל אים ארויסשטעלן אויף חוזק, אז אפילו די רבנים זענען דערמיט אויך מסכים געווען ...

... איז פאר וואָס זאָל מיר זיין א בושה זיך אָנזאָגן ייחוסשאפט מיט קמצא און בר-קמצא?!

צו וואָס איז עס איצט צו רייד געקומען? יאָ, דאָס איז מיר געקומען אויפן זינען, ווען איך האָב געזען ווי די רבנים פון מאה-שערים „לויפן" זיך באקלאָגן ביי די אראבער, צי אפילו ביי די פאראייניקטע נאציעס, זוכן דאָרט „יושר" קעגן די ציוניסטישע אפיקורסים, וועלכע האָבן געזאגט נישט ווארטן מיט אלעמען אויף משיחן ...

זאָלן מיר מוחל זיין די רבנים, וועלכע האָבן אונדז אזוי געלערנט אין חדר, כדי ריינצווואשן זייער אייגענע שולד, האָבן זיי גאָר ארויפגעלייגט די שולד אויף מיין עלטער-עלטער זיידע, וועלכער איז נישט געווען שולדיק, אדרבה. ער איז אָפגעקומען זיין זינד (אויב דאָס איז שוין יאָ געווען א זינד!), מיטן מזכיר זיין אים יעדעם יאָר, אין דער וואָך פון

תשעה-באָב, בעת מע האָט פארשוויגן דעם נאָמען פון „איינעם“, וועלכער האָט אים מבייש געווען...

בעת איך שפּאציר היינט אין די גאסן פון ירושלים, פיל איך נישט קיין זינד פון מיין עלטער-עלטער-זיידע בר-קמצא. איך פיל מער די שולד פון יענע פירגייער פון די מאה-שערימניקעס, וועלכע שווייגן ווען מע דאַרף רעדן, און זיי שרייען ווען מע דאַרף שווייגן...

# הערט: א קינדער־מעשהלע

## וועלט-גלייכוואָג

אמאָל, אמאָל, אין גאָר ווייטן אמאָל, נאָך אין דער צייט פון בראַ־שית, זיצנדיק אויף זיין כסא-הכבוד, האָט גאָט ברוך-הוא זיך צעטראַכט און געקומען צו דער מסקנא: נישט גוט צו זיין אליין, עלנט אליין. האָט ער באשאפן דעם מענטש כדי צו האָבן ווער סע זאָל אים ליבן, זינגען שירות ותשבחות. בקיצור, מיט וועמען זיך צו פארווײַלן.

גאָט ברוך-הוא האָט שוין ביים אָנהייב געפּרוווט באשאפן די בריאה און אויך דעם מענטש שלימותדיק, עקיליברירט. כדי דער מענטש זאָל קאָנען האָבן א קיום אויף דער תמיד באוועגנדיקער ערד, האָט ער אים באשאָנקען מיט א וואָס סטאבילירער גלייכוואָג. צו שטיין פעסט ווערטי־קאל, האָט ער אים געגעבן צוויי פיס. צו באדינען זיך און אויך זיינע מיטמענטשן, האָט ער אים געגעבן צוויי הענט. צו זען און הערן (אויב נישט אלץ, איז זאָל זיין כאָטש דאָס וואָס געשעט נאָענט ארום אים פוןביידע זייטן, אויף רעכטס און אויף לינקס, וואָס ער וויל און צו מאָל אויך וואָס ער וויל נישט!) האָט ער אים געגעבן צוויי אויגן און צוויי אויערן. צו שמעקן, וואָס עס איז אָנגענעם און אויך וואָס עס איז בכלל נישט אָנגענעם, האָט ער אים געשאָנקען א נאָז מיט צוויי נאָזלעכער, בפרט אויף עטעמען פרישע לופט, וואָס איז אזוי וויכטיק פאר זיין עקסיסטענץ, פיל מערער ווי אפילו עסן צי טרינקען.

דאכט זיך, אז אלץ וואָלט געקאָנט זייך גוט און ווויל, אזוי ווי אין חומשל בראשית שטייט געשריבן: „און גאָט האָט געזען אז עס איז גוט"...

האָט אָבער דער מענטש בלויז איין מויל צום רעדן און צו מאָל אויך עפּעס צו זאָגן. איז מיטן זעלביקן איינציקן מענטשישן מויל בענטשט

ער און אָפּט מאָל שעלט ער. איז מיטן זעלביקן איינציקן מויל אַ מליץ־יושר, רעדט גוטס און אָפּט מאָל אויך לשון־הרע. רעדט צניעותדיק און צו מאָל ניבול־פּה. שרייט עזותדיק ווען מע דאַרף גאָר בעטן רחמים, שווייגט דווקא ווען מע דאַרף רעדן, אפילו שרייען. צו מאָל טרייסט ער און אָפּט מאָל מסרט ער. זעלטן זאָגט ער דעם אמת און אָפּט מאָל זאָגט ער שקרים. צו מאָל זינגט ער פרייליכע ניגונים און אָפּט מאָל וויינט ער אויס זיין טרויעריק געמיט.

שטעלט זיך אַ שאלה: קאָן איין מענטש דאָס אַלץ אָפּטון מיטן איינציקן מויל?!

האָבן זיך דעריבער צעטיילט די מענטשן אין גוטע און שלעכטע, אין צדיקים און רשעים. די צדיקים זענען אונטער דער הערשאַפט פון גאָט ברוך־הוא און די רשעים אונטער דער הערשאַפט פונעם שטן. האָט אַ טייל זיך גענומען אָפּטון רישעות, גערעדט און געפּלאַפּלט אונטערן שלעכטן אימפּולס פונעם יצר־הרעדיקן טייוול, אַל דאָס בייזס, אַל דאָס רישעותדיקס, קענען כביכול גופא און אויך קענען אייגענעם מיטמענטש — און איין טייל האָט גענומען אויף זיך, מסתמא אונטערן אימפּולס פונעם געטלעכן יצר־טוב, צו רעדן בלויז גוטס און שיינס וועגן באַשאַפער און זיין יצירה...

האָט זיך שוין ווידער געשאַפן אַ גאָר קליינער פּרווו צו עקיליברירן די גלייכוואָג פון דער בריאה. אויב שוין נישט אין רעם פון יעדן יחיד, אין דעם מיקראָקאָסמאָס, אין דעם „איך“ פונעם איינצלנעם מענטש — איז כאָטש אין רעם פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די מענטשלעכע געזעלשאַפט?!... אוי, ווי אַזוי וואָלט מען זיך געקאָנט אפילו פירשטעלן, אז סע זאָל רוען שלום און גלייכוואָג, ווען די מענטשן זענען פונאַנדערגעטיילט אין גוטע און שלעכטע, צווישן גאָט און טייוול — בפרט ווען די שלעכטע מערן זיך, באַלד ווערן זיי דער רוב, די רשעים באַקומען די אייבערהערשאַפט איבער דער צדיקים־דיקער מינדערהייט?!

די מינדערהייטן זענען דאָך, ווי באַוווסט, געוויינטלעך די געליטענע און ממילא פון קרבנות ווערן קדושים, צדיקים.

האָט גאָט ברוך-הוא, אין יענער צייט פון „דור-הפלגה‘‘, אויפגע-טיילט די מענטשן אויף פאַרשידענע לשונות. אמת, דאָס דאָזיקע אויפ-טיילן האָט נאָך בולטער געמאַכט די אונטערשיידן צווישן פאָלק און פאָלק, צווישן אומה און אומה, אָבער דאָך האָט זיך געוואָלט דערוואַרטן, אַז לכל-הפּחות אינעווייניק אין זעלביקן פאָלק מיט דעם זעלביקן לשון זאָלן זיך די מענטשן בעסער סאָלדארישער איינפאַרשטיין. סע זאָל זיך שאַפן אַ מין אינערלעכער עקוויליבער און שלומדיקער קלימאַט, אָן גרויסע און קליינע מילחמות, אַ גלייכוואָג הגם אַ קלענערע אָבער דאָך אַ סטאַבילירע, אַ פעסטערע, וואָס זאָל פאַרזיכערן אַן עקוויליבער קודם אין יעדער אומה באַזונדער און דערנאָכדעם, מיט דער צייט, זאָל זיך שאַפן אַ מין איינפאַרשטייעניש אויך צווישן די אומות און לשונות און סע זאָל רוען שלום און גלייכוואָג אין דער גאַנצער מענטשלעכער גע-זעלשאַפט ...

האָבן זיך אָבער די אומות אָנגעהויבן לאַנגווײלן און זיך געמאַכט געצן, זאָלן האָבן יעדע אין זייער אייגענעם לשון וועמען צו לויבן, מיט וועמען זיך צו פאַרווײלן ... האָבן זיי זיך נישט געלאָזט „פירן ביי דער נאָז‘‘ און האָבן זיך אַליין, אפשר גאָר אויך מיטן טייוולס הילף, אויפגע-טיילט אין פאַרשידענע געצנדינערישע נאַציאָנאַלע און צווישן-נאַציאָ-ציאָנאַלע רעליגיעס, דערנאָכדעם האָבן זיך אויך די רעליגיעס אויפ-געטיילט אין פאַרשידענע סובּרעליגיעס, די סובּרעליגיעס אין סעקטעס, די סעקטעס אין ... רעפאָרמירטע, די רעפאָרמירטע אין מאָדערנע, די מאָדערנע אין ... ניין, קודם האָבן זיי זיך אויפגעטיילט אין פּראַקטי-קאַנטן און ווינציקער-פּראַקטיקאַנטן. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך אויפ-געטיילט אין פרייע, דערנאָך אין באַוווסטזיניקע, אין געצנלאָזע, אין אָפענע אפּיקורסים און האָבן זיך געוואָלט אָנרופן „סתם-מענטשן‘‘, ווען קיין מענטשן זענען כמעט שוין נישט געווען. קוים זענען אין גייעם תוהו-ובוהו געבליבן שפּורן פון מענטשלעכקייט ...

אינעם געצנדינערישן תוהו-ובוהו פון פונאנדערטייל צווישן חשבות און סתם פינצטערניש, האָבן זיך אויסגעקלאָרט אחוץ די פּאַגאָדעס, דריי מאָנאָטעיסטישע אמונות: אָנהענגער פון תורת-משה, פון דער עוואַנגעליע און פון קאָראַן.

די עוואַנגעליקער האָבן זיך צעשפּרייט און צעטיילט און געמערט און געמערט אין הונדערטער מיליאָנען און אָנשטאָט זיך האַלטן ביי זייער יויזל האָבן זיי איבערגעשאַרפט דעם קרייץ אין א האק און געקוילעט אויף רעכטס און לינקס, בפרט די בני-תורה, וועלכע האָבן זיי געשאָנקען נישט בלויז זייער „גאָט“, נאָר אויך דעם תהילים, אז זיי זאָלן האָבן וואָס צו פּרייפלען זונטיק אין קלויסטער ... אמת, מע האָט דעם תהילים איבערזעצט אויף זייערע לשונות, אָבער דאָך זענען איבערגעבליבן צייכנס, עטלעכע ווערטער אין אָריגינאַל, אומאיבערזעצט, ווי „הושענא“ צי „הללויה“ און „אָמן“, וואָס איז אריין אין זייער געץ-דינסט אין אָרי-גינאַל ...

די בני-קאָראַן האָבן זיך אויך אויפגעטיילט אין פאַרשידענע קאָ-ראַנישע סעקטעס, סובסעקטעס און זיך געמערט, געמערט אין די הונ-דערטער מיליאָנען, אָבער בעתן לייענען דעם הייליקן קאָראַן האָבן זיי איבערגעמאַכט זייער האַלבע לבנה אין א שאַרפער שווערד, אין דער פאָרעם פון א סערפּ, און געהאַקט קעפּ וועלכע בוקן זיך נישט צו זייער נביא ...

די בני-תורה, די עלטסטע מאָנאָטעיסטישע רעליגיע, אָבער די קלענסטע אין דער צאָל, בכן תמיד אין דער מינדערהייט, האָט זיך אויפ-געטיילט אין שבטים, אין כוהנים, לוויים און ישראלים; דערנאָכדעם אין אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמירטע, אין חסידים און מיתנגדים, אין „שטיבלעך“, אין אשכנזים און ספרדים, אין נאַציאָנאַלע און צווישן-נאַציאָנאַלע, אין שטרענג-רעליגיעזע און אין אולטרא-שטרענגרעליגי-עזע. בקיצור, מע האָט זיך צעטיילט און צעטיילט — אָבער נישט גע-מערט. מע האָט זיי געקוילעט און דערצו נישט דערלאָזט ...

אדרבה, מע האָט זיי נישט געוואָלט מוחל זיין, וואָס אזא קליין הייפל פון קוים העכער צען מיליאָן, צעשפּרייט איבער כמעט אַלע לענדער

פון דער וועלט, גיט זיך נישט אונטער דער אינקוויזיציע, די קרייץ-צוגן, די פאָגראָמען, די דעפּאָרטאציעס, די קרעמאַטאָריעס, די טעראָריסטישע רציחות — און ווי להכעיס קלאַמערן זיי זיך מיט עקשנות צו יענעם נביאישן הזיון פון אַן עקוויליברירטער האַרמאָנישער צייט, ווען מע וועט די שווערדן איבערמאַכן אין אַקעראייזנס — אָבער ביז דעמאָלט זיך אויך אָנגעגורט די לענדן מיט כלי-זיין, זיך נישט צו לאָזן מער הפקר-דיק קוילען ...

אין צווישן האָבן זיך די „מענטשן" אָנגעהויבן „באַוועגן": אין שיכטן, אין קלאַסן, אין ריכטונגען, אין שטרעמונגען, אין רעכטע, אין לינקע, אין צענטריסטן — האָבן זיך אויפן וועג, אויף אַ שמאָל שטעגל, באַגעגנט די לינקע צענטריסטן מיט די רעכטע צענטריסטן, ביז מע האָט שוין בכלל נישט געוווּסט ווער עס איז וואָס ...

אַזוי איז מען שוין ווידער דערגאַנגען צום אוראַלטן פאַרבראשית-דיקן תוהו-ובוהודיקן געצנדינכט, ווען איינער קוילעט דעם צווייטן, ווי קיין הבלען ...

איז פאַר יעדן שכל-הישרדיקן מענטש געוואָרן „קלאָר ווי די נאַכט", אַז אויף איינצושטעלן אַ גלייכוואָג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אָנהייבנדיק צווישן מענטש און מענטש, דאַרף קומען אַ משיח, וואָס זאָל פאַרזיכערן אַזאַ שלום-דיקע האַרמאָניע, אַז דער וואָלף זאָל פּאַשען ... ניין, די שאָף זאָל קאָנען פּאַשען לעם וואָלף און ער זאָל זי נישט פאַרצוקן ...

קאָן מען דאָס דערוואַרטן אין צייטן פון רישעותדיקן געצנדינערישן תוהו-ובוהו?

ווען מע וואָגלט אין תוהו-ובוהודיקן רישעות איז וווּהין קאָן מען אָנקומען?! ...

צי וועט חלילה דער מענטש נאָך דערגיין צון אַ רישעותדיקן רשעימדיקן בלוטיקן געצנדינערישן מאַנאָטעיזם אונטער דער הערשאַפט פונעם יצר-הרעדיקן שטן?! ...

אוי, ווי אזוי זשע בלייבט עס מיטן יצר-טובדיקן גאָט ברוך-הוא?! ...

יאָ, מע דאַרף איינשטעלן אַ גלייכוואָג צווישן גאָט און שטן, צווישן וואָלף און שאָף, צווישן מענטש און אוממענטש, צווישן גוט און שלעכט, צווישן שיין און מיאוס, צווישן אמת און שקר, צווישן ... לכל-הפּחות צווישן מענטש און מענטש ...

אוי! ...

# מיין יידישער נאָמען

זאבֿ: „זכר צדיק לברכה
ושם רשעים ירקב" (משלי, י־ז)*

אין יידישע חרובע שואה־וועלטן
טראָגן מאמעס שנירלעך „שווייגן";
קוים באָבעס קלאָגן יידיש וויג־לידער
מיט ווינציק ראָזשינקעס און פייגן.

דעם ברווינעם חורבן פון נעכטן
מיין גורל איז צו פאראייביקן;
א מליץ זיין אויף פארן אומגערעכטן
מוטיקן אויף דעם אומגלייביקן.

אונטערן פלאטער פון רויט־געל־בלאָ,
מיין רומעניש־לאנדס שטאָלצער פאָן,
ווען טינטלערס כמעט שוין נישטאָ,
אליין געשטעלט כ'האָב זיך אויבנאָן.

* א מינהג איז צו זאָגן סוף דער שמונה־עשרה א פסוק צוגעפאסט צום נאָמען, כדי אים צו פארגעדענקען פארן בית־דין של־מעלה. יענע וואָס טראָגן דעם נאָמען „זאב־וואָלף" זאָגן: „די דערמאָנונג פון צדיק איז א בענטשונג און דער נאָמען פון די רשעים ווערט פארפוילט" (לויט תרגום יהואש).

ס'איז אָבער ווייטיק און פאַרדראָסיק,
וואָס יידיש דערגייט דאָ צום סוף־פסוק;
אויך א „תיקון־טעות“ ווען מ'זאָל וועלן,
כמעט נישטאָ שוין וואו אים צו שטעלן.

אויב עמעצער וויל, מעג ער וויסן:
מיין חלום־וויין געווען איז דער רויטער;
ריין איז אָבער מיין מענטש־געוויסן
און מיין יידיש־געפיל איז לויטער.

מיט אלע מיינע ווערטער־כוחות
איך האלט זיך ביים יידישן שורש;
מיט יעדער שורה, מיט יעדן אות,
ביי מיין פאָלק בלייב איך א יורש.

איז קלאמער איך זיך מיט עקשנות
אין אייביקן יידישן שטאם־דור;
כדי אומבאפלעקט בלייבן זאָל
מיין נאָמען: זאב־וואלף טאמבור ...

# אינהאלט

# פונעם זעלביקן מחבר

## זעגען דערשינען

**ביי דער טיר** (דערציילונגען), טשערנאָוויץ 1937.
**מיין היים** (דערציילונגען), סיגעט 1940.
**פרילינג אָן זון** (ראָמאַן), אראד 1947.
**משה** (א מעשה ווי אין חומש), אראד 1948.

**מאראמאָרעשאנער** (דערציילונגען), בוקארעשט 1975.
**לעבעדיקע מתים** (ראָמאַן), בוקארעשט 1976.
**יידיש-פרעסע אין רומעניע** (מאָנאָגראפיע) בוק', 1977.
**קרעלן פון טוי** (דערציילונגען), בוקארעשט, 1978.
**הארבסט מיט זון** (דערציילונגען), בוקארעשט 1980.
פרעמירט פון: — אלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנגרעס, ניו-יאָרק;
— יידישן קולטור-פארבאנד „איקוף“, ניו-יאָרק;
— רומענישן שרייבער-פארבאנד, בוקארעשט.

**שיר המעלות** טרעפנגעזאנג, (ראָמאַן), בוקארעשט 1982.

## גרייט צום דרוק:

**אין שפיגל פון מיין שאָטן**

**אלט-נייע מעשיות**

VOLF TAMBURU

# ASCULTAŢI O POVESTE

(Zile sighetene şi alte povestiri)

în limba idiş



EDITURA KRITERION,
BUCUREŞTI, 1985